משה רובינשטיין

# מעקסיקאנער טעמעס

## דערציילונגען, סקיצן און רעפּאָרטאַזשן



פאַרלאַג „אונזער לעבן“ מעקסיקע.

# פארווארט:

דער מחבר פון דעם בוך וויל נישט זיין אריגינעל. עס וועט אָבער מן־הסתם, זיין אריגינעל אָט דער דאָזיקער פאָרוואָרט, וועלכן ער שרייבט אָן מיט די אויפריכטיקסטע, מיט די פּשוטע אויסדרוקן.

* *
*

עס איז דער פינסטערסטער יאָר אין דער מענטשלעכער געשיכטע, אין דער געשיכטע פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע. ווי תהומיק "שוואַרץ עס איז די איצטיקע צייט אין דער יידישער געשיכטע — געפינט נישט דער מחבר קיין קורצן אויסדרוק צו באַצייכענען. עס דאַרפן קומען גרויסע גייסטער און אַרויסברייננגען דאָס ריכטיקע וואָרט אין עפּאָכע־מאַכנדע ווערק. קיין שמץ פון דעם קען די בלוט־און טינט־אָרימע פעדער פון מחבר נישט אַרויסברייננגען.

* *
*

מיט דעם בוך פּרעטענדירט נישט דער מחבר אויף קיין טיטול שריפטשטעלער, שיינשרייבער, דיכטער און קיין אַנדער באַצייכענונג, וואָס עס איז דאָ פאַר די וואָס שרייבן ביכער. ער וויל זיך נישט דורך דעם בוך אַריינרייסן אין הויכן טעמפּל פון דער ליטעראַטור. עס קען זיין, אַז אין בוך איז גאָרנישטאָ אַזוינס, וואָס קען מיטן נאָמען ליטעראַטור באַצייכנט ווערן.

עס איז נישט מער ווי אַ זאַמלונג פון קורצע דערציילונגען,

רעפּאָרטאַזשן, סאַטירישע סקיצן אויפגעכאַפּט פונם לעבן אין מעקסיקע. פונם יידישן לעבן אין דעם לאַנד, וואָס איז איצט פּונקט 20 יאָר אַלט, און פון דעם אַלגעמיינעם לעבן אין מעקסיקע. וואָלט דער מחבר געהאַט מער טאַלאַנט, ווי ער האָט — וואָלטן מסתמא די קליינע זאַכן פונם בוך געווען בעסער אַרויסגעבראַכט. אַזוי מוז דער מחבר זיך באַנוגענען הנאה צו האָבן פון זיין ווערק ווי דאָס א י ז אָנגעשריבן — און די לעזער וועלן בעל־כרחכם אויך אַזוי מוזן טון.

* *
*

ערגיץ־ווו האָט דער מחבר געלייענט א גוטן וויץ, אַז עס זענען פאַראַן ביכער אָן דרוק־פעלערן, נאָר זייער איינציקער פעלער איז, וואָס זיי זענען געדרוקט געוואָרן... מעגלעך, אַז וועגן דעם בוך וועט עס נישט איין לייטישער קריטיקער אויך זאָגן. ער וועט אָבער זיין נישט אינגאַנצן גערעכט, דער קריטיקער, מחמת דער מחבר איז נאָך מער ווי זיכער, אַז דער בוך וועט האָבן דרוק־פעלערן אויך.

אויב אָבער דער לייענער וועט דורך די געדרוקטע זאַכן אויף די ווייטערדיקע זייטן דערזען כאָטש עפּעס־וואָס פון דעם יידיש־מעקסיקאַנישן און פון מעקסיקאַנישן לעבן — וועט שוין דער ווונטש פון מחבר זיין דערפילט, און ער וועט נאָך אפשר, אין אַ צייט אַרום, זיך פעדערן און אַרויסגעבן אַ צווייטן בוך; אפשר נאָך אַ בעסערן אויך.

* *
*

אַ גוט וואָרט פון לעזער, צי פון אַ קריטיקער — וועט אוואַדי דעם מחבר שמייכלען. אַ שלעכט וואָרט, אָן אַראָפּרייסנדיקע קריטיק — וועט אים נישט אָנהויבן צו קימערן, מחמת, ער האָט זיך פריער אַליין שאַרף אויסגעקריטיקירט, אַזוי, אַז קיינער קען שוין דאָס שאַרפער נישט מאַכן.

דאָס איז דער מאָדנער, אייגנאַרטיקער, דוכט זיך, פאָרוואָרט — וועלכן דער מחבר האָט צו זאָגן צו אַלע די, וואָס וועלן אים אָנטון דעם כבוד און לייענען דאָס בוך.

* *
*

דעם מחבר דוכט זיך, אַז נאָכדעם ווי ער האָט זיך דאָ ארויס־געלייגט מיט אַזאַ טיפער אָפנהערציקייט, אַז ער וויל נישט שפּאַלטן קיין הימלען, (אין דער ליטעראַטור), וועלן אים נישט באַפאַלן קיין דונערן און בליצן פון די ליטעראַרישע אָלימפּן. און אויב יאָ — מאַכט ער שוין אַ ברכה.

אינמיטן זומער פון 1940.

אין מעקסיקע.

**מ. ר.**

# צו מעקסיקע —

מעקסיקע — איך האָב דיך דערקענט ביינאַכט, איך האָב אַ בלויער הימל־נאַכט געשטעלט מיין פוס אויף דיין באָדן און דערזען די שטערן איבער מיין קאָפּ הייגען ווי מיטן האַנט צו דערלאַנגען.

נאַכט כאַראַקטעריזירט דיך, אויפגייענדיק לאַנד — דיין נאַכט. עס ליכטיקט דער הימל מיט פינסטערער העלקייט, רואיקייט וויייעט פון דיינע שלאָפנדיקע בערג, וואָס רינגלען אַרום דיין גבול, ווי זיי וואָלטן איינגעדרימלט דיך היטנדיק.

מעקסיקע — איך גיי איבער דיינע גאַסן, וווּ עס האָבן נישט געטראָטן מיינע אבות, — איך וויל זייערע טריט שטעלן אויף דיין באָדן, נאָר עס נעמט זיך נישט אָן. איך דריי זיך אַרום אין אַ שטאָט וואָס איך אָטעם איז מיר פרעמד: נישט אויף דער ערד בין איך געבוירן, אפילו אין חלום האָב איך דיך נישט געזען — און דאָך ביסטו מיר שוין געוואָרן אייגן און נאָענט...

איך האָב מיין געסל פאַרלאָזן נישט ווייסנדיק, אַז איך גיי זי אויסבייטן אויף דיין ברייטער אַלייע. איך האָב מיין שטאָט פאַרלוירן און וויל זי דאָ כאָטש אין דמיון געפינען. מיין לאַנד איז מיינס נישט געווען קיינמאָל און איז עס איצט נישט נאָכמער. איך טראָג אין זיך דעם ריח פון מיין אויסגעוואָרצלטער סביבה און ברענג אים אין די דלד אמות, וווּ עס טראָגט זיך מיין געביין.

מעקסיקע — דיין שאַרפע לופט שטשימעט צעניף מיינע לונגען. איך אָטעם איין די ריחות פון דיינע האַלב טראָפּישע ווינטן; איך שפּאַציר ביינאַכט אויף דיינע אויסגעהוילטע גאַסן און רעד צו דיר ווי דו וואָלסט מיר ענטפערן געקאָנט:

— רעטעניש, אומפאַרשטענדלעכע וואָס דו ביסט, זאָג מיר — ווו בין איך דאָ? וואָס טו איך אין דיין חלל? ווער ביסטו? האָ?!

איך דריי זיך ארום אויף דיין ערד צווישן מענטשלעכע סילועטן, שווארצלעכע און פארפינסטערטע. וואָס פלעמלט עס פאר א טרויער אין זייערע אויגן? פאַרוואָס פאַרבאַהאַלטן זיי אים אונטער קוים באַמערקאבערער פרייד? איך הער מעקסיקע זינגען פריילעך, יאָגנדיק דעם אומעט פון זיך, ווי עס יאָגן זיך די זאמדן פון ווינטיקן בלאָזן דורך אוראַלטע וועלדער און וויסטע סטעפּעס אין איך. איך זע מעקסיקע שלאָפנדיק אויפן ברוק, צוגעדעקט מיט פאפיר — איך זע זי אָ פּ ג ע ד ע ק ט.

* *
*

פון טויזנטער מיילן ציט מיין וועג אהער; בלויז צו זען דיינע קאַפּויערנדיקע וואונדער, דיינע אומרגילותן — וואָלט כדאי געווען דעם מהלך דורכצומאכן. ארכעאלאָגישע זקנה קוקט פון טויזנטער ווינקלען מיט שפּאָטישן בליק אויף מאָדערניסטישער ארכיטעקטור. עס קליידט זיך די אלטקייט צו דיין איינגעהאלטענעם לעבנס־ריטם, צו דעם פלעגמאטישן באוועגן זיך פון די שטומע באשעפענישן, צו דער אפּאַטיע פון די רעדנדיקע בעלי־חי.

מעקסיקע — פאַרוואָס ביסטו אזוי רייך און אזוי אָרים? פארוואָס וויקלסטו זיך אין שמאטעס ביינאכט ווען די לופט זאַפּט זיך אָן מיט ימיקער קעלט, וואָס יאָגט אויף דיר פון פּאַליוס ווייטע אָקעאַנען — און פאַרוואָס ביסטו אזוי אַ נ ט ב ל ו י ז ט אין די ווארימע טעג, ווען די גאלדענע זון באשיט דיך מיט אירע גלעטנדע שטראלן?

— וואָס פאר א בלוט פליסט עס אין די אָדערן פון דיין „אָרגאניזם“, וואָס בריט און שפּריצט מיט פייער איבער זערא — און וואָס פּראַרט איין ווי וואַסער אונטער אָט דער קייקעלע? וואָס פאר א גלאַנץ פארמאָגן דיינע שווארצע אויגן? וואָס פאר אַ פייערלעך גליען עס אין זיי? ווי שווארץ־ערד איז דיין קאָפּ מיט טונקל־גלאַנציקע האָר באדעקט. און ברייט איז דיין הארץ, אנגעפילט מיט גוטס ביז רוגזה, מיט רחמנות און ביטערער נקמה, מיט לוסט צום לעבן און גלוט איבערצורייסן אַ לעבן דורך קאלטבלוטיקן טויט?

זאָג מעקסיקע — ווו איז דיין אייגנאַרטיקייט? אין דער אָפּגע־לאָזנקייט? אין דער הפקרות און אין דער זאָרגלאָזיקייט? אין דעם אייביקן פאַרשיקערן זיך — צי אין דער אומניכטערקייט? וואָס איז דיין אייגנטימלעכקייט? איך וויל דיר קענען און וויל דיך לערנען — ביסט דאָך מיין פריייוויליק אויסגעקליבענע היים. גיב מיר דאָס גוטע פון דיינע רגילותן, לאָז מיר עס אַנבינדן צום דראַנג מיינעם זיך אי־בערצוגיסן — אפשר וועל איך גאַנצער ווערן?

— דיין נשמה איז ברייט, דיין שפּראַך בלומענדיק און דיין באַ־נעמונג היפּער־העפלעך: זיגזאַגיק איז דיין גאַנג, אָן אויסרעכענונג דיין צוזאָג: דער מ א ר ג ן ארט דיר נישט און דו רעדסט וועגן אים היינט, ווי וועגן א זאַך פון דער ווייט־ווייטער צוקונפט. דיין לעבן איז פריי, צעלאָזן און דיין מאָראַל נישט געצוימט — צו וועמען דינסטו און ווו פירן דיר דיינע אינסטינקטן? ווו איז ביי דיר דער קץ, וואָס טאָרסטו נישט, ווו איז ביי דיר „גענוג“?

מעקסיקע — אין די באַרג־קנייטשן וואָס דריקן דיינע פּאַרלאָזטע ענדלאָזע סטעפּעס טליעט פאַרבאַרגענער אומרו; עס וואַשן דיינע ערד ברעגן שטורמיש שוימיקע וואַסערן, עס באַקעלטן דיין הייסן מגושמ־דיקן גוף ימיקע שטורם־ווינטן; עס פאַרבלענדט דיר און פאַרברויינט דיר א העל־רויטע זון בייטאָג; עס באַלויכט דיר אַנצינדנדיק דיינע גלוסטן א געל פולע לבנה ביינאַכט.

— דיינע פעלדער שפּראָצן מיט אויל, דיין אונטערערד איז קו־פּערדיק באַזילבערט; דיין ערד רייסט אויף מיט זאַנפטע פּרוכטן, זי איז באַדראַטיקט מיט אַלקאָהאָל־קוסטן — — דו ביסט זיס און זויער — איך וויל דערפילן דיין טעם.

דו שפּילסט אויס דיין בענקשאַפט אויף גיטאַרע־סטרונעס, זינגסט בנעימותדיק, מיט האַרציקייט, מיט נשמה־צאַפּל; וואַקלסט זיך אין עקזאַלטאַציע ווי פון פייער אַרומגענומען; דו האָסט ליב ביז משוגעת — און דו האָסט מיט סמ׳יקן גאַל.

מעקסיקע — דו ביסט קיינמאָל נישט זאַט — און דו ווייסט נישט פון קיין הונגער! איך זע דיך מעקסיקע ליגן אויפן גאַס, ביי די שוועלן פון דיינע פּאַלאַצן, ווו עס פּוסטעווען הונדערטער צימערן: איך הער דיר וויינען שטיל, טיף סענטימענטאַל — און אַט שטעלסטו אַרויס

צוויי שורות ווייסע געזונטע ציין — און דו לאכסט הילכיק, גלעקלדיק.

— דו ביסט מעקסיקע געפאלן און געהויבן; דו קריכסט אויף הויכע בערג און ליגסט אין טיפע טאָלן: דו ביסט קאלט און ביסט װאַרים, ביסט שיין און פארמיאוסט, דו גלויבסט, דו געטרויסט, נארסט זיך אליין, רעדסט זיך איין, פאנטאזירסט און גרויסט זיך, רעדסט שטיל, דין און מיט די שרייעדיק גראבסטע פראזן.

— דו ביסט פול מיט קנאה און באנוגנסט זיך מיט גארנישט, ביסט מילד, ביסט ווילד, ביסט גוט און שלעכט, ביסט לאקריץ־העפּ־לעך און — אומאויפריכטיק פון אויבן ביז אראפּ ביסט רייך און ביסט רוי, ביסט האזה׳דיק און שעמעוודיק; דו גלעטסט און דו בייסט, ביסט שטיין־רייך און ביסט גאר אזוי מוראדיק אָרים —

— מעקסיקע — דו ביסט א ו י ס ט ע ר ל י ש ! ...

* *
*

מעקסיקע — איך האָב דיך דערקענט ביינאכט און אנדערהאלבן טויזנט מעטער־לעתן זענען זיינט דאן פארביי. עס האבן פאר דער צייט געשטורעמט קנאלנדיק דיינע הימלען, ס׳האט אין ציטערניש זיך גע־וואקלט דיין ערד — עס האבן קאנוולסיוו געריסן זיך צו הויכן די מענטשן — אבער איך זע דיר נאָך אלץ ווי דורך טונקל בלויע ברילן, פון יענעם טיף בלויען, סאמעטדיקן הימל — וואָס מאכט מיר אזוי ליב דיין — נ א כ ט !

# הערשער און מענטש

(געווידמעט דעם פאָלקסמענטש פּרעזידענט קאַרדענאַס).

ווער פון אונז אייראָפּעער געדענקט עס נישט מיט וואָס פאַר אַן אָרעאָל און סודות־פולקייט עס איז געווען ארומגערינגלט די פּערזאָן פון ראש פון דער מלוכה. מיט וויפל ליב און שרעק פלעגט מען רעדן וועגן קייסער און קייזער, מיט וויפל געהיימניש איז געווען איינגע־הילט זייער לעבן און דאָס לעבן פון הויף.

אין 1914 איז עס געווען, אַ פּאָר חדשים נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה. אין דער שטאָט ג. נאָנט צום מערב־פראָנט איז דורכ־געפאָרן דער צאַר, „יעוואָ אימפּעראַטאַרסקאיע וועליטשעסטוואָ“ ני־קאָלאַי דער צווייטער. שוין מיט עטלעכע טעג פאַרן אָנקומען פון ני־קאָלאַיקען איז די שטאָט געווען ווי אין באַלאַגערונגס צושטאַנד. און אין דעם טאָג גופא איז די שטאָט פאַרוואַנדלט געוואָרן ווי אין אַ פעס־טונג. סאָלדאַטן, זשאַנדאַרמען און קאָזאַקן האָבן אַרומגעצוימט די גאַסן, מענטשן האָבן מורא געהאַט אַרויסצושטעקן אַ פוס אויפן גאַס. יידן האָבן געחזרט דעם פּסוק: אשרי יושבי ביתך...

און ווען דער „וועליטשעסטוואָ“ איז דורכגעפאָרן, אין אַ פאַר־מאַכטער קאַרעטע, באַוואַכט פון פאָרנט און פון הינטן דורך הונדער־טער באַוואָפנטע שומרים איז אַ שרעק געהאַנגען אין דער לופטן. דאָס האָבן די טויזנטער קנעכט פונם קייסער אַליין אויף זיך אַרויפגעצויגן אַזאַ פּחד. וואָרום, ער דער קייסער, איז געזעסן פאַרשפּאַרט אין דער קאַרעטע און מער ווי אַ טייל פון בלויען קייסערלעכן מונדיר האָט זיך דורכן פענסטערל נישט אָנגעזען.

ווער ווייס, אפשר האָט ער דאָרטן אויך געציטערט ווי אַ בלאַט אין אלול...

מיט אַנדערהאַלבן יאָר שפּעטער, ווען די זעלבע שטאָט איז שוין

געלעגן אונטער דער דייטשער הערשאפט, איז זי באַזוכט געוואָרן דורכן מעכטיקן דייטשן קייזער דעם ראש פון דער האָהענצאָלערן־די־נאסטיע, ווילהעלם דער צווייטער.

דאָרט זענען עס געווען קאַזאַקן און זשאַנדאַרן, דאָ האָבן פאַר־פלייצט די גאַסן הוזאַרן און גרענאַדירן — און ווידעראַמאָל טויזנטער סאָלדאַטן ציטערנדיקע און שרעקפולע פאַרן מאַיעסטעט פון אַלמעכ־טיקן קייזער.

„גאָט און קייזער" — ווי זאָל אַ פּשוטער דייטשער מיכעל ניט פאַרציטערט ווערן אויפן אנבליק פון גאָט געזאַלבטן הערשער...

*        *
*

אַ שטורם־ווינט איז דורכגעגאַנגען — און נישטאָ קיין קייסער און קיין קייזער.

אייראָפּע האָט נייע הערשער. פּרעזידענטן רופן זיי זיך. דער־מאָנט זיך ווער, ווי אַזוי אַ באַזוך פון דעם ערשטן בירגער פון אַ „דע־מאָקראַטישער"* מלוכה זעט אויס. אויסער זעלנער און הוזאַרן, וואַכן נאָך פיל מונדירטע פּאָליציי לייט און נאָך מער נישט מונדירטע...

אין דער זעלבער שטאָט, שוין אונטער פּוילישער הערשאַפט, איז דורכגעפאָרן דער פּרעזידענט. האָט מען אַ נאַכט פריער פאַרבעטן אין אַ זיכערן אָרט אַ סך „נישט זיכערע עלעמענטן" — און אויף די גאַסן, וועלכע דער פּרעזידענט איז דורכגעפאָרן אין זיין אויטאָמאָביל — האָט מען פאַראָרדנט די הויז אייגנטימער אָפּצופאַרבן די הייזער אויף איין און דעם זעלבן טונקל גרויען קאָליר...

דאָס דורכפאָרן פון פּרעזידענט דורך די אַלע גאַסן האָט געדויערט אַ מינוט 10 — אָבער פיל וואָכן פריער האָט מען שוין געמאָלט די מויערן און עס האָבן אויסגעפּעלט מאָלער־פּאַכמענער, אַזוי, אַז מענ־טשען פון אַנדערע פאַכן האָבן זיך מיט דעם פאַרנומען.

זען אַ פּרעזידענט — קאָן מען אין אַ „דעמאָקראַטישער" מלוכה פון היינטיקער אייראָפּע — נאָר אויפן וואַנט. און אויף אַלע ווענט פון יעדער אינסטיטוציע און אמט הענגט ער — דער בילד פון פּרעזידענט.

* *
*

נו, און ווען די דיקטאטאָרן פון די היינטיקע „פרייע מלוכות“ — איז דאָך איבעריק צו רעדן. פארטרוילעכע קוועלן האָבן וועז דאַ איבערגעגעבן, אַז ווען מוסאָליני רעדט פאר א המון פון 50 טויזנט רוימישע בירגער, זענען 49 טויזנט פון זיי טרייע און גוט-באַצאָלטע מיטגלידער פון דער פאשיסטישער פארטיי.

און ווען היטלער פארט דורך די בערלינער גאסן טאָרן די בירגער פון נאצי־לאנד נישט ארויסקוקן דורך די פענסטער אויפן ליבן „פירער“, קיין בייז אויג זאָל אים נישט שאַדן. א דייטשע צייטשריפט אויף דער עמיגראציע האָט איבערגעגעבן אנומלט, אַז בעת א רייזע פון היטלערן איבערן לאנד פאָרן 10 אויטאָמאָבילן און אין וועלכן ער געפינט זיך ווייסן נאָר די סוויטע מענטשן. די וואָפן מיט וועלכע אַזאַ עקספעדיציע איז באַזאָרגט איז ווי מען וואָלט געפאָרן אויף א גרויסער שלאַכט.

* *
*

דאָס איז אונז אַלץ געקומען אויפן זינען — אנטקעגן אונזער איצטיקן פרעזידענט.

אויסטערליש זענען די נאטורן פון גרויסע מענטשן, נאָכמער רעטעניש איז עס מיט די פון די מענטשן, וואָס דער גורל שטעלט זיי אוועק אין שפּיץ פון א פאָלק, אָדער פון א לאַנד

פאראן צווישן זיי (ווי בכלל צווישן מענטשן) אַזוינע, וואָס זענען אין פלוג קליינע מענטשעלעך, נאָר די גרויסקייט מאַניע צעשרויפט זיי אַזוי דעם קאָפּ, אַז זיי מיינען טאַקע באמת, אַז זיי זענען גרויס און איבערמענטשלעך.

ווארום אנדערש, וואָלט דאָך דאָס פאָלק זיי נישט „אוועקגעשטעלט“ אויפן סאַמע שפּיץ.

דארף מען דאָך קענען זיין א גרויסער מענטש, כדי צו פארשטיין, אַז ווי הויך מען זאָל נישט ארויפקלעטערן, — איז מען דאָך נישט מער ווי א מענטש, מיט מענטשן גלייך.

נו, זאָל עמיצער זאָגן, אז א סך מענטשן וואָלטן געקאָנט טון דאָס, וואָס עס טוט דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, — ווען זיי זענען אויף זיין פּלאַץ, אין זיין לאַגע.

וווינען אין פּרעזידענטן פּאַלאַץ זאָגט ער זיך אָפּ און פאַרוואַנדלט דעם פּאַלאַץ אין א מוזיי. אָט איז דער שרייבער פון די שורות געווען אויף א באַזוך אין פּאַלאַץ, זייט ביי זייט מיט אַנדערע פּשוטע בירגער. אין באַזוכער בוך איז געבליבן אן אונטערשריפט מיט יידישע אותיות. פריי קומט אריין אין היסטאָרישן פּאַלאַץ יעדער מענטש. קומען פּויערים און באַאַמטע, שילער און אַלטע פרויען — ווער עס וויל און ווי ער וויל. ספּעציעלע מענטשן דערקלערן די באַדייטונג פון יעדעס שטיקל מעבל, פון די היסטאָרישע טעפּיכער, זאַלן, וווּ עס איז באַשטימט געוואָרן דער גורל פון פאָלק, ווו עס איז געצייכנט געוואָרן די לעבעדיקע, פיל מאָל בלוטיקע געשיכטע פון לאַנד.

אָט איז א צימער פון כינעזישן סטיל, געבראַכט פון כינע פון די דאַרטיקע הערשער, א מתנה פאַרן מעקסיקאַנישן לאַנגיאָריקן הערשער פּאָרפיריאָ דיאַז; און דאָ איז דאָס לעגענדאַרע שלאָפצימער פון מלכים און פּרעזידענטן. אָט איז דער פּראַכטפול איינגעאָרדנטער אויפנאַם־זאַל מיטן ריזיקן טעפּיך אויף וועלכן עס איז אויסגעהאַפטן דער זעלבער פּאַלאַץ און וואָס זיין ווערט איז אן אומגעהויערער — און אָט איז דער ביליאַרד־זאַל. די הויכגעשטעלטע לייט האָבן דאָ פאַרבראַכט זייער פרייע צייט אין שפּיל און פאַרווייַלונג. די ווענט דערציילן ווי מיט לעבעדיקן וואָרט די גרויסע געשיכטלעכע געשעענישן, פאַרקערפּערט אין די מייסטערהאַפטע מאַלערייען פון מעקסיקעס גרויסן פּענזל־קינסטלער דיעגאָ ריווערא — און וואַרפט מען א בליק פון דער טעראַסע אויף מעקסיקעס הויפּט שטאָט, וועלכע ליגט אין דער נידער פון פּאַלאַץ, דערזעט מען א כישוף בילד, וואָס נישט יעדער איז ביכולת זיך אויסצומאָלן אפילו אין דער פאַנטאַזיע.

— און דער פּרעזידענט איז אין פּאַלאַץ נישטאָ. ער באַשטייט צו וווינען אין אַ פּריוואַטער, טאָקע א פּרעזידענטישער, וווינונג — אָבער נישט דאָ, עפּעס ליגט אין דעם מער ווי א שטריך פון באַשיידנקייט.

און אָט דעמאָנסטרירט דאָס פאָלק. דער קאָנסטיטוציע־פּלאַץ איז פאַרפלייצט פון צענער טויזנטער מענטשן. קומען לערער, קומען

ארבעטער, קומען באַמטע — זוכן גערעכטיקייט און הילף אויפן סאָקאַלאָ, אויפן הויפּט־פּליאַץ פון שטאָט.

קומט אָן דער פּרעזידענט פון א זייטיקער גאַס. גייט ער אַראָפּ אין אדיוטאַנטס באַגלייטונג פון זיין אויטאָ, שטופּט זיך צווישן עולם, שלייכט זיך דורך צום פּאַלאַץ. נישט קיין מיליטער און נישט קיין פּאָליציי שלאָגט אים דורך א וועג. די מאַסע ווערט צומאָל נישט צע־טריבן — און אָט איז שוין דער פּרעזידענט אויפן באַלקאָן פון פּאַ־לאַץ, הערט אויס די טענות און די רעדעס און ענטפערט אויף זיי; רעדט האַרציק צו דער מאַסע אַראָפּ, פאַרזיכערט אַרויסצווייזן אינ־טערעס מיט זייער לאַגע, זאָגט צו, צו טון וואָס מען קאָן.

* *

*

ווען א הערשער ווערט קראַנק... וואָס עס טוט זיך אין הויף און אַרום אים איז באַקאַנט. מיט אים צוזאַמען קרענקט דאָס מלכות.

דער פּרעזידענט פון מעקסיקאָס רעפּובליק האָט באַקומען אַן אַטאַק אויף אַפּענדיציטיס. פאַרלאַנגט ער נישט אַנדערש, מען זאָל אים פירן אין אַן אַלגעמיינעם שפּיטאָל. ליגט דאָרט, ווו צענדליקער און הונדערטער פּשוטע קראַנקע פאָלקס־מענטשן — און ער ווערט גע־זונט אויך ווי א פּשוטער פאָלקס־מענטש, אַ טאָצן־פּויקערײ און טאַ־ראַראַם.

איר פאַרשטייט, דאָס זענען אַלץ נאַרמאַלע זאַכן לויט אונזער באַגריף, מער נישט. עס רופן אַרויס אַן איידעלן געפיל צו זיך אַזעלכע האַנדלונגען פון אַ ראָש פון א מלוכה אין היינטיקער צייט. דאָס זע־נען האַנדלונגען, שטריכן, וועלכע באַווייזן, אַז אויסער דעם, וואָס מען איז אַ פּרעזידענט, איז מע אויך א מענטש — א פאָלקס מענטש.

די סימפּאַטיע פון די ברייטע מאַסן פאַר אַזאַ פּרעזידענט איז נישט קיין געקינצלטע, אַרויפגעצוווּנגענע סימפּאַטיע פאַר די הער־שער. דאָס איז א פאַרערונג פון דער טיפעניש פון פאָלקס־נשמה צו אַן אויסדערוויילטן פירער, וואָס איז זייענדיק א פּרעזידענט — פאַר־בליבן אַ מענטש . . .

# בעסוס מאריא...

צום ערשטן מאָל האָב איך באזוכט אָט די גאַס, ערשט אויפן פערטן חודש ווי איך בין געווען אין מעקסיקע. עס האָט מיר עפּעס נישט געצויגן צו גיין אין דער געגנט פון „בעסוס־מאַריאַ“, ווו, איך האָב געהערט, עס איז געווען דער יידישער צענטער אין מעקסיקע אין אָנהויב פון דער עמיגראַציע, ווו עס וווינען נאָך איצט אַ סך יידן, און ווו עס איז אַפילו די קהלשע שול....

אין די אויערן פון אַ גרינעם, ווי איך בין דאַן געווען, האָט עס מיר געקלונגען משונהדיק אָט די מאָדנע קאָמבינאַציע פון „בעסוס מאַריאַ“ מיט אַ יידישן בעסמעדרעש, פון אַ גאַס אויפן נאָמען פון „יויזל“, וואָס יידן האָבן דווקא זיך אויסגעקליבן פאַר זייער געגנט אין דער ווייטער און פאַרוואָרפענער מעקסיקע.

מיין ערשטער שפּאַציר אויף בעסוס מאַריאַ איז געווען אַ פּריי־טיק פאַר נאַכט. קיין ערב־שבת איז דאָרטן נישט געווען צו באַמער־קען, ווי אין די יידישע גאַסן אין אונזערע היים־שטעט און קיין סך יידן האָבן איך דאָרט אויך נישט געזען. איך האָב אָבער דערפילט, אַז דער צופאַל מיט דער גאַס איז דער, וואָס זי איז געראָטן אין אַ יידישע גאַס. די הייזער זענען פון דרויסן זייט אָפּגעלאָזן, אָפּגע־שאָבענע ווענט, שוואַרצע פענסטער קוקן אַראָפּ און פון צעבראָכענע שטעקן אַרויס שמאַטעס, אויב זיי זענען מיט קיין ברעטער נישט פאַרקלאַפּט. און כאָטש אַ טייל פון דער גאַס האָט אַספאַלט אויף איר דעק — איז דאָרט פונדעסטוועגן זייער פיין אַנגעשמוציקט, און עס פילט זיך אַזאַ מין זים זויערער ריח, ווי אין די ענגע געסלעך אַרום שול־הויף אין דער אַלטער היים...

מעגלעך, האָב איך געטראַכט, אַז די ערשטע יידן, וואָס האָבן זיך שלעפּענדיק איבערן שטאָט דערפילט אויף דער גאַס עפּעס, וואָס איז ענלעך צו זייערע היימישע גאַסן, און זיי האָבן זיך אַהין

אריינגעצויגן, אין די אַלטע דירות, ווו זייער היימלאַזיקייט האָט דערוויַיל געפונען א ברעג.

אויף כעסוס־מאַריאַ האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס אָרימע יידי־שע לעבן אין מעקסיקע. דאָ און אין די אָרומיקע גאַסן, אויף סאָל־קעס און פאַרשטעקטע הייזלעך פון לאַנגע שפּאַנישע הויפן, ווו הילצערנע טרעפּ פירן אויף אַרומיקע גאַלעריעס צו די דירות — דאָרט האָבן יידישע באַלעבעסלעך און נאָר וואָס חתונה־געהאַטע בחורים, וועלכע האָבן די ווייבער געלאָזן דערוויַיל אויף יענער זייט ים, — זיך איינגעקוואַרטירט.

מען האָט דערשנאַפּט דעם וועג צו מאַכן פּרנסה, באַקומען אין א הורט־געשעפט א ביסל „סחורה“ אויף באָרג און געוואָרן א „קאָ־מערציאַנטע“. אינדערפרי האָט מען זיך מיט דער קראָם אויף זיך געלאָזט אין שטאָט אריין. ווער עס האָט געהאַט א באַשטימטן אָרט אויף אן עפנטלעכן פּליאַץ אָדער מאַרק, און ווער עס איז געגאַנגען איבער אַלע געגנטן זוכן א קונה. מען האָט איינער דעם צווייטן זעל־טען דערציילט דעם אמת, וואָס מען מאַכט און ווי עס גייט; ספּעצ־יעל האָט מען זיך אויסגעהיט צו פאַרראַטן די האַנדלס־סודות פון דער אייגענער בראַנזשע פאַר א חבר, כאָטש מען האָט געלעבט אין אַלגעמיין בשלום; אַנדערע האָבן זיך אפילו איינגעאָרדנט אין די פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסענע יידישע אכסניות, גרופּנווייז, און מען האָט זיך אַנגעהויבן מעקסיקאַניזירן אויף דערוויַיל.

געעסן האָט מען אין גאַרקיכן און יידישע רעסטאָראַנדלעך. די ווירציקע מעקסיקאַנער מאכלים האָבן נאָך גאָר נישט געשמעקט און די טייג־פּלעצלעך האָבן דאָס ברויט נישט געקאָנט פאַרבייטן. מען האָט אויך אָנגעהויבן צו מאַכן א פּעזע און געוואָלט טאַקע א גוט שטיקל אָפּגעבראָטן פלייש, א היימישע זויערע אוגערקע און אויף שבת א שטיקל פיש... און דאָס האָט מען אין די גאַרקיכן באַ־קומען. מען פלעגט זיך דערבייַ דערמאָנען אָן דער היים, אָן טאַטע־מאַמעס טיש, אָן דער יונגע ווייבל, וואָס וואַרט דאָרט אָפּ אַלע טאָג דעם פּאָסטטרעגער — און מען האָט טאַקע גלייך אויפן שטעל ביים עסן געבעטן ביי דער רעסטאָראַטאָרשע טינט און פּעדער און גע־שריבן א גוטן בריוול אַהיים.

טראדיציאָנעלע יידן האָבן אין זעלבן געגנט און טאַקע אויף דער גאס כעסוס־מאַריאַ זיך געדונגען אַ הויז פאַר אַ שול, וואָס דינט אויך פאר אַ קהלה־שטוב און וו זיי דינען דעם וואָס אין הימל. אין די זונטיקן אמטירען די גבאים דאָרט, היינט ווי אַמאָל אין די טאקסע־שטובן; נעמען אויף נצרכים, ערטיילן שטיצע און גיבן אויך מתן־בסתר, כדי נישט מביש צו זיין, ווי אונזערע טאטעס און זיידעס האָבן זיך געפירט, איידער מיר זענען נאָך אויף דער וועלט געקומען.

אין די ערשטע צייטן, ווען כמעט אלע זענען נאָך געווען נצרכים האָט די, „שול פון די פאַרשטויסענע" ווי מען האָט זי טרעפלעך אַ נאָמען געגעבן, געדינט פאר א צונויפקום־אָרט פאר זיי, וו מען האָט זיך ביים דאַווענען דורכגעשמועסט וועגן אַלץ, וואָס האָט געדריקט דאָס פארוואגלטע האַרץ. די פרייערע יידן האָבן געגרינדעט אַ קלוב אין אן אריסטאקראטישן פּאַלאַץ, אָבער קיין היימישע יידישקייט האָט כעסוס מאַריאַ דאָרט נישט געפונען. בעסער געפעלן איז שוין געווען דאָס טעאטער שפּיל וואָס אייניקע, פארליבטע אין דער קונסט פון דער היים נאָך, האָבן גענומען שפּילן פון צייט צו צייט.

א גרויסע מערהייט פון די כעסוס־מאַריאַיניקעס זענען געווען יונגעלייט. אלע זענען געפאָרן קיין אַמעריקע, האָבן זיי געזאָגט, און דאָ נעבעך געבליבן שטעקן אין דער ווילדעניש... און מען איז אין זיך געקומען צום באַשלוס, אַז עס איז נישטאָ אייגנטלעך נאָך וואָס צו פאָרן ווייטער. מען האָט גענומען שיקן נאָך די ווייבער, מען איז געוואָרן באַהאַוונט אין אַלע געאָגראַפישע לאַגעס, געוווּסט דעם אָנקום פון יעדער שיף און אויך געוווּסט, ווער און צו וועמען מען קומט, און ווען.

אין די צייטונגען פון „יידיש־לאַנד" ט"מען אוועקגעשיקט אָן אָנזאָג אַז עס איז דאָ אַ מאַנגל אין יידישע מיידלעך. מען האָט אָנגעהויבן אָפּנעמען פּלימעניצעס פאר זיך און שוועסטערלעך פאַר חברים — ווייל עס איז דערעסן געוואָרן דאָס בחורשע לעבן מיט די וואַנטורעלעך, און אגב האָבן די שיקסעס שוין געהאַט גאַנצע פּרעטענזיעס און האָבן עס אָנגענומען ערנסט...

כעסוס־מאַריאַ האָט זיך געשפּרייט אין דער לענג און אין דער

ברייט. וויפל איז דער שיעור צו וואנדערן איבער די גאסן? אז מען האט שוין געהאט אפגעביטענע אן אייגענע פאר דאלער און די זיל־בער־געלט, וואס מען האט געלייזט אין גאנצע זעקלעך האט פאר־לוירן דעם צויבער פון די ערשטע צייטן. אין די בענק האט מען די פייאיקע און ארבעטסזאמע „אלעמאנעס" פון בעסוס־מאריא אנגע־באטן קרעדיט, און זיי האבן זיך נישט אפגעזאגט צו נעמען. האט מען זיך געעפנט קרעמלעך און טאיערן, וואס זענען געווארן האנדלס־הייזער און פאבריקן, און מען האט געשריבן אהיים צו אייגענע און פרעמדע וועגן ראקפעלערס גליקן...

— זעט, קלייבט נחת, אדער פלאצט...

* *

*

ווען איך האב געזען בעסוס־מאריא זענען שוין דארט קיין יידי־שע אכסניות נישט געווען; א היפשער טייל פון די וואס האבן דורכ־געמאכט די בעסוס־מאריא אכסניה זענען שוין לאנג... „קאלאניס־טען". דאס הייסט, זיי וווינען אין די גארטנדיקע פארשטעט, וואס רופן זיך — קאלאניעס. אבער זי האט נאך דאן, ווי היינט, געהאט דעם מאנאפאל אויף יידישע שפייז־קראמען און יאטקעס און אויף נאך ספעציפיש יידישע פרנסות, וואס פאסן זיך נישט אריין אין אנדערע גאסן, ווי נאר אין דער געגנט ארום בעסוס־מאריא.

פאראן נאך היינט דארט דאס קערענדיק־יידישע אויף בעסוס־מאריא. דארט באקומט מען היימיש יידיש ברויט און חלה. דארט גיט מען אייך אפילו א לעבל שווארץ־ברויט ווי אין דער היים, כאטש קיין קארן־מעל איז דא גארנישטא... דארט איז די חברה־קדישא און דארט ערגעץ וווינט דער באגרעבער — דארט אויף בעסוס־מאריא און דערנעבנדיקע גאסן וווינען נאך פיל יידישע משפחות, עפעס ווי פון טראדיציע־וועגן... זיי וואלטן פונקט ווי אנדערע געקאנט שוין וווינען אין קאלאניע, נאר עפעס דוכט זיך זיי, אז דא איז היימ־לעכער, דא איז עס אזוי ווי אין דער היים. מ'איז צווישן יידן...

בעסוס־מאריא איז היינט שוין אויך ריינער ווי אמאל. זאגט מען. אמאל פלעגן די איינוווינער אירע זונטיק זיך לאזן אויף א שפאציר אין 'אלאמעדא" און פירן דארט אויף די בענק שבתדיקע

שמועסן. הײַנט װױנען א סך פון זײ אין די סאמע פּארק אלײען און עס שמעקט זײ נישט אפילו די הײנטיקע לופט פון כעסום־מאַריא.

אָבער, לאָמיר עס פארצײכענען, אַז נישט געקוקט אויף דער װאַנדערונג פון ישוב־יידן אין מעקסיקע צו די הױכע גאסן און שמעקנדיקע קאָלאָניעס — שמעקט ער אַלץ מיט קאַפּ און פּיאַטעס אויף כעסום־מאַריאַ און ארום איר...



# מעקסיקאנער בלוט

די זון האָט גליענדיק געפליִצט מיט היץ־שטראלן איבערן שטעטלשן מארק. דער הימל איז געווען מעקסיקאניש בלוי, ריין און רחבותדיק אין קאנטראסט צו דער איינגעשרומפנקייט פון די נידעריקע הייזקעס, וואָס זענען געווען ווי שטרויענע לאטעס צעווארפן איבערן שטעטל און דעם שמוץ, אין וועלכן אלץ ארום איז געווען איינגעטונקט.

דאָס סמאליעניש פון דער זון האָט פון צייט צו צייט דורכגעשניטן א מילד ווינטל, ווי ער וואָלט געקומען פון אן אנדער וועלט און האָט געגלעט די שווארצע טשופּרינעס פון די קרום פּנימדיקע מעקסיקאנער, וואָס האָבן זיך ארומגעדרייט איבערן מארק, ווער אלס פארקויפער און ווער אלס קויפער.

אין מיטן מארק איז געשטאנען דער פלייש־הענדלער ראמירעז מיט א ברייטן שטרויענעם הוט אויפן קאָפּ. פון דער ווייטן האָט דער גאנצער המון בארוועסע פויערים אויסגעזען אין מיינע נישט מעקסיקאנער אויגן ווי גלגולים פון יענער וועלט. אלע האָבן געטראגן ברייטע שטרויענע קאפעלושן. אויף די אויסגעדארטע גופים — ווייס לייוונטענע העמדער און גאטקע הויזן און אויף די פון שמוץ און היץ צעטריקנטע פיס — ארומגעבונדענע לאפּטשעס.

ראמירעז, דער פלייש הענדלער, האָט זיך פון אנדערע פארקויפער אויסגעטיילט דערמיט, וואָס מיט זיין פולן מויל און ווייסע ציין האָט ער יאָמערנדיק ארויסגערעוועט אומפארשטענדלעכע קולות, וואָס האָבן גערופן די קונים צו קויפן פלייש נאָר ביי אים. אויפן גארטעל פון זיין גוף איז געווען ארייַנגעשטעקט א האַק.

שטיקער פלייש, שווארץ ווי בראנד, אנדערע איינגעטונקט אין בלוט האָבן זיך געפּארעט אויף זיין הילצערנעם האלב צעפוילטן טיש. יונגען און מוידן מיט שווארץ געזונטע פּנימער און ברייטע נאזלע־

כער האָבן פאר קופערנע מטבעות געקויפט פלייש שטיקער און באלד דערנעבן דאס געלאזט פרעגלען אויף א פייער, וואָס אַ פויערטע האָט פארלייגט; איינגעביסן מיט די ווייסע געזונטע ציין דאס פארפארעטע פלייש און געקייט מיט הנאה.

אויפן מארק האָט זיך באוויזן צום ערשטן מאָל אַן אינספעקטאָר פון דער רעגירונג. ער איז געקומען אין שליחות פון דער אָפּטיילונג פאר סאָציאלער היגיענע. ער האָט זיך מיט זיינע פאפירן און מיט זיין געהילף פארגעשטעלט פארן עלטסטן פון שטעטל און יענער האָט אים באגלייט ביים דורכפירן אַ קאָנטראָל איבער די פּראָדוקטן, וואָס ווערן פארקויפט דעם פאָלק.

ביי ראמירעזעס טיש האָט זיך דער אינספעקטאָר פארהאלטן, ער האָט געהייסן זיין געהילף אַ שאר טון די „סחורה“ און ער האָט זיך נישט גענארט. פון די טיש־ברעטער האָבן זיך צווישן די צעפארעטע אלטע פליישן גענומען ראיען ווערים, קליינע שלאַנגען, וועלכע זענען זיך הנאהדיק געלעגן איינגעגראבן אין ראמירעזעס „סחורה“, ווו זיי האָבן זיך שוין געשפייזט לאנגע טעג. דאס פלייש איז געווען פארדומפּן און פויל און נאר די טישט פילבארע נעזער פון ארימען פויערים־המון האָבן עס פון וויטן נישט געפילט.

אין א ווילע ארום האָט דער אינספעקטאָר און זיין געהילף באַגאָסן דעם טיש מיט נאפט, צוגעלייגט א שוועבעלע, א פלאם האָט ארומגעכאפט דעם טיש פון אלע זייטן. די דערבייאיקע הענדלער און קויפער האָבן זיך צערוקט. דער סמאליענדיקער ריח, וואָס דער פארשטונקענער „מזבח“ האָט צוזאמען מיטן רויך צעטראָגן איבערן שטעטל, האָט אהערגעבראכט אויפן מארק קליין און גרויס. דער עולם האָ מיט הנאה זיך צוגעקוקט צו דער אויסטערלישער „פייערונג“.

ראמירעז, דער פלייש הענדלער, האָט נישט באוויזן זיך ארומצוקוקן ווי אזוי דאָס איז געשען. עס זענען אנגעלאָפן זיינע ווייבער, צעטראָגענע דריי פויערטעס מיט קליינע פארשמארעטע ראמירעזלעך אויף די הענט און אויף די פלייצעס אין אַ פאטשיילע זאק — דערזען זיי, האָט ער ערשט דערפילט סאַראַ אומגליק עס איז אים געשען. די אויגן זענען ביי אים פארלאָפן מיט בלוט. ער האָט באקומען א פיבער און זיינע הענט האָבן זיך אים איינגעקרעמפט אין זיין אייגן לייב.

פלוצלונג האָט ער זיך א ריס געטון פון אָרט ווי א ווילדע חיה, איז מיט א שפרונג פון א קאַץ אריבער צו דער צווייטער זייט גאַס, ווו עס איז צווישן צעטראָגענעם המון געשטאַנען דער אינספעקטאָר, זיין געהילף און דער עלטסטער פון שטעטל. כהרף עין האָט ער ארויס־געצויגן פון הויזן קעשענע א לאַנגן רעוואָלווער און האָט אריינגעפייערט דריי קוילן אין זייערע אַלעמענס קעפּ. די דריי געזונטע יונגען זענען ווי זאַנגען אונטערן פעלד מעסער געפאַלן אויף דער ערד אין גסיסה. דער המון האָט זיך צערוקט אין אַלע זייטן, געמאַכט א גרויסן ראָד. מען האָט עפּעס געשריען און געשטופּט זיך, אָבער קיינער האָט זיך נישט אריינגעמישט און געפּרוווט אפּהאַלטן ראַמירעזן. אפילו ווען ער האָט ארויסגעצויגן פון דער פּאַכווע זיין טעמפּע האַק און מיט איר צעשמעטערט דעם קאָפּ פון שטאָטישן אינספּעקטאָר, וואָס איז געלעגן מיט א דורכגעשאָסענעם קאָפּ און אָפענע אויגן, וועלכע האָבן טעמפּ געקוקט אין דער ווייטקייט.

אָן אימה איז מיך באַפאַלן.

איך בין אוועק פון דעם אָרט, אַנטלויפנדיק ווי פון טויט געיעג, א וואָגן פּאָליציי לייט, וועלכע האָבן געאיילט איז שטעטל, האָב איך אויסגעמיטן אויפן וועג. איך האָב געזען פאַר זיך די בעטנדיקע אויגן פון דעם אויסגעייענדיקן אינספּעקטאָר און די האַק, וואָס האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף זיין קאָפּ...

ארעסטירן ראַמירעזן האָט דער המון נישט געלאָזן. די פּויערים זענען באַפאַלן די פּאָליציי מיט שטיינער, מעסערס און רעוואָלווערן. ביז עס איז געקומען צו א באַרואיקונג זענען דריי פּויערים און צוויי פּאָליציסטן געלעגן טויט אין איין בערגל מיט די דריי פריערדיקע קרבנות.

* *
*

ראַמירעז איז מיט זיינע ווייבער אוועק אין די בערג ארום שטעט־טעל. ער איז מער נישט צוריקגעקומען און איז קיינמאָל נישט געכאַפּט געוואָרן, זיין צעוועריטער טיש מיט די צעפוילטע פלייש, איז ווערט געווען 60 סענט. דאָס איז געווען זיין פאַרמעגן, אויסער די דריי פּוי־ערטעס און די זיבן קליינע קינדער, וואָס זיי האָבן אים אין קנאַפּע

דריי יאָר געבוירן — און וואָס איז אים געבליבן אויף זיין וואנדער וועג אין די בערג.

אין א ציימונגס כראניק וועגן דעם נישט אויסטערלישן פּאַרפאַל אין דעם שטעטל, איז שפּעטער געווען געשריבן: צוליב פאַרבערענען פלייש אין ווערט פון 60 סענט, זענען דערהרגעט געווארן אכט מענטשן.

און דער כראניקער האָט צוגעגעבן: אָט אזוי גיסט זיך מעקסי־קאנער בלוט...



# אינטערוועש...

צוערשט איז מען געווען פעדלער. ס'הייסט נישט קיין פעדלער נאר מעננטשן. נאר אז מען איז אראפ פון שיף, א שמעק געטון מיט דער ווארעמער לופט פון ווערקשטאט און זיך געלאזט מיט דער געש־לייגנגלטער באן צו מעקסיקעס הויפט־שטאט האט שוין געגבערט דער מוח: וואס וועט זיין? און וואס וועט מען טון? פון וואס וועט מען לעבן און פון וועלכן קאנען שיקן אהיים און טאקע איבערברייג־גען די אייגענע אהער, אפשר? פון וואס, פון וואנען?

די וואונדערבארע בארג־וועגן זענען אין די אויגן נישט געקראכן. די באגרינטע פעלד־פלאכן און טיפע טאלן האבן נישט געקאנט צו־נעמען די נאגענדיקע זארג, וואס האט זיך אריינגעגנבעט אין מוח, געטאטשעט און שווער געמאכט אויפן הארצן.

עס זענען געקומען טעג פון שנארכען מיט דער נאז די לופט, וועלנדיק דערשמעקן דעם דופט פון פרנסה. געזען א פאר יידן, גע־ווען אין קלוב און אין בני־ברית, אנגעהערט זיך מיט בערג עצות און פודן הבטחות — און בלית־ברירה האט מען גענומען א פעקל אויף דער פלייצע, א רימען אויף די לענדן, ארומגעפוצט זיך מיט מעסערלעך און שערלעך, מיט שניוראוואדלעס און שקארפעטן און אנגעהויבן מאכן חיונה.

גאס־מענטשן איז מען געווארן. גיך אויפגעכאפט די קונץ פון אנטאפן א קונה. גערעדט אומפארשטענדלעכע ווערטער אויפן נייעם לשון, פון וועלכן מען האט קוים געקאנט א צענדליק גרייזיקע אויס־דרוקן, און אמאל דאס אויך נישט. און מען האט געמאכט צו בים־לעך פעזעס. אזוי איז געווען פון פיל דער וועג, דער אנהויב.

ווען מען האט זיך צוריק געפילט ווי שטיקלעך מענטשן, גע־האט שוין מער ווי אויף דעם עסן, האט מען גענומען טראכטן ווע־גן ברענגען פאמיליע. האט מען אוועקגעווארפן דאס פלייצע־גע־

שעפט און זיך גענומען צו אמתע געשעפטן. געקוקט האָט מען אויף אנדערע, אויף די ערשטע וואָס זענען נאָר וואָס אריין אין די פּערע־דען, און וואָס האַלטן שוין מענטשן, און זיי גייען אפילו ארויס פון מושב ארום כעסוס־מאַריאַ אין ווייטערע גאסן, אויף נועוואַ מע־כיקאַ ארויף לאגוניא און אנדערע נאָך העכער, אויף בראזיל און טאקובא אפילו.

דער פּרוזדור איז געווען דאָס פּעקל — און פון דעם איז מען אוועק צו סוועטער און צו זאָקן, צו לעדער און צו אנצוגער, צו שיך און צו קליידער און צו אַלע צווייגן פון דער קליינער אינדוסטריע וואָס איז געלעגן אין דעם גרויסן פּוסטן לאַנד אין די וויקעלעך.

פּאַליציאַנטן זענען געגאַנגען בארוועס אין צייט פון דינסט. זעל־נער אויך אזוי. דאָס רוב מענער אין לייווענטענע העמדלעך און גאַטקעס און לאַפּטשעס אויף די פיס האָט באדייט פּארשריט. די וואָס האָבן געטראָגן געקויפטע נישט געפּאסטע אנצוגער און שטיי־פע שיך פון אַלטע פּאַסאַנען — האָבן עס געקויפט אין אימפּאָרט־געשעפטן און עס האָט געהייסן, אז זיי טראָגן אויסלענדישע קליי־דונג. אזוי איז עס טאַקע געווען, ווייל נישט נאָר דאָס האָט מען אימפּאָרטירט פון אנדערע לענדער, נאָר אפילו מעסערלעך און שניר־ראָוואָדלעס. יעדע קליינקייט וואָס איז נאָר נישט געווען פון די פּרימיטיווע ציימן, וואָס האָט געשמעקט מיט היינטצייטיקייט איז דורך געציילטע אימפּאָרט־הייזער געבראַכט געוואָרן פון ווייטן אויס־לאַנד.

דאָס פּאַלק איז געווען אָרים. קיינער האָט גאָרנישט געדאַרפט. געלט איז געווען נישט דער עיקר. געגעסן האָט מען אבי וואָס און געשלאָפן איז מען אויפן גאַס. דאָס זענען געווען נישט קיין פּאַר־איינצלטע פּאַלן — נאָר א מאַסן דערשיינונג.

דאָס פּאָליטישע לעבן האָט מען דערליידיקט דורך אויפשטאַנדן און איבערקערענישן, דאָס עקאָנאָמישע פארשטאָפּט מיט פּריכאַלעס און דאָס גייסטיקע האָט געדרימלט א טיפן דרימל, א שלאָף פון וועלכן מען האָט זיך נאָך אין טשובען...

עס איז געווען —מיט איין וואָרט — א פעלד פאר איניציאַטיוו און אויפבוי. מיט פּרוון בלויז האָט מען דערוועקט ביי מאַסן שע־

גערע באַדערפענישן. מיט געבן אַ ביליגער אַרטיקל — אַרויסגערופן אַ דראַנג אָנצוטאָן זיך, קויפן שפּילצייג, צודעקן דעם קערפּער מיט אַ זאָק און שוך — און אַפילו טראָגן אונטערוועש...

אונטערוועש...

ווען איך האָב די ערשטע צייט געהערט אָפט אַרויסריידן אָט דאָס וואָרט אין דעם מסחר־הוהא האָב איך זיך געשעמט, דער גריי־נער. אָבער אונטערוועש איז געוואָרן אַ מאַסן־פּראָדוקציע פון יידי־שער פאַבריקאַציע, וואָס האָט גיך באַדעקט די שטאָט מיט פאַבריק־לעך און פאַבריקן.

מאַשינען האָט מען גענומען אויף אויסצאָלן, סחורה אויף באָרג און אָנגעהויבן אַרבעטן אַליין מיט אַ פּאָר שיקסעס און ביסלעכווייז אַריין אין די ביזנעס.

מען האָט גענומען רעדן נייע ווערטער. אין די שויפענסטער האָט זיך באַוויזן וועש פון לאַנד אויסאַרבעטונג. אונטערוועש מיט זיימלעך און שפּיצעלעך, בלאַסקערדיקע און רופנדע קאָלירן. העמ־דער און הייזלעך זענען אויסגעשטעלט געוואָרן פאַרן אויג פון פאָלק און גערעדט צו אים: באַדעק דאָס לייב, דאָס פון זון פאַרבערענטע און פון אַפּגעלאָזענקייט דאַרע און קוואַרע.

און מען האָט פאַרדעקט. יידן האָבן זיך גענומען רופן — פאַב־ריקאַנטן. מען האָט אָפּגעדרוקט בריוו־בויגנס און קאָנווערטן מיט העכט צוגעפּאַסטע פירמעס פון די ראָפּאַ אינטעריאָר; מען האָט צושיקט בריוו אין דער פּראָווינץ, און מען האָט גאָר גענומען שיקן רייזנדע מיט מוסטערן, אָדער מען איז אַליין אַרויסגעפאָרן איבערן לאַנד און געבראַכט און געמאַכט בערג מיט פּעדידאָס. מען האָט אָנ־געהויבן צו באַקומען געלט־באַנאָס, כיראָס, שיקן רעעמבאָלסאָ און סעאָ־דע קורץ און גוט: פאַבריקאַציע.

דערווייל האָט מען שוין געדאַרפט פאַרבן די שטאָף. זענען גע־וואָרן פאַבריקן פון פאַרבן אויך. און די שטאָף אַליין ווו נעמט מען? האָט מען געעפנט פאַבריקן פון טעלאַ און פון אילאָ. מען האָט גענו־מען מאַנעווירן מיט וועקסלען און טשעקן, מיט דעקונג און אָן דער־קונג — אָבער אונטערוועש איז שוין געוואָרן אַן אַרטיקל פון ערשטן

געברויך ביי הונדערטער טויזנטער און עס דארף נאָך ווערן פאַר מיליאָנען. מען האָט דאָך נישט דערגרייכט דעם לעצטן דאָרף.

מעקסיקע איז געווען אָפּגעדעקט — ווי זי איז נאָך ווייט נישט צוגעדעקט איצט. כּמעט יידן האָבן ארייַנגעלייגט מאָרך און האַרץ, קאָנקורענץ און גריזשאַטע, געיאָגט זיך אריבערצויאָגן דעם לאַנדס־מאַן און דעם שיף־ברודער. אריינגערוקט צעקרימטע און פאַרקאָפּ־טשעטע פיס דעם ערשטן מאָל אין אַ שוך און פּאַנטאָפל. ארויפגע־צויגן אויף די שלאַנקע פיסלעך פון די יונגע מיידלעך דווקא זיידע־נע זאָקן — און אָנגעטון דעם פרויען מין מיט אונטערוועש.

אַליין האָט מען גאָר גיך פאַרגעסן פון די ערשטע צייטן. ווי מען איז נישט פאַרהאַרעוועט און פאַריאָגט צו טראַכטן וועגן אַזאַ סאָרט פּאַנדאָס און אַזאַ סטיל קאַלסעטין — האָט מען זיך גענומען ציען פון אונטערשטן טייל שטאָט צום העכערן, נענטער צום וואַלד און לופט.

אין הייזער האָבן זיך גענומען באַוויזן נייע כּועגאָס מעבל, פּליושענע דיוואַנען. די ווייבער דאַרפן טראָגן אַמעריקאַנער קליידער מוזן גיין אין פוקסן און פּאַקענע מאַנטלען. קינדער וואַקסן און לער־נען אין שפּאַנישע שולן. מען מוז זיי לערנען טאַנצן און שפּילן פּיאַ־נאָ אָדער פידל.

זענען מענער און טאַטעס פאַריאָגט. נישט באַוויזן זיך ארומ־צוקוקן און שוין צען־פופצן יאָר אין דער פאַרוואָרפענער מעקסיקע. פאַרגעסן אָן דעם שטעטל, אָן דער מלחמה און רעוואָלוציעס, מיט די פּאָגראָמען. אַלץ פאַרפלויגן ווי אַ חלום, בלייבט מען שטיין ווי אַ געפּלעפּלטער אַמאָל, אַ כאַפּ טוענדיק זיך פאַרן שטערן: ווו איז מען און וואָס טוט מען? אָט איז דאָס שטעטל און די יונגע, קינדערשע יאָרן, טרוימען, חלומות שטרעבונגען — וואָס איז מען געוואָרן? און אין וואָס פאַר אַ וועלט לעבט מען? טפו! דאָרט איז נאָך ערגער. עס ווילט זיך גאָרנישט טראַכטן וועגן דעם וואָס אויף דער וועלט טוט זיך — — —

— און מען מאַכט אונטערוועש, מען שטריקט סוועטערס, מען פאַרקויפט שיך און זאָקן און אויב מען דערמאָנט זיך אויף יום־טוב צושיקן דאָרט צו די אַלטע טאַטע־מאַמע אָדער פאַמיליע עטלעכע

דאָלאַר — איז מען שוין יוצא פאַר יענער וועלט אויך. און דער אמת איז, אַז עס איז נישטאָ קיין צייט, עס פאַרפעלט געדולד צו באַקלערן זיך צו טראַכטן וועגן זיך און וועגן יענעם, וועגן דער וועלט, וועגן מענטשן און וועגן לעבן, וועגן זיין און וועגן זין — אַז מען מאַכט אונטערוועש...

# מאמע און טאכטער

הילדא גרייט זיך צום טאנץ־אָוונט. איר צימער שמעקט מיט פּערפום און פּודער, ווי אַ מאָדע־בודואר פאר זארגלאָזע דאמען. עס גרייט צו הילדעס טואלעט, איר שלעפּ־קלייד, די באגילדעטע פּאנטאָפל און דעם גרויסן סכום קלייניקייטן אין וועלכע זי דאַרף איינהילן באַלד איר שלאנקע פיגורקע — די מאמע. אייגנטלעך גרייט זיך און קלויבט זיך די מאַמע מער ווי די פּופּצן אַ האַלב יאָריקע טאָכטער. דאָס קינד זאָל אויסזען שענער ווי אנדערע מיידלעך, עס זאָל פון איר שמעקן און גלאנצן. זי וועט דאָך טראָגן אויף זיך אַ אנטועכץ פון אפשר אַ טויזנט פּעזעס — מיין מיידעלע.

אין שפּיגל זעט זיך הילדא ווי אַ פּרינצעסין. אָט איז זי שוין אנגעטון. אַ בויג, אַ וואָרף די פּושיסטע קאָפּ האָר, די פּלייצע נאקעט און דער דעקאָלט טיף, ביים אָנהויב פון אירע קוים זיך זעענדיקע ברוסטן — און דער מאמעס האַרץ קוועלט. אוי, וועלכער בחור וועט עס נישט אַ צאַפּל טון זעענדיק איר הילדא. סארא אלבאסטער האַלז און סארא ליכטיקע אויגן מיט אזעלכע גרויסע ברעמען און לאנגע וויעס, אַ מלאך...

אין זאל פון קלוב איז ליכטיק און מוזיק רוישנדיק. אנדערע מיידלעך און יונגעלייטלעך מיט קוים שפּראצענדיקע וואנסלעך אונטער די קינדערשע נעזעלעך, דרייען זיך שוין אין אַ לייכטן, מאדערנעם טאַנץ. טאַליע צו טאַליע, האנט אויף אַקסל און אָטעם ביי אָטעם הויבט זיך אָן דער בארוישענדיקער פאר דער יוגנט אָוונט־באַל. מאַמעס מיט און אָן גוידערס, אין מאדערנע קליידער, מיט פאַראַיאָריקע פוטער־פוקסן אויף די אקסלען — זעצן זיך אוים ביים זייט זאל אויף די שטולן צו קלויבן נחת פון די קינדער און „האָבן אָן אויג“...

הילדא קומט מיט דער מאמען און שלייכט זיך דורך שעמעדיק דורך דער טיר. זי מישט זיך באַלד אוים צווישן די חברטעס, איז צו־

פרידן, וואָס די מאַמע האָט זיך שוין געטראָפן מיט אַן אַנדער מאַמע, און פאַלט אַריין אין די אָרעמס פון איר אַ שול־חבר, וואָס האָט איר צו איר גרעסטער צופרידענקייט שוין צום טאַנץ גענומען.

פולער ווערט דער זאַל. געררויש פון דעם דאַמען קאָמיטעט, וואָס האָט דעם באַל געמאַכט און פילדערט אַרום ביים פאַרקויפן צעטלעך פאַרן בופעט. אָט איז שוין אַרום און אַרום פול און ענגלעך. עס הערט זיך דער שניידיקער שאַרכן פון די לאַנגע קליידער, מען רייבט זיך זייט אָן זייט. מ׳וואַרפט זיך דורך מיט בליקן און שמייכלען. די מוזיק צעטרעלט זיך, הערצעלעך נעמען קלאַפּן שטאַרקער, פיסלעך ציען זיך צום טאַנץ — עס ווערט אין זאַל און אויף די פּנימער אַ הייסערע שטימונג, אַ פריידיקע דערנערווירונג.

די מאַמעס, אַנדערע צווישן זיי זעען נאָך אַליין יונג אויס, קוקן מיט פאַרשטאַרטע בליקן אין דער ריכטונג וווּ עס באַוועגט זיך דאָס „קינדעלע"... מען מעסט אָפּ פון הויבן ביז אַראָפּ דעם פּאַצעטל, וואָס איז אַריינגעשטעקט אין אַ נייעם אַנצוג און האָט לאַקן־פאַרקאַמטע האָר אויף זיין האַלב קינדעריש קעפּל; מ׳וויל וויסן וועמען ער גע־הערט און וואָס פאַר אַ פאַבריק האָט דער טאַטע...

אָט טאַנצט הילדאַ מיט דעם שוואַרצהאַריקן באָסע. דאָס יינגל איז איר פאַרבאָרגענע שוואַכקייט. ער טאַנצט גוט, קאָן אַלע נייטיקע מאַניערן, ער קאָן די קונסט פון טאַנצן בעסער ווי אַלע אַנדערע קונס־טען, וואָס מען האָט אים געשטאָפּט אין שולע אין קאָפּ. צוויי יונגע הערצער דריקן זיך צענויף און פילן דאָס לויפן פון בלוט אין די אָדע־רען. זיי טאַנצן גראַציעז פאַרביי דער מאַמע. הילדאַ דערזעט דעם פאַרגנבעטן און שטראַלנדיקן בליק פון דער מאַמאַ און ווערט רויט־לעכער ווי זי איז. אינסטיקטיוו טוט זי אַ צי איר פּאַרטנער מיט אַ פאַרשנעלערטן טראַט. דאָס בחורל רוימט איר עפּעס אין אויער וועגן שיינקייט און ליבע. דער מאַמעס ווייזט זיך אויס אַז די קינדער קושן זיך. דאָס געפעלט איר נישט און נעמט איר בריען די פּיאַטעס...

צווישן מאַמעס פאַרבינדט זיך אַ געשפּרעך. מ׳וואַרפט זיך אי־בער מיט אַ וואָרט, אַ פראַגע, אַ באַמערקונג אויף דער און יענער פּאָרל וואָס טאַנצט. מע ווערט צעשמאַלצן פון די געגנזייטיקע קאָמפּלי־מענטן וועגן די קינדער. מ׳קוועלט וואָס זיי זענען אַזוי געראָטן, און

מ׳דערמאנט זיך אז עס ליגט שוין אזא יאָך ווענן אַ זיווג, ווענן אַ שידוך, פאַרן קינד.

פלוצלונג קומט צו הילדא אַ האלב פארוויינטע און פארקלעמטע, די פּראקטישע מאמע כאפט זיך וואָס עס קומט פאַר. זי שטעלט זיך צום קינד, וואָס זי אליין מאכט עס ב׳גוואלד פאר אַ פריילין און טוט זיך מיט איר נפשל אַ דריי אוועק איבערן זאל איינגעמענדיק עס:

— נו, גארנישט קינד, באלד וועט דיר אַן אנדער קאוואליר נע־מען צום טאנץ... זיץ דאָ מיט מיר, ער טאנצט מיט אַן אנדערער דער שניעק? ער געפעלט מיר אליץ איינס נישט.

די יונגע קינדער ווערן באלד פונקט אזוי אויפגעלייגט ווי פאַר־קלעמט זיי זענען אַקאַרשט געווען. אַט טאנצט שוין הילדא מיט אַן אמתן באַי אַ בחור, אַ מאן אַ גאנצער. זי דערפילט זיך צאפלדיק אין די שטארקע אָרעמס. איר פנימל ווערט פארצויגן מיט אַ צופרידענער מינע. זי וויל די מאמע זאָל זי איצט זען מיט אים, מיט איר נייעם טענצער און איז איבערגליקלעך ווען זי באמערקט, ווי די מאמע ווייזט איר שכנה מיט פרייד, וואָס פאר אַן אינטערעסאנטער און שיינער מאַן עס דריקט איר טאָכטער אין זיינע אָרעמס...

דער באָל גייט אין פולן ברען. יונגע גופימלעך, וואָס האָבן פאַר־זוכט אין בופעט דעם טעם פון אלקאָהאָל ווארפן זיך ביים טאנץ שלענגלענדיק; אויגן בליצן צו און הענט נעמען זיך פארנאנדער צו־גלייך מיט די פּיס אונטער די מוזיק־אקארדן. עס ווערט צעלאזענער די שטימונג, מאמעס פארדרייען בביוון די קעפּ און פארבאהאלטן די בליקן פון די קינדער טאליעס וועלכע זענען ווי אין קליעשטשעס איינגעקלעמט אין די הענט פון די „מענער“. — טונקל און טונקע־לער ווערט די ליכט אין זאל. די מוזיק איז איצט אזוי רייצנד און רופנד. ליפּן באשמינקטע ציען זיך צו די באוואנסטע. עס פילט זיך דער אָטעם פון גלי און לעבנס־לוסט. ער געפינט נישט איז דער פאַר־שייטער נאאיוויטעט קיין אויסגאנג. מאמעס אויפזיכט פילןביידע געשלעכטער אויף זייערע פליצעקעס און עס צאנקט דער ליבע־דראנג צוגלייך מיטן צאנקען און אויסגיין פון דער טאנץ מוזיק ביים פאַר־ענדיקן דעם מארש.

ווען עס ווערט אין זאל שיטערער, און מען באמערקט שוין די

פארשאטענע פאדלאָגע מיט קאנפעטי, פאפירלעך פון שאקאלאד און קאלירטע סטענגעס — דערזעט הילדעס מאמע אין א ווינקל א שטי־קעל וואטע בלוט־פארוויטלט און זי טוט א צאפל. מ׳דארף אוועקנע־מען שוין דאָס קינד. אָט איז זי שוין ביים גארדעראָב, ווארפט ארויף אויף די אקסלען פון איר הילדאן דעם פיינעם מאנטל, פאר וועל־כען דער מאן האָט אויסגעשטעלט וועקסלען, וואָס זי ווייס גארנישט פון וואנען ער וועט צאָלן, און מען לאזט זיך אראָפּ פון די טרעפּ.

דאָס מיידל איז מיד און אומצופרידן; כאָסע איז נאָך הויבן. װען נישט די מאָמע וואָלט זי איצט ווי די חברטעס געגאנגען מיט אנ־דערע „קינדער" אין א רעסטאראן. און נאָכן רעסטאראן, וואָלט ער איר אָפּגעפירט אין א קאָטש אהיים, און אין קאָטש וואָלט ער זיך געטוליעט צו איר, זי ווייס עס און זי וויל עס... אָבער די מאמע לאָזט איר נישט גיין אליין. מסתמא ווייל זי איז נאָך יונג, ווייל זי איז נאָך א קינד, צי וואָס.

און עס גייען צוויי פרויען, מאָמע און טאָכטער אויף די טרעפּ פון הויז מיט קלעמעניש אין די הערצער. הילדא קווענקלט זיך אין איר הערצל פון דער נישט באפרידיקטקייט אויף דער טאנץ־פאר־ווייקונג. זי ווייס נישט וואָס עס פעלט איר, נאר עפּעס נאגט איר און קוועלט. און ביי מאמע איז צעקנייטשט און פארקלעמט דאָס הארץ. דאָס מיידל איז שוין באלד זעכצן, זי וואָלט וועלן פאר איר כאָטש א פארטיקן פאבריקאנטל פון אונטערוועש, עפּעס א לייטישן בחור, וואָס האָט נאָך נישט אונטער זיך גאר נישט, וואָס האָט כאָטש קיין שיקסע נישט — זי וויל עס גארנישט איבערטראכטן...

הילדא טוט אויס איר פרויאיש קלייד, בלייבט שטיין אין דעם זיידן העמדל און איינגעצויגן קערפערל, וואָס איז נאָך נישט רייף כמעט — און די מאָמע מעסט איר מיט איר פארדאגהט בליק; זי מאָלט זיך אויס אין איין אויגנבליק ווי הילדא טראָגט שוין איר איר קערפער א וולד, ווי זי ווערט רונדיקער און פולער און דער מאן אי־רער ציטערט איבער איר, ווי הילדאס טאטע האָט איבער דער מאמע געציטערט, ווען זי האָט מיט איר געטראָגן — אָט נעכטן דוכט זיך איז עס געווען.

ווען דאָס קינד שלאָפט שוין און די מאָמע ליגט אין בעט פאר־

טראכט מיט מאמעשע מחשבות, רעדט זי צו זיך אליין: אויף דער אנדער „באילע“ וועל איך איר קויפן א נייע אמעריקאנער קלייד און מען מוז זען איר אויסגעבן וואס גיכער. די מאמע פילט, אז זי מוז דער טאָכטער געבן א מאן. זי קאָן די דאגה לאנג נישט טראגן, ווייל זי וועט חלילה קראנק ווערן, בפרט, אז דער שכנטעס מיידל גייט שוין די אנדערע וואך זיך אפשרייבן...

# באגילדעטע טאוולען

פענכאס איז געווען א לוסטיקער יונגערמאן און פון דערהיים איז ער אוועק אזוי נישט מיר נישט דיר, ווי מען גייט ארויס שפאַ־צירן. ער איז געפאָרן אליין נישט וויסנדיק אווו; עס איז אים געווען אלץ איינס ווו די שיף וועט אים ברייגנען — נאָר אין ווארשע האָט ער מער נישט געוואָלט זיין.

יונג און צאפלדיק איז ער געווען — חלומות אויפן ים האָט ער געהאט זוניקע און הינטער זיך האָט ער גאָר נישט געוואָלט טראַכ־טען. פענכאס האָט זיך ארייגגענומען אין קאָפּ — אז דאָרט איז ער גאָרנישט געווען, אז קיין זאַך איז דאָרט נישט גוט אין דערהיים, אין אַלטע, אן אָפּגעלעבטע וועלט און ס'איז נישט פאר אים.

איז אים טאקע געווען גוט פון דער ערשטער מינוט אָן. פון בייגקען האָט ער נישט געוווסט. לשם־פּנים וועגן האָט ער אמאָל גע־שריבן א בריוו אהיים צו טאטע־מאמע, נאר וואָס און ווען ער טוט האָבן זיי זיך ביי אים קיינמאָל נישט דערוווסט. פענכאס האָט גע־האט א ביטערן „אָנהויב". צוואָס ער האָט זיך נישט גענומען איז אים געגאנגען מיט דער פוטער אראָפּ. ער האָט געהאנדלט אויף דער גאָס, געארבעט ביי יענעם, אָפּגעקומען לאנגע חדשים מיט באנאנען און א פּאָר יאָר געטראָגן דעם אָפּגעטראָגענעם אָנצוג מיט וועלכן ער איז ארויס פון דערהיים אוועקגייענדיק אין דער וועלט אריין.

אָבער — ער האָט זיך נישט געזאָרגט און קיינמאָל נישט פאַר־צווייפלט. ער האָט געהאָט איין שטרעבונג און זי האָט אים אויפגע־האלטן אין די ביטערעסטע צייטן. ווען ער פלעגט שלאָפן אין דער אכסניה ביי דער רונדיקער אידענע, וואָס האָט מיט איר „מאמי־שער" באהאנדלונג ארייגגעצויגן צו זיך באלעבעסלעך און בחורים — איז ער מיט ליב און לעבן געווען אָפּגעגעבן צו איין געדאַנק:

ער וועט קומען צו זיך און עפענען א פאבריקל. דער קאָפּ האָט אים פאַר קיין אנדער זאך נישט געדארט — און ווי נאָר ער האָט אָנגע־הויבן צו כאַפּן אַ פּאָר פּעזעס פון זיינע פּרנסות, האָט ער עס פאַר־שטעקט צוזאמען לייגענדיק א סענט צו א סענט.

* *
*

פונקט ווען ער איז געווען פיר יאָר אוועק פון דערהיים האָט ער חתונה געהאט און זיין טרוים פון די גרינע יאָרן איז גע־ווען פאַרווירקלעכט. נאָכמער, אויפן וועג צו אים אין זיין באַלע־באטישער היים איז שוין געווען טאטע־מאמע און עס איז אים גע־גאנגען ווי געשמירט. אָפּטמאָל פלעגט ער אליין א טראכט טון וועגן דעם באַרג־ארויף זיינעם, אָבער נאָך אָפטער האָט ער גאַרנישט גע־וואָלט זיך ברעכן דעם קאָפּ און עס האָט זיך ביי אים אנטוויקלט דער געפיל, אז ער איז פּייאַיק און געניאַל און ער ווייס שוין וואָס ער האָט צו טון. ער איז געוואָרן זעלבסטזיכער און קליגער און נישט מיט אַלע שיפסברידער זיינע האָט אים שוין געלוינט צו האָבן אַן עסק.

פענכאס איז געווען א גוט מענטשל בטבע. אין די צייטן פון כוויט איז ער געווען א גוטער ברודער און ווען ער איז שוין געווען שטייף ביי זיך איז ער אויך געבליבן דער זעלבער. אָבער זיין נייע פּאָזיציע האָט אים, ווי ער האָט זיך איינגערעדט, נישט דערלויבט צו אויפנעמען זיך מיט די שלימזלדיקע חברים פון א פינף זעקס יאָר צוריק, בפרט, אז זיין פּלוניתטע איז געווען גאָר אן אנדערער מענטש און ער האָט זיך פאַר איר נישט אנערקענט מיט זיינע חסרו־נות פון יענע שווערע צייטן. דערצו איז ער געווען ארומגערינגלט מיט גרויסע מענטשן, ער האָט געהאט א בערענטע אין פאבריק און זיך געפירט שוין מעשה גביר. ער האָט אפילו געהאַט אן אייגענעם אדוואָקאט, וואָס דער אַלטער טאטע זיינער האָט זיך דערפון נישט געקענט אפּוואונדערן.

ווען דער טאטע איז געקומען האָט פענכאס ביי אים אלץ גע־פּועלט, נאָר, אז ער זאָל אָפּקירצן זיין בארד און טראָגן דעם הארטן

קאפעליוש אינדערוואַכנס, האָט ער נישט געקאָנט פועלן. האָט פּענ־באַס דעם אַלטן דערציילט, אַז עס דאַרף אָפּט אַריינקומען „זיין“ אַדוואָקאַט, און ערל פון די סאַמע הויכע פענסטער, און עס פּאַסט נישט צו טראָגן קיין וואַכעדיקע בגדים — האָט דער טאַטע אויפגע־עפנט גרויס די אויגן און זיך געחידושט: או — וואו! מיין זון, דו האָסט אַזש אַ אייגענעם אַדוואָקאַט, מוזטו דאָך זיין נאָך רייכער פאַר פּריוועסן פון די גזשיבאָוו, קיין עין־הרע, וועל איך דיר טאָ־קע פאָלגן — און ער האָט אָפּגעקירצט דאָס בערדל און געטראָגן דאָס נייע רעקל אַלע טאָג.

געוואַקסן איז פּענבאַס אין דער לייַנג און אין דער ברייט. דער אמת איז געווען, אַז ער איז אָנגעשטעקט געוואָרן מיט אַ פּייאַיקייט פון זעלבסטדערפינדונג ווי אַזוי זיך אַרויפצואַרבעטן. מיט זיין שוואַכקייט אין דער פרעמדער שפּראַך, האָט ער זיינע בעל־יועצים אויפגעגעבן אַזעלכע פּלענער, וואָס זייער פאַרוויקרלעכונג האָט אים אַריינגעטראָגן וואָס אמאָל גרעסערע רווחים. ער איז געוואָרן אַ גרוי־סער גביר און זיין נאָמען איז באַקאַנט געוואָרן צווישן ברייטערע קרייזן מענטשן.

זיין גייסטיקער אויסלעבן זיך איז געלעגן אין דער פאַמיליע, וואָס האָט זיך פאַרגרעסערט, און אין פאַרשאַפן נחת טאַטע־מאַמע. אוועק איז ער דאָך פון דער היים יונג, קיין קענטעניש האָט ער נים מיטגענומען, אָבער עס האָט גענעסטעט אין אים אַן איינגעבאַרענער געפיל פון צדקה און אָט דער געפיל האָט זיך אין אים דערוועקט. האָט מען באַלד געוווסט אין שטאָט, אַז ביי פּענבאַסן קריגט מען אַ שיינע נדבה, אַז ער נעמט אויף מענטשן וואָס קומען וועגן אַזוינע זאַכן מיט פיינקייט — און עס האָבן אים שוין נישט געפעלט אַזעל־כע געסט.

פּענבאַס פלעגט מאַכן דעם אָנשטעל פון גביר. אויספרעגן וואָס דאָס איז און אויף וואָס דאָס איז. דערביי זאָגן זיין מיינונג, אַז מען דאַרף דאָס מאַכן אַזוי און אַזוי, אַרויסווייזן מבינישׂ אין קהלשע זאַ־כען, אַריינוואַרפן אַ פּאָר אַלגעמיינע ווערטער וועגן וועלט־זאַכן און יידישע זאַכן, וואָס ער האָט אַרויסגעלייענט אין ציימונג — און לסוף דערלאַנגען אַ סומע געלט. קוקנדיק דערביי אויף די מקבלים, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס מאַכט אויף זיי.

צען מאָל רייכער איז פענכאס געווען ווען זיין זונעלע איז אלט געוואָרן צען יאָר. ער האָט שוין געוווינט דאָן אין א אייגן פּאַלאַצל הינטערן שטאָט און געפירט א פריצישן לעבן, ווי דער טאַטע זיינער פלעגט דערציילן ביים דאַווענען. ער האָט געהאַלטן די אַלטע פאַר ווי א געטרייער זון און עס האָט זיי ביי אים נישט געפעלט פון קיין פויגל־מילך. ער האָט דעם טאַטען צוגעזען, אַז ער זאָל זיין פּעסטקייט נישט פאַרלירן און זאָל אליין קענען געבן א נדבה ווען מען דאַרף פאַר קהל, און דאָס איז ביי דעם אַלטן פענכאַס געווען אָנגעלייגט א גוואַלד. ער האָט דעם זון געריממט איבערן שטאָט מיט אַלע לויבונגען פון זיין אָרימער שפּראַך און פענכאַס איז עס טאַקע ווערט געווען אויך.

אַז ער האָט געפּראַוועט דעם צענטן געבורטסטאָג פון זיין זון האָט פענכאַס געפּאָלגט דעם טאַטען און אפילו געגעבן א שטיק פּליאַץ פאַרן בית־הקברות, וואָס שטאָט האָט אָפּגעצאַמט, און עשרה אלפים ציגל פאַר א שול, וואָס קהל האָט געבויט. אַלץ כדי דער טאַטע און די מאַמע זאָלן האָבן נחת, און טאַקע ווייל ער האָט אליין געוואָלט צולייגן א האַנט צו כלל־זאַכן. פענכאַס האָט נישט געהאָט קיין קאָפּ צו מישן זיך אליין אין די קאָמיטעטן ווו מען האָט אים געוואָלט אריינגעמען, כאָטש עס האָט אים געשמייכלט, וואָס מענטשן האַלטן פון אים אַזוי שטאַרק. האָט ער דערפאַר פאַר אַלע קאָמיטעטן געהאַלטן אָפן זיין קאַסע און זאָלן זיי וויסן, אַז ביי אים שפּילט נישט קיין ראָלע א טויזנטער פאַר א נויטיקע זאַך.

* *
*

דער אַלטער פענכאַס האָט נאָר געהאַט עגמת נפש, וואָס דער אייניקל זיינער לערנט זיך אין א גויאישע שולע. ווו נאָר א פרייע מינוט פלעגט ער דעם זון אריינטייטשן א ביסל מוסר, וואָס לעאָנדל דער טייערער אייניקל, וועט נעבאַך גאָרנישט וויסן פון קיין יידישקייט און וועט נישט קענען קיין יידיש וואָרט.

פענכאַס האָט מיטן אַלטן איינגעטעהנעט, אַז מ'וועט אים נאָך לערנען, מען וועט אים נעמען א לערער, וואָס זאָל אים לערנען

יידיש און העברעאיש און אז ביז בר־מצוה וועט ער נאָך קענען מער ווי אנדערע קינדער. ער האָט אליין געוואָלט טאקע, אז לעאָנדל זאָל נישט אויסוואקסן אינגאנצן קיין פרעמדער, אָבער דערווייל האָט דאָס יינגל געלערנט אין אַ גימנאַזיע און עס איז אים געווען אַ שאָד אָפּצורייסן אים דערפון.

לעאָנדל איז געווען אַ שוואכער יינגל. אויסער דעם טאַטן מיט דער מאַמען און דעם זיידן מיט דער באָבען האָבן זיך נאָך ארום אים געפּיעשטשעט דינסטן און מען האָט אים געטונקט אין עסיק און אין האָניק. געגאנגען איז ער אין בגדי מלכות און געריסן האָט ער זיי ווי אַ שד. מען האָט אים געשטאָפּט מיט אלערליי מעדנים און — קיין אַפּעטיט האָט ער נישט געהאַט. געלערנט האָט ער זיך גראַד גוט — און דער טאַטע האָט דערפאַר נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט אים. —

* *
*

איז פענכאָס באַשערט געווען איבערצולעבן אַ גייסטיקע צערו־דערונג פון זיין בחורל. עס איז שוין געווען שפּעט, אז ער זאָל קע־נען כאַפּן צוריק און אים אריינגעבן אין אַ יידישער שולע, כאָטש אַ פּאָר טעג איז ער צוליב דעם ארומגעגאנגען אַ צעדרייטער און עס האָט אים פאַרדראָסן וואָס אזוינס האָט מיט אים פּאַסירט.

נאָך דער פּאַסירונג האָט פענכאָס זיך קיין רו נישט געפונען. ער איז געזעסן אין דער ביוראָ פון זיין פאַבריק און די ענינים וואָס די אָנגעשטעלטע האָבן אים אונטערגעטראָגן זענען אים אין קאָפּ ניט געקראָכן. ער האָט נישט געקענט דאָס דערציילן פאַרן אַלטן טאַטן, ווייסנדיק, אַז דאָס וועט אים אנטון צער און ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, וואָס צו טון.

עס האָט זיך געעפנט די טיר און עס זענען אריינגעקומען צו אים אַ דעלעגאַציע. פענכאָס האָט זייטיק אַ קוק געטון אויף די מענ־טשען און געוואָלט זיי גלייך ארויסבאַגלייטן, ער האָט זיך אָבער באַ־הערשט, געהייסן זיך זעצן זיינע געסט און ער האָט דערפילט, אַז ער

האָט דאָ אַ געלעגנהייט אויסצורעדן זיין האַרץ און אַראָפּנעמען פון איר אַ שטיין, וואָס דריקט אים.

די געסט, וואָס זענען צו פּענכאַסן געקומען זענען געווען פון דער אָרגאַניזאַציע חינוך־ילדים. זיי האָבן פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל עפּעס מנדב זיין פאַר דער קינדער שולע, ווייל אירע ווענט זענען ענג געוואָרן און מען דאַרף זי אויסבויען מיט נאָך צימערן, פאַר נאָך קינדער וואָס קומען צו אין דער יידישער שולע.

פּענכאַס איז געווען נישט פון די לעצטע פאַר אַזעלכע זאַכן און איצט האָבן זיי זיך געריכט, אַז ער וועט אויך נישט אָפּשטיין פאַר אַזאַ צוועק. ער האָט אליין געלערנט אין חדר ביז דער פערטער כיתה און פון יענע יאָרן זענען אים פאַרבליבן זיסע דערינערונגען. פון דאָרט האָט ער מיטגענומען די צוגעבונדענקייט צו יידישקייט און צום יידישן שטייגער. כאָטש אליין האָט ער געפירט אַ גאַנץ אַנדער שטייגער לעבן — האָט ער געפילט ווי עס ציטערט אַ סטרונע אין זיין האַרצן ביים דערמאָנען זיך אָן דעם.

ווי זיין שטייגער האָט פּענכאַס גענומען אויספרעגן וואָס עס טוט זיך אין חינוך־ילדים, וויפל קינדער עס זענען צוגעקומען — און אַז דער צונג האָט זיך אים פאַנאַנדערגעבונדן האָט ער זיך צערעדט:

— מיין יינגל, ווי איר ווייסט, לערנט אין גימנאַזיע. עס איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך און אַגב די מאַמע, איר ווייסט דאָך, די פרויען, ווילן זיי אַלץ פאַר די קינדער, ס'הייסט, אַזוי מיין איך, אַז איך וועל אים לערנען נאָכדעם יידישע זאַכן, מ'דאַרף אַ קינד זאָל קענען, און נאָך היינטיקע צייטן.

— איז ער אָט געקומען פון גימנאַזיע מיט אַ גרויסער שמחה. ער האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען מיט אַן אויסצייכענונג און דער דירעקטאָר האָט אים געגעבן אַ אויסצייכענונג, אַ מתנה פאַר זיין גוטן לערנען. ער האָט מיין לעאָנדל, איר פאַרשטייט, אַ גוטן קאָפּ, זייער אַ גוטן, ברייננט ער מיר ווייזן די מתנה, וואָס מען האָט אים געגעבן, אַ בוך. איז גלויבט מיר איר ווייסט דאָך איך בין אַ קנאַפּער צדיק, עפן איך אויף דעם בוך אין באַגילדעטע טאָוולען איינגעראַמט, זע איך, אַז דאָס איז דער נייער טעסטאַמענט. איר

פארשטייט א מיסיאָנעריש ביכל, יידן, פרעג איך אייך — בין איך בלאָס געוואָרן ווי די וואנט.

— מיין לעאָנטשיק איז א קלוג קינד בנאמנות. האָט ער עס באלד באמערקט און ער זאָגט מיר פאפא, פרעגט ער, וואָס געפעלט דיר נישט, דאָס איז דאָך די געשיכטע פון דיינע יידן, וואָס איך דארף אויסלערנען, יאָ פאפא?

— האָט עס מיר צערודערט ווי איר זעט מיך א יידן, אז איך קען פון דעם צו זיך נישט קומען. וויל איך טאקע אייך זאָגן, אז דאָס איז א גרויסע זאך פארשטייט איך טאקע א גוטע גימנאזיע, אָבער א מיסיאָנערישן ביכל און גיי גיב אים צו פארשטיין, נאָר ווען ער לערנט אין א יידישער שולע, קען דאָס טרעפן האָ?

אזוי האָט מיט קלעמעניש אָפגערעדט פענכאס צו דער רעלע־גאציע און עס איז אים גרינגער געוואָרן אויפן הארצן. ער האָט גע־הייסן מ׳זאָל זיך שטעלן בויען א סאלאָן פארן חינוך־ילדים אויף זיין רעכענונג און מיט לייכטע טריט האָט ער ארויסבאגלייט די יידן ביז אויף יענער זייט טיר.

פענכאס האָט דאָס ביכל, וואָס מען האָט זיין לעאָנדל געגעבן א מתנה פארבאהאלטן א פאָר טעג אין זיין שרייב־טיש. ער האָט אויסגעשריבן פון ניו־יארק א תנך אויף שפאניש און אים געלאָזט איינבינדן אין די זעלבע טאָוולען. אין א שפעטער אָוונט שעה, ווען לעאָנדל איז געשלאָפן האָט ער עס אים ארייגעלייגט אין זיין בי־כער־שאנק.

* *
*

פענכאס האָט געוויזן זיין אלטן טאטן, וואָס פאר א שיינע מתנה דער זון האָט געקריגן, א תנך אויף שפאניש, און דער אַל־טער האָט מיט גרויס הנאה דאָס איבערדערציילט פאר זיינע יידן. ער האָט פון דעם נאָכמער נחת געשעפט ווי פון דער גרויסער נדבה, וואָס זיין זון האָט געגעבן אויף חינוך־ילדים; אבי לעאָנטשיק וועט שוין מיט זיין גרינגן קאָפ אויסלערנען דעם תנך...

# פיסטאלעראס...

„פיסטאַלעראס" — דאס איז דער נאמען מיט וועלכן עס ווערט אין מעקסיקע באצייכנט דער טיפּ אמעריקאנער גענגסטער, בלוטיקע מערדער, וואָס זענען גרייט פאר א ליאדע קלייניקייט, פאר א שי־בוש, — קאלט צו מאכן א מענטשן, צונעמען אים דאס לעבן; פיסטאַ־לעראס זענען די לייט וואָס באנוצן זיך מיט דער פיסטאליע איז ביי זיי א לייכטער און גלייכצייטיק רייצנדער שפּיל. אבער וועל־כער מאן מיט בלוט אין די אדערן, ווי דער מעקסיקאנער דריקט זיך אויס, האָט עס נישט קיין אינערלעכע באדערפעניש פון צייט צו צייט צו שטעלן אין קאָן זיין לעבן — און דער עיקר יענעמס לעבן.

דער פאסעק אויפן רוקן און די פיסטאליעביים זייט איז אן אינטעגראלער טייל פון דער הלבשה ביי דעם מעקסיקאנער מאן, און אפילו איינער, וואָס גייט אָן שיך און מיט שמאטעס אויף די לענדן, וועט זיין לעצט צענויפגעקראצטע געלט אויסגעבען אין גע־ווער־געשעפט פאר א רעוואָלווער. ווער עס האָט קיין געלט נישט און האָט אפשר נאך קיין צורת־מטבעה נישט געזען פאר זיינע פאר־זשומורגעטע אינדיאנישע אויגן, טראגט אין קעשענע א קינזשאל־מעסער, אדער סתם א מעסערל, וואָס קאָן דאך שטענדיק צונוץ קומען.

עס שטעקט דא אין די מענטשן דער אוראלטער אינסטינקט נאך בלוט. דאָס לעבן איז ביי קיינעם דאָ נישט טייער און אוודאי נישט הייליק. נישט דאָס אייגענע לעבן און אוודאי נישט דאָס לעבן פון דעם צווייטן. די מינדעסטע באַליידיקונג צערייצט דעם „העלד" און ער קאן „רואיק" זיין באַליידיקער אוועקלייגן טויט. און ער קאָן דערביי רואיק אוועקגיין, נישט א צופּ־טוענדיק מיט קיין אויג. א בייזער בליק אויף זיין פרוי (גארנישט אויף זייגע, נאר די וואָס ער באגלייט צופעליק) — איז אוודאי א מאטיוו פאר העכסטער אויפ־

רעגונג און מארד־אנפאל. אפגערעדט שוין אנדערע סיכסוכים, וואָס טרעפן דאך ביי לעבעדיקע מענטשן אזוי אפט.

לאמיר נישט פאראלגעמיינערן און וולגאריזירן אָט דעם פאקט עס וואלגערן זיך נישט קיין צעשאסענע און געשטאכענע אויף די גאסן און מערק פון דער ריזיקער און סוּדוספּולער מדינה, וואָס איז וויניק באפעלקערט און פארמאגט געגענטן, ווו קיין מענטשלעכע פוס איז נאָך נישט צוגעקומען; וואָס האָט אין אירע ווייטע ווינקלען האלב ווילדע שבטים פון אינדיאנער, וועלכע פירן נאָך א לעבן פון חיות — — עס איז מעגלעך אז אין די ציוויליזירטע לענדער אין אייראפע קומען פאר פראפארציאָנעל מער מארדן ווי דא. (אפגע־רערט שוין פון יענעם מקומות ווו עס קומען פאר מלחמות).

דאָס לעצט געזאגטע וועט אונז ווערן פארשטענדלעך ווען מיר וועלן צוגעבן, אז קיין רויבער זענען כמעט נישטאָ צווישן דאזיקן פאָלק, קיין גרויסע גנבים אויך נישט. דאָ גנבעט מען אָדער א קיך־מעסער דאָס הייסט א קלייניקייט, א שפּילצייג, איין שוך קיין קרי־מינאליטעט פון דעם פארברעכערישן מין וועט איר דא נישט גע־פינען כמעט.

אָבער נקמה־מארדן זענען אנערקענטע אייגנשאפטן אין דער פסיכיק פון דעם היגן מענטשן, וואָס נעמט דאס לעבן מיט אזא לייכטקייט, נישט ווערטיקייט — אז עס ווערט כמעט שטענדיק בא־רעכטיקט פון ארום. און עס וועט אפילו בארעכטיקט ווערן פון די נאענטע פון דעם קרבן, אויב דער מארד איז נאר נישט אויסגעפירט געוואָרן אויף א פחדנותדיקן אופן. דאס הייסט, נישט פון הינטן ארום, נאר אנגרייפנדיק פון פארנט, געבנדיק יענעם א מעגלעכקייט זיך צו פארטיידיקן. טרעפט טאקע אָפטמאָל, אז דער אנגעגריפענער באוויזט ארויסצוכאפּן בליץ־שנעל זיין פּיסטאָליע און באלד וואל־גערן זיך צוויי מענטשן אויף דער ערד אין זייער אייגן בלוט.

— אָבער נישט ווי קיין קאבארדע (פחדן) האָט ער געשאסן — איז א גרויסער שבח פאר א מערדער.

דער בעסערער מעקסיקאנער, דער פיין־געקליידעטער און וואָס זיין פּיסטאָליע איז ווערט עטלעכע הונדערט פעזעס, ווייל זי איז פון א גרויסן קאליבר און גוטער ווייט שיסנדיקער מארקע — וועט

זיך שטארק באליידיקן, ווען עמיצער זאל אים אנרופן חלילה „פּיס-טאָלעראָ“ (רעוואָלווער העלד), און ער וועט דעם עמיצן אריינפּייער־רען פאר כעס א קויל אין הארצן.

ווייל דאס לעבן איז ביי יעדן אזוי ביליק שיינקט מען ניט קיין גרוים אויפמערקזאמקייט אויף די דורכגעפירטע מארדן; אויב די צייטונגען דרוקן יעדן טאָג א ספּעציעלע אכט זייטיקע ביילאגע מיט מארד־נייעס — איז דער הויפּט טראָפּ אין די באשרייבונגען אויף דעם אופן פון מארד, זיינע סיבות און דאס וויכטיקסטע: די פּאָזי־ציע פון דערשאָסענעם, ווי מען האָט אים געפונען ליגן, צי האָט דער שיסער זיך נישט געפירט לויט די כללים פון ריטערלעכקייט און איז נישט באפאלן דעם קרבן פון הינטן-ארום. אזא מארד ווערט דורך אלעמען פאראורטיילט.

בלוט איז ביליק. זונטיק נאכמיטאָג זענען אין די מעקסיקאנער שטעט פול מיט צענדליקער טויזנטער מענטשן די פּלעצער פון די אָקסן־קאמפן, ווען דער גענייטער און העלדישער „מאטאדאָר“ (אָק־סען־טויטער) שטעכט אריין דעם שפּיז אין רוקן פון דעם פריער פארוונדעטן און צערייצטן אָקס — און עס הויבט אן פון זיין מויל נאז און אויערן פליצן דאס בלוט — דאן דערגייט דער עקסטאז ביים המון ביזן העכסטן גראד; די סמאָיע רינט ביי טויזנטער מענ־שטען פון די מיילער, ווי דאס בלוט ביים אומשולדיקן אָקס.

און ווי צום „מאטאדאר“ וואָס פירט נישט דורך גוט דאס שטיקל ארבעט פון דערשטעכן דעם אָקס, מאכט עס נישט גענוג גע־שיקט אָדער „פּארטאטשנע“; נישט נאר ווערט ער פארשריגן פאר א שלימזל פון צענדליק טויזנטער העלזער — נאר עס נעמען פליען צו אים פון אלע זייטן פון די אנגעפּראפּטע טריבונעס שטיינער, אייזנס און פלעשער און ער פארענדיקט שיעור נישט מיט סקילה; און ווען אזא איינעם האט גראד דער אָקס א נעם געטון אויף זיינע הערנער, אדער אים געמאכט א לאָך אין בויך — באגלייט אים דער המון מיט שפּאט-געשרייען און פייפעררייען ווען די סאניטארן פירן אים ארויס פון פּליאץ.

— מאטאלע (טויט אים) שרייט יונג און אלט צום אקסן־קעמ־פער, אָדער אפילו אין גאס ביי א געוויינלעך געשלעג, צו וועלכן

אלע ארום קוקן זיך צו מיט פארכלינערדיקער הנאה, און קיינער וועט זיך נישט אריינמישן פאנאנדערצונעמען די צדדים ביז איינער וועט באזיגן דעם צווייטן. אפטמאל לאזט אפילו נישט דער עולם דער אנ־קומענדיקער פאליציי צעריסן די צדדים.

עס זענען דא געדונגענע פיסטאלעראס, וואס פאר א הונדער־טער נעמען זיי אן א שטיקל ארבעט פון אפראמען פון וועג א מענ־טשען. א צווייטן הונדערטער וועט שפעטער דעם גייסטיקן טאטן פון מארד קאסטן דאס ארויסנעמען דעם מערדער פון תפיסה, ווייל דאס געריכט ווען איז דא שטארק הינטערשטעליק; און צו וואס האלטן לאנג אין געפענגעניש איינעם, וואס האט אפגעשיקט צום רבונו של עולם א מענטשן? סיי ווי וועט שוין דער קרבן נישט לעבע־דיק ווערן.

די געדונגענע פיסטאלעראס ווערן פון אלע קרייזן פאראורטיילט, מאראליש ווערן זיי באטראכט ווי א געפאלענער עלעמענט. באנדי־טען און געננסטער זענען נאר אזעלכע וואס מארדן יענעם צוליב א וואסערן פארדינסטל אבער אויך די ווערן דאך זעלטן באשטראפט און דערפאר גייען זיי אן מיט זייער פראפעסיע.

מען פלעגט אמאל זאגן אין דער וועלט א ווערטל: מעקסיקאנער מעטאדן. יא, אין פארגלייך מיט אמאל מיט דער רעוואלוציע־צייט (מעקסיקע האט דורכגעמאכט א זיבן־יאריקן בירגער־קריג: 1910-1917) — איז היינט א גן־עדן. אנהויבנדיק פון ערשטן קאנסטיטו־ציאנעלן פרעזידענט פראנציסקא מאדערא האט מען נאכאנאנד דער־מארדעט אין פאליטישן קאמף א צענדליק פרעזידענטן און מלוכה־פירער. עס פלעגט ארומגיין ביז מיט א יאר 7-8 צוריק א ווערטל, אז דער וואס ווערט אויסגעוויילט פאר פרעזידענט איז שוין פארמשפט צום טויט און עס איז דאך אפגערעדט אז קלענערע פישלעך, פשוטע בשר־ודם'ס זענען אין פאליטישן קאמף געפאלן ווי פליגן. אין פאר־לאמענט נישט נאר אויף מיטינגען, האט מען דיסקוטירט מיט פיס־טאליעס.

יא — היינט איז שוין גאלדענע צייטן. אויך אין דעם זין גיים מעקסיקע א ראשיקן גאנג פארויס. אבער אין בלוט ווימלען דאך הייסע בלוי־פונקען.

די מענטשן זענען דא פלעגמאטיש און אין די ווייטע הייסע געגענטן, אפילו אפאטיש צו אלץ ארום און צו זיך אליין. זיצן זיי רואיק אין שטרויענע כאטקעס אין די דערפער, זייען נישט, ארבעטן נישט און... עסן נישט. מען זינגט ראמאנטישע לידער, און אזעלכע סענטימענטאלע און מיט אזא טיפער דבקות, ווי עס וואלט געווען א מיסטיש געזאנג; מען שפילט אויף גיטארעס און מען זינגט; מען ליבט פרויען מיט אזא ברען און אייפער, אז עס איז א וואונדער ווען אזעלכע ליבעס זאלן זיך מיט קיין בלוט-פארגיסונג נישט ענדיקן.

און מען עסט טארטיאס מיט פריכאלעס (מאאיז-פלעצלעך מיט געקאכטע בעבלעך) מען פארטרינקט מיט פולקע (נאציאנאלער געטראנק, א מין שלעכטער און ביליקער אלקאהאל) און מען לעבט דורך פאר 10 סענט א טאג, פארן עקוויוואלענט פון א פלעשל לעמאניאד. דערפאר דארף מען גארנישט, זארגט מען גארנישט. יאגט מען זיך נישט, האט מען שווארצע קעפ האר, ביזן עלטער אריין — געזונטע ציין אין די מיילער און בליציקע אויגן, ווי בליציק הייס עס זענען די הערצער.

דארף מען אמאל שטילן דאס שוין צו פיל צעהיצטע הארץ — איז דער בעסטער מיטל דערצו דער קנאל פון א רעוואלווער־שאס, דער שניט מיט א מעסער. עס ווערט דאן אויסגעלאדן דאס פון לאנגע צייטן אנגעזאמלטע אין די אדערן רציחה און עס ווערט לייכט אויף דער נשמה.

דעריבער דארף מען טראגן א פיסטאלע מיט זיך, אדער כאטש א מעסער. און ווער עס איז א „מאטשא“ (א מאן, א העלד — מעקסיקאניזם) דער וועט אן אזא „כלי“ נישט ארויס קיינמאל אין

גאס

# מיקים גאט...

מיקי איז זייער א געראטן קינד. ביי זיין מאמען דער גרעס־טענסטער אין דער וועלט. צו פינף יאר רעדט ער שוין אפילו מיט דער מאמא האלבע ווערטער אין... יידיש, ווייל באטש זיין נאמען איז אזא נישט יידישער — איז ער א פאלנער ייד. ער הייסט מיקי — אבער א נאמען איז ער נאך זיין זיידן מאיר, וועלכן די מאמע זיינע האט אויך נישט געקענט.

דער נאמען מיקי איז דער מאמען זייער געפעלן געווארן. עס איז צערטלעך און מעקסיקאניש און זייער לייכט ארויסצורעדן. מי־קים מאמא איז נאך זייער יונג, קיינער וואלט נישט געזאגט, אז זי האט שוין א 5 יאריקן יינגל. זי איז דאך קוים קוים אריינגעפאלן אין צוויטן צענדליק און זעט אויס נאך מיט א האלבן צענדליק יאר וויניקער.

קוועלט זי די יונגע סאלא פון איר יינגעלע און זעט אין אים די גאנצע וועלט. מיטן מאן רעדט זי רוסיש, מיטן זונעלע שפאניש און איר גאנצער לעבן האט מיט יידישקייט גארנישט צוטון. ביי אירע עלטערן אין שטוב קומט איר אויס אמאל צו באנוצן א יידישן ווארט, ווען זי וויל עפעס זאגן איר מאמען, מיקים באבען, א חכמה־לע פון איר אוצר, אז ער זאל נישט פארשטיין. אבער מיקי — אין וואס פאר א שפראך מען זאל עס נישט זאגן, דערפילט, אז עס רעדט זיך וועגן אים, ער לייענט עס אראפ פון דער באבעס פאר־טרערטע אויגן, וואס קוקן אזוי שלינג־צוקערדיק אויף אים — און ער דערפילט זיך מעשה יתסן, פארשפילט זיך טיפער מיט די אן א שיעור שפילצייג וואס זענען פול ארום אים, ווי ער וואלט זיך וועלן מאכן נישט הערנדיק.

מיקי איז טאקע א קלוג קינד. זיין אויפנאם פיזיקיים איז א

פלינקע און ער געדיינקט אַלץ וואָס מען זאָגט אים. ער ווייס שוין אפילו ווי זיך צו הנדלען צו דער מאַמען, כדי צו פּועלן, אַז זי זאָל אביסל אַפּלאָזן פון דער האַרטער דיסציפּלין, וואָס זי האָט אויף אים איינגעשטעלט. זיין בעסטער מיטל איז צו טון אַ קווינקל זיך, אַ קאַרטש און ענטפערן דער מאַמא אויף איר אומרואיקער פראַגע, אַז דאָס קעפּל טוט אים ווי.

סאַלאַ, מיקים מאַמע, פאַרשטייט זיך שוין אויף די שטיקלעך פון איר ליבן בן־יחידל, און פון געשמאַקייט אליין, וואָס ער איז אַזוי ממזריש קלוג, גיט זי אים נאָך זיינע קאַפּריזן און צערייסט אים קושנדיק.

סאַלאַ איז אַ מאַמע מיט דערפאַרונג. די שטריינגע דערציאונג, וואָס זי האָט באַקומען ביי איר אמביטנעם פאָטער, די פלאַגענדיקע קינדהייט, וואָס זי האָט ביי אירע עלטערן דורכגעמאַכט אין דער רוסישער היים און אויף דעם לאַנגען וועג פון דאָרט קיין מעקסיקע, ווי אויך די ערשטע שווערע יאָרן אין דעם נייעם לאַנד — האָבן פון איר געמאַכט אַ פאַרהאַרטעוועטע נאַטור, אַ מענטשן מיט אַ גראָדן קוק אויפן לעבן און באַשטימטע צילן.

באָריס, איר מאַן, איז אַן אַנדער טיפּ ווי זי. אַן איינגעשלאָסע־נער אין זיך, אַ שווייגער און האַזאַרטפּולער — אימפּאָנירט איר אין אים דער קאָנטראַסט און זי נעמט אויף אַלע זיינע קאַנטיקע שטריכן מיט אויסגערעכנטער נאָכגיביקייט ביז זיי רירן נישט אָן איר אמביציע. זי שעצט באָריסעס אַרבעטזאַמקייט, זיין באַמיען זיך צו פּאָלגן איר פאָטער, וואָס איז אַ מענטש מיט וועלכן עס איז שווער אויסצוקומען צוליב זיין עקשנות און איבערגעביטערעקייט.

סאַלאַ געפינט נישט אין קיין זאַך קיין פּולקאָמענהייט. כדי צו שאַפן זיך גאַנצקייט נעמט זי פון איר אַרום טראָפנס, וואָס זענען לויט איר געשמאַק און צוגעפּאַסטקייט. פון מאַן די מענלעכע הער־שאַפט און טרייקייט, וואָס פאַרבייט די ליבע פון די ערשטע יאָרן; פון פאָטער דעם ניכטערן קוק און גוטן מיין; ביי זיך אַליין שאַפט זי דעם טיפּ פרוי וואָס אימפּאָנירט איר — נעט געקליידעט, האַלב קאָקעטיש און דרייסטן בליק, פלינקן, אָבער פאַרזיכטיקן טראָט —

און פון איר מיקין — אַלץ וואָס די וועלט פאַרמאָגט פאַר אַ שיינ־קייט, אַלע לעבנס זאַפטן, דעם גאַנצן לעבנס־ווילן.

מיקי — דאָס איז די וועלט. ביי סאָלאַ'ן איז איינגנטלעך מיקי מער ווי די וועלט. עס האָט זיך איר אַמאָל געחלומט אַ בייזער חלום מיטן קינד — האָט זי אָן אַ טראַכט טון ווייטער געחלומט, אַז זי האָט זיך שוין פאַרסמט און אַוועק לעבן דאָס אייביקע לעבן צוזאַמען מיט מיקין. ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט זי מיט אָפענער דריי״סטקייט דערציילט וועגן איר חלום דעם מאַן און מיט פעסט־קייט פאַרזיכערט, אַז אַזוי וואָלט זי געטון — די שעה זאָל נישט קומען.

דער זיידע האָט זייער ליב מיקין. דאָס איז דער יינגסטער גליד אין דער משפחה, זיין קלענסטער יורש און באַליבטסטער. אין זיין נישט געשריבענער צוואה פאַרנעמט מיקי אַ וויכטיקן אָרט, און אַפילו אין די אַקציעס פון דער טוך־פאַבריק איז מיקי שוין פאַרטראַ־טען ווי איינער פון די שותפים, פּראָפּאָרציאָנעל מיט די קינדער פון דעם אַלטן. ווען דער זיידע באַרירט מיקיס בעקל ווערט זיין אַל־טע, ביינער־דיקע האַנט ווייך ווי סאַמעט. ער האָט צו דעם אייניקל אַ געדולד — וואָס איז אין געגנזאַץ צו זיין גאַנצן אומגעדולדיקן צו־גאַנג צו מענטשן. שעהן ליגט דער קרוב זעכציקער אויף דער ערד און שפּילט זיך מיט מיקין. ער רעדט מיט אים ווי ער וואָלט אַליין געווען אַ קינד, ער ווערט נישט מיד צו ענטפערן אויף אַלע פראַגן פון דעם קליינעם, שלעפּט אים רייטנדיק, מיאַקעט און בילט, לאַכט און וויינט — אַבי צו אַמוזירן זיין גרעסטן נחת, זיין מיקי.

פעלט שוין מיקין גאָרנישט. וואָס פאַר אַ שפּילצייג עס זענען דאָ פאַר קינדער האָט זיי שוין דער קליינער געהאַט. ער איז ברוינ־לעך פון זון אויפן קערפּערל מיקי — ווייל די מאַמע נעמט אים אַלע ווײַלע אַרויס אויפן דאַך. זיין דיעטע איז אַ פּינקטלעכע לויט אַלע כּללים פון דער מאָדערנער מעדיצין — און זיין קליידונג, זיין פּאַר־ווײַלונג, זיין רו־צייט — אַלץ איז געמאָסטן און געוויגן. ווען מיקי איז עפּעס נישט מיטאַלעמען — גייט דאָס גאַנצע הויז אַרום ווי אָן

אַ קאָפּ. מען גייט נישט אין פאבריק, מען עסט נישט און מען קאָכט נישט, מען שלאָפט נישט און מען לעבט נישט — אוי וויי, מיקי...

* *
*

די דינסטן האָבן אויך ליב מיקין. אין פארק צווישן די קינדער טוילט ער זיך אויס מיט זיין לוסטיקייט און לייבטקייט, מיט זיין אייגענער דערפינדערישקייט ביים פארווילן זיך. מארטינא, וואָס האָט אים דערצויגן כמעט פון דער מאמעס בויך, איז אַ גוטמוטיקע מעק־סיקאנערין און זי וואָלט פאר „איר מיקי" אָפּגעגעבן דאָס גאנצע לעבן. זי נעמט מיט זונטיק דעם קליינעם אין דער „איגלעסיא", וואָס איז באשמעקט מיט ווייריך און אנגעפילט מיט חלבנער לופט.

מיקי זעט ווי מארטינא פירט מיטן האנט קניענדיק איבערן שטערן, מויל, הארץ און קושט דעם קליינעם פינגערל שעפּשנדיק שטיל — און ער קען שוין אפילו דאָס מאכן פונקט ווי זיין דער־ציערין. זי האָט אים געזאָגט, אז דאָס איז גאָט. זי קושט גאָט, אז ער זאָל באַשיצן זיין מאמא און אים. און מיקיס הערצעלע צאפּלט עפּעס, ווען ער זעט די פלעמלעך פון די קאָלירטע ליכטלעך און הערט דעם אָרגעל געזאנג. ער גייט מיט מארטינאַן צוריק אהיים אַ פאר־טראכטער. פלוצלונג פרעגט ער איר ווו איז גאָט און פארוואָס זי ווייזט אים נישט ווו ער וווינט. מארטינא זאָגט מיקין, אז גאָט וווינט אין הימל, אז שלעכטע מענטשן האָבן אים געהארגעט און מלאכים האָבן אים אויף אַ פייערדיקן וואָגן ארויפגעפירט אין הימל. דער קליינער מיקי איז אַ צעשראקענער פון מארטינאַס געשיכטעס וועגן גאָט; ביינאכט חלומט זיך אים, אז ער זעט דעם צוגענאָגלטן מאן פון דער איגלעסיא פליען ווי אַ שטיק פייער אין דער לופטן. שרייט ער פון שלאָף: מארטינא, מארטינא!...

* *
*

ביי סאלאָן האָט זיך געשטעלט די פראגע פון דער שול דערצי־אונג פאר איר קינד. זי האָט געהערט רעדן אין די הייזער ווו זי קומט

אריין, אז קינדער גייען אין א יידישער שולע, ווו מען לערנט אויך יידיש. איר איז עס נישט געפעלן. וואס קען מען לערנען אויף דער שפראך, וואס האט אזוי ווייניק ווערטער? אט זעט זי דאך ווי שווער עס איז איר זיך אויסצודריקן מיט אירע באקאנטע. וואס פארשטייען נישט גוט איר רוסיש צי שפאניש...

צו זעקס יאר, האט סאלא אפגעשטימט ביי זיך, וועט זי איר מיקין אפגעבן אין דעם קינדערגארטן וואס געפינט זיך אין איר קאָ־לאָניע. זי האט זיך נאכגעפרעגט און מען האט איר געזאגט, אז דער דירעקטאר איז א פראנצויז און די באהאנדלונג איז דארט זייער א גוטע. באריס האט דאס איבערגעלאזן צו איר אנטשיידונג און דער זיידע האט זי געפרוווט איבעררעדן, אז זי זאל מיקין שיקן אין דער יידישער שולע, אבער ער האט נישט געפועלט. דערווייל האט דער פאמיליען ראט באשטימט, אז מיקי זאל די עטלעכע מאנאטן ביזן זעקס יאריקן געבורטס־טאג זיך שפילן און געניסן פון זיין קינ־דערישן לעבן; און דערנאך וועט מען זען.

*   *

*

מיקי האט מיט א קלינגענדיק געלעכטער פארהילכט דעם הויף פון דער קאלאניע און האט זיך געשפילט מיט פיל חברימעלך פון די שכנים גאנצע טעג. ער איז געווען א מין קאמאנדיר איבער די קינ־דער, ער האט איינגעארדנט יעדן אויף זיין פליאץ, אלע קינדער האָ־בען זיך געדרייט ארום אים און ער,מיקי האט געזאגט ווי מען זאל פון דעם געלן זאמד אויפשיטן בערגלעך, ווו מען זאל אריינשטעקן פלעקלעך, ווער עס זאל ווארפן דעם באל און ווער עס זאל לאזן גיין דעם גרויסן קינדער באן, וואס פייפט און דרייט זיך איבער שמאָ־לינקע שינעס און פון די וואגאנטשיקלעך לייכטן ארום פייערלעך, שמעקן ארום פיטשינקע פאסאזשירן. דער „באן“ איז געווען זיי־נער. דאס האט אים די מאמא געבראכט א מתנה צו זיינע פינף יאָ־רעלעך, בעת זי איז צוריקגעקומען פון די שטאטן.

סאלא איז געווען די איינציקע יידישע שכנה אין דער הויז. די שכנים האבן זי אנגענומען פאר א „רוסא“ אדער גאר פאר א פראנ־

צוויזן און מיקין האָבן זיי אַלע ליב געהאַט פאַר זיין פיינער דערציי־אונג און פאַר זיין לוסטיקייט ווען ער שפּילט זיך מיט זייערע קינ־דער. מיקי האָט איינגעזאַפּט אויפן הויף די לופט פון דעם אָרום. די מאַמעס פון זיינע חברימלעך האָבן אים אָפּט אַריינגענומען אין הויז, ווייל, אַז מיקי איז געווען, האָבן די קינדערלעך געפאָלגט און זיך געלאָזט אַנקאָרמענען. מיקי האָט אַריינגעצויגן אין זיך ביסלעכ־וויז די גייסטיקע אַטמאָספער וואָס האָט געוויינט אין יענע הייזער. ער האָט געזען אין די ווינקלען פון שטוב שטיין אַ בילדל פון יענעם גאָט וואָס מאַרטינאַ האָט אים אַנגעוויזן אין דער איגלעסיאַ; אַ פלעמל האָט שטענדיק געפלאַטערט אין יענעם ווינקל. ער האָט גע־הערט פון די קינדער דערציילן ווי מען האָט דעם גאָט פאַרפייניקט און זיך דערוווסט, אַז דאָס האָבן געטון די שלעכטע מענטשן די כור־ריאָס. זיין הערצל האָט געציטערט, געצאַפּלט דערפון און איינמאָל האָט אים זיין חברל, אַלפאָנסאָס מאַמע, געגעבן אַזאַ גאָטעלע אויפגעהאַנגען אויף אַ האַלץ, מיט צעשפּרייטע הענט, געקאָוועטע פיס און דורכגעזעצט מיט טשוועקעס, פון וועלכע עס האָבן זיך גע־צויגן רויטע פלעקן, בלוט פלעקן.

מיקי האָט נאָכגעטון אַלפאָנסאָן און געקושט דעם גאָטעלע. ער האָט געזען ווי איבער זיין חברס בעטעלע הייגט פונקט אַזאַ גע־קרייציקטער — איז ער אַרויף אין הויז, אַריין צו זיך אין צימער און מיט אַ שנירל צוגעבונדן צוקאָפּנס פון זיין בעטל דעם גאָט. אין אָוונט, ווען סאַלאַ איז געקומען אַהיים איז זי אַריין אַ קוק טון אויף איר מיקין, ווי ער שלאָפט — און געזען הייגנען דעם יעזוסל. זי האָט זיך עפּעס מאָדנע אַרומגעקוקט אַרום צימער פונם קינד און דאָס האַרץ האָט איר גענומען ציטערן. זי האָט געטראַכט, אַז דאָס האָט מאַרטינאַ מסתמא פאַרן שלאָפן לייגן איר זונעלע אָפּגעטון אַזאַ מין זאַך; זי האָט דאָך אים אַזוי ליב און זי איז אַ גלויביקע. און זי ווייסט דאָך נישט, אַז זי געפינט זיך אין אַ יידישע הויז.

סאַלאַ האָט אַראָפּגענומען דאָס בילדל און עס אוועקגעטראָגן אין זאַל, פאַרזיכטיק אוועקגעלייגט אויפן ראַדיאָ געשטעל. זי האָט אָפּ־געמאַכט ביי זיך, אַז זי וועט אינדערפרי זאָגן מאַרטינאַן זי זאָל מער

אזוינס נישט טון, ווייל פארן קינד איז נאך צו פרי צו וויסן פון אזוינע זאכן.

איידער סאלא האט נאך פארענדיקט איר שלאף — איז ביי איר בעט געשטאנען מיקי א פארווייינטער און זי געריסן, מאמא! מאמא! סאלא האט זיך איבערגעכאפט א דערשראקענע, מיינענדיק, אז דעם קינד איז עפעס געשען און זי האט אים אויף גיך ארייננע־נומען צו זיך אין בעט, בארואיקט איר קינדעלע, געגלעט אים אי־בערן קעפל און פון זיין שלוכצן דערגאנגען, אז מען האט אים אפ־געגאנוועט זיין נאט...

— ער האט זיך אויפגעכאפט און נישט געפונען מער גאט איבער זיין בעטל, האט ער זיך דערשראקן מיקי און איז מיט א גוויין גע־לאפען צו דער מאמא. מיקי האט איר דערציילט, אז דער גאט איז געווען אזא גוטער, אז ער היט אלע קינדער איין פון שלעכטס, עס זאל זיי גארנישט פאסירן — און אז שלעכטע מענטשן, די כודיאס, האבן אים דערהרגעט... — פארוואס האט ער געפרעגט ביי מאמא, האבן זיי אים דאס געטון, אזעלכע מערדער, אזעלכע שלעכטע, אלע האבן מורא פאר זיי, כאפן קינדער און זיי הרגענען זיי...

סאלאן האט זיך א מיש געטון אין קאפ. זי האט גענומען פאר־רעדן מיקין, אז ער זאל נישט קלערן וועגן אזעלכע זאכן, אז די קינ־דער וויסן נישט וואס זיי רעדן; געפרעגט אים, צי ער וויל זיך באדן איצט, וועט זי אים נעמען באלד אין דעם גרויסן פארק, וווּ ער וועט פארן אויף א פערדל און זי וועט אים קויפן א נייע גרויסע באן, און זי וועט אים נעמען צום פלימעניקל זיינעם העניעקן — און קוים וואס זי האט דעם קליינעם פאררעדט. פון מארטינאן האט זי זיך דערוווסט, אז דאס האט מען ביי אלפאנסיטאן געגעבן איר מי־קין דעם יעזוסל. סאלא האט עס אפגעגעבן דער אלטער, אז זי זאל עס פון שטוב ארויסטראגן. א גאנצן פרימארגן איז זי געווען א צע־רודערטע, עס איז איר געפאלן פון די הענט, עס איז איר פון קאפ נישט ארויס מיקיס ווערטער וועגן די כודיאס, די מערדער, וואס ער האט אזוי פיינט, פארוואס זיי האבן געהארגעט גאט...

זונטיק איז סאלא און באריס מיטן קינד געווען איינגעלאדן

אויף מיטאָג ביי איר פאָטער. זי האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה צי זי זאָל וועגן מיקים מיסטיציזם דערציילן אירע עלטערן. אליין האָט זי קיינמאָל נישט געהערט אין הויז פון אירע טאַטע מאַמע, אַז מען זאָל רעדן וועגן אַזעלכע זאַכן און פון בלויזן וויסן, אַז אירע עלטערן זענען יידן האָט זי זיך אויך געפילט פאַר אַ יידין. מיקי האָט דאָך געקענט אַ פּאָר ווערטער יידיש אפילו. סאַלאַ האָט די עטלעכע טעג מער געקלערט וועגן איר יידישער אָפּשטאַמונג. אַז די מאַמאַ האָט איר אָפּגערופן דורכן טעלעפאָן האָט זי אינסטיקטיוו גערעדט צו איר יידיש און נישט ווי שטענדיק רוסיש. זי האָט ביי אַ באַקאַנטער געזען אַ יידישע צייטונג און גענומען עס אויף צו לייענען, כאָטש זי האָט זייער שוואַך געקענט אָט די געציקלטע אותיות. איבער דער צייטונג איז געווען אַ גרויסער אויפשריפט, מיט פעטן שריפט און סאַלאַ האָט מיט שוועריקייטן דאָס איבערגעלייענט און נאָכגעזאָגט: פּאָגראָמען אויף יידן אין גאַנץ דייטשלאַנד — 3 טויזענט טויט פון נאַצי־כוליגאַנעם...

* *

*

סאַלאַ האָט ביים מיטאָג דערציילט פאַרן גאַנצן טיש וועגן מיקים געגנבעטן גאָט און אַלע האָבן האַלב אין שפּאַס, אָבער מיט באַהאַלטענעם ערנסט אויסגעפרעגט אַלע קלייניקייטן. סאַלאַ האָט זיך פאַרענטפערט, אַז דאָס קינד איז נישט שולדיק און אַלע, אפילו דער זיידע האָט געהאַלטן מיט איר, אַז מען זאָל מיקין גאָרנישט זאָגן און נישט דערוועקן אין אים אָט דעם פּראָבלעם. ער וועט נאָך צייט האָבן צו וויסן וואָס און ווען און די קינדערשע זאַכן פאַרגעסן.

סאַלאַ האָט מיקים זעקס יאָריקן געבורטסטאָג געפּראַוועט ביים זיידן אין שטוב. זיינע חברימלעך פון הויף האָט זי נישט איינגעלאַדן. דער זיידע האָט גערעדט צו מיקין אויף יידיש, גענומען אים אויפן שויס און גערופן מאַירל, מאַירקע טייערער... סאַלאַ איז פון דעם געווען זייער צופרידן.

איינער פון די געסט האָט געפרעגט ווי מען דיינקט מיקין צו געבן לערנען. סאַלאַ האָט האַסטיק געענטפערט, אַז דער זיידע וועט

שוין פאר אים אויסזוכן א שולע. זי וויל דעם פאפא צוליב טון, אז ער זאל זיך אפגעבן מיט דער דערציאונג פון זיין ערשטן איינּיקל. דער אלטער האט דאס געהערט און געשמייכלט אונטער די וואנ־סעס. ער האט איצט נאכמער געהאלטן פון זיין באזאכטער טאכטער ווי פריער און זיך געקלערט, אז עס שלאגט אין איר א אדער נישט אזוי פון אים, צי פון זיין פלונית — נאר פון אירע אור־עלטערן.



# „יוגנט-זינד"

ער איז געלעגן בייטאָגט אויפן בעטל, געפילט א מידקייט אין אלעביינער, און שלאָפן האָט ער נישט געקענט. הערשקע — האָט מען אים גערופן אין דערהיים צווישן חברים און געווען איז ער דער פרייסטער צווישן פרייע. ווען ער האָט נאָך געטראָגן די קאפּאָטקע איז ער שוין געגאנגען אין לאָקאַל פון די וועבער: ווען ער האָט אָפּגעשניטן די פאות און זיך געקויפט א היטל אָן א דאשעק האָט זיין טאטע קריעה געריסן, געטריבן אים פון שטוב און נאָר די מאמע איז אים בייגעשטאַנען, אז ער זאָל אָפּקומען אָן קלעפּ.

ביים וועב-שטול האָט ער נישט גערוט. א גאנצן טאָג איז ארום אים פול געווען מיט ארבעטער און ער איז גיך געוואָרן זייער דערלעגאט און אָנפירער.

ווי קומט ער איצט אזוי ווייט פון די חברים מיט וועלכע ער האָט קנאַפּע צען יאָר לידער געזונגען, דאר ברויט געגעסן, אויף דער־מאָנסטראַציעס מארשירט, און מיט די חברטעס ליבעס געפירט — ווי קומט ער איצט דאָ ביי דער יידענע אין שטוב אין דעם ווייטן לאנד ווי א פרישער עמיגראנט און קווארטיראַנט — האָט ער אליין נישט געוווּסט.

איידער ער פלעגט איינשלאָפן האָט זיך הערשקען רק געצויגן פאר די אויגן זיין שטעטל מיט די יידן, זיין ארבעט און זיין זאָרג, זיין לויפן און זיין שטרעבן. זיין האָווענייש פאר דער באוועגונג און זיין גלויבן אין דעם קאמף פאר א נייער ארדנונג, ווו אלע וועלן אר־בעטן און עס וועט קיין עקספּלואטאציע נישט זיין.

האָט הערשקע עטלעבע מאָל פון שלאָף גערעדט אויפן קול וועגן אזעלכע זאכן, וואָס די אלטע איטשיכע האָט נישט פארשטאַנען, וואָס דאָס מיינט. ביי דער איטשיכע האָט הערשקע געהאַט א גוטן נאָמען, ער פלעגט איר צאָלן פּינקטלעך פארן עסן און וווינען און זי

פלעגט נאָך ביי אים כאַפּן אַ פּעזע פריער אויף, און טאַקע פּרוּוון זיך צו מאַכן נישט וויסנדיק ביים רעכענען זיך. טאָמער...

די איטשיכע האָט שוין געזען אַ סאַך גרינגע. דורך אירע צימערן אויף נאָוואַ מעכיקאַ זענען שוין דורכגעגאַנגען צענדליקער פרישע און פון אַלעמען האָט זי געוווּסט די אָפּשטאַמונג און די סיבה פאַר וואָס ער איז געקומען אַהער קיין מעקסיקע. די איטשיכע האָט געוווּסט ווער עס איז פון „יענע חברה", פון די וואָס זענען געקומען אַהער פון אַרגענטינע, פון אָנהויב זיך געשטעלט אין דער „פּרנסה" און נאָכער געוואָרן מענטשן מיט ביזנעס. די איטשיכע האָט געוווּסט ווער עס איז אַנטלאָפן פון די זעלנער און ווער פון אַ שטיקל משפּט מיט די חזירשע פּאָליאַקן, ווער עס האָט אין דערהיים געלאָזט אָרנטלעכע עלטערן און ווער אַ כלה. אַלץ האָט די איטשיכע געוווּסט.

ביי אַ סאַך האָט זי גענומען וואָכער אַ צען סענטיקן און מער אויך, ווייל מען דאַרף מיט איר לעבן גוט. האָט די איטשיכע געמאַכט אַ פיין באַלעבאַטיש לעבן אין די צימערן און פון אירע באַטן האָט נאָך אַראָפּגעקנאַקט די אַמאָליקע שיינקייט, וואָס איז ביי איר געווען אייביק אַ שטאָלץ. ביי דער איטשיכע האָט איר נאָר נישט געקענט וויסן צי זי האָט אַמאָל געהאַט קינדער — ווען איר מאַן האָט זי יערן דעם ערשטן טאָג דערציילט, אַז ער איז איר פאַרנדיק פון בוענאָס איירעס אַהער, פאַרשווּנדן געוואָרן און זי ווייסט נישט וו זיין געביין איז אהינגעקומען...

* * *

די איטשיכע האָט הערשקען נישט פאַרשטאַנען. ס'ערשטע האָבן גענומען צו אים אויף דער פּערטער וואָך אָנקומען בלעטער און ביכלעך פון יענער זייט ים, אַזוויי זיין געשעפט וואָלט געווען פון ביכער און ציימונגען. ביים עסן איז ער געזעסן באַזונדער, אַריינגעגראָבן אין אַ בלאַט און געלייענט און געזופּט. אין אָוונט — ווי ער איז נאָר אַריין אין הויז און אַראָפּגעוואָרפן פון פּלייצע די קעסטל — ווידער דאָס זעלבע. מיט די אַנדערע יאַטן האָט ער ווייניק גערעדט — און עפּעס איז איר געווען נישט פאַרשטענדלעך וואָס ער רעדט פון שלאָף...

— און אפשר — האט זי אים איינמאל א פרעג געטון, בייגקט איר אזוי נאך דער היים, נאך טאטע מאמע, אפשר גאר נאך א כלה — טא זייט נישט קיין יאלד הערשקע. א עמיגראנט טאר נישט בייג־קען. מען ווערט חלילה קראנק און מ'איז פארשפילט אויף הונדערט פראצענט, ווייל דא איז אמעריקע, און קיינער קוקט זיך נישט ארום ווען מען ליגט אין בעט און מ״האט נישט א גראשן.

הערשקע האט נישט געהאט קיין גערולד צו דער איטשיכע; אויף צען ווערטער האט ער איר געענטפערט איינעם. א גאנצן טאג, אז ער איז געגאנגען איבער די גאסן מיטן פעקל פלעגט ער פארגעסן ווו ער איז אין דער וועלט. די מאטערניש פלעגט זיך ביי אים אנ־הויבן ביינאכט. וואס טוט ער דא אייגנטלעך און צוואס? ער האט עפעס געלייענט אמאל א באשרייבונג פון וואגלענישן אויף עמיגראַ־ציע, וועגן פעדלער, וואס ווערן ארייננגעוואקסן אין א פרעמדער סבי־בה, רייסן זיך אפ פון אלטע געוווינהייטן, גייען איבער דארף און שטאט, ברענען זיך אויף דער זון, מאכן קוים צום לעבן און קומען אפט צוריק אין דער אלטער היים, נידערגעשלאגענע, שעמעוודיקע, דערציילן נישט ווו און וואס זיי זענען געווען.

איז ער אזא פעדלער איצט? און עס טרעפן אויך פאלן האט ער זיך דערמאנט, וואס אזא איינער רייסט זיך ארויס פון ארימקייט, קלויבט אן א ביסל געלט, ווערט א סוחר אדער א פאבריקאנט. וואס זשע איז ער? ווי ווייט איז ער פון זגערש, פון די חברים, פון דער וועב־שטול, און וויפל פארדינט ער א טאג? זענען געלאפן די מחש־בות איינער נאכן אנדערן און האבן הערשקען געמאטערט.

אפטמאל פלעגט ער אויפשטיין אינדערפרי און די פיס פלעגן זיך ביי הערשקען נישט הויבן. דער פעקל האט זיך אויסגעוויזן אזוי שווער ווי א בארג; גאר שווער איז אים דאס ארומשלעפן זיך גע־ווארן נאך דער מעשה מיט א פויערטע, וועלכע האט אים איבערגע־צאלט א גאלדענע צוויי פעזע־שטיק. עס האט זיך אים רק געדוכט, אז די פויערטע זוכט אים, אז דאס איז געווען געווים איר לעצט געלט און ווער וויים צי זי האט עס נישט געדארפט אויף אפנעמען א מעדיצין אין שטאט פאר איר קראנק קינד...

ווען ער האט איינמאל אן אוונט דערציילט ביי דער איטשיכען

ווען דער געשיכטע מיט דער פויערטע האָבן די יאַטן אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. שלום דער געלער, אַ געביפּטער וואַרשעווער יינגל האָט געזאָגט, אַז הלוואי מאַכן זיך אים אַזעלכע קונים צען אַ טאָג... און צום סוף האָט מען געפּאַסקנט, אַז אויב הערשקע וויל בלייבן אַן אָרנטלעכער מאַן, זאָל ער די צוויי פּעזעס אָראָפּגעבן צו דער איטשי־כע און זי וועט מאַכן אַ היימישע וויעטשערע, מיט הערינג און קנאָ־בעל, אַז עס וועט צעגיין אין אַלע גלידער, אַ מחיה...

הערשקע האָט אַרויסגעצויגן פון זיין לעדערן בייטל אַ גאָלדערן צוויי־ערל און עס דערלאַנגט אַ שמיץ אויפן טיש, אַז עס איז דורכ־געלאָפן בלישטשענדיק פון איין עק צום צווייטן — און אַליין איז ער אַוועק, אַ לייג געטון זיך אויפן בעטל, קיין אָרט זיך נישט געפונען.

*

*   *

אין אַ פרימאָרגן איז הערשקע אויפגעשטאַנען אַ בייזער און מונ־טערער. זיך אויסגעצאָלט מיט דער איטשיכע און איר אָנגעזאָגט, אַז ער פאָרט אַרויס פון שטאָט. די יידענע האָט אַן אים באַלד דער־קענט דעם ליגן און מיט מומישער רוגזה האָט זי הערשקען דער־לאַנגט אַ שטויס אין האַרצן אַריין און געזאָגט:

— הער נאָר, בלאָפער, וואָס האָסטע צו מאַכן צערעמאָניעס? צאָל אַריין ביז אַ סענט וואָס דאָס ביכעלע זאָגט און גיי זיך דיין וועג. פון מיינעטוועגן ווער אַ גביר אויכעט, נאָר בלאָף נישט די אי־טשיכע. איך ווייס, אַז דו גייסט אַוועקלייגן דאָס פעקל און זיך נע־מען צו וועבן שטאָפן; איך וועט זיך מיט דיר, אַז איך ווייס נאָך אפילעק וויפל געלט דו האָסט און ווער עס איז דיין שותף אויך...

הערשקע האָט נישט געוווּסט, צי זי האָט עס די יידענע גע־הערט פון אים ווען ער האָט גערעדט פון שלאָף, צי מען האָט איר שוין אין גאַס דערציילט. האָט ער מיט אַ שעלמישן שמייכל געקוקט אין איר צעפלייטשטן פנים מיט די דערטרונקענע אויגעלעך — באַ־צאָלט איר אויף שנעל וואָס זי האָט געזאָגט — און אַרויסבורטשענ־דיק אַ גוטן טאָג איז ער אַוועק, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ טראַסק מיטן טיר.

צוועלף מענטשן האבן ביי הערשקען געארבעט אויפן פינפטן מאנאט נאכן צעטיילן זיך מיט זיין שותף. ער וואלט שוין איצט גע־האט דריי מאל אזוי פיל מענטשן און סחורה, נאר ער איז אריינגע־פאלן מיט דעם שותף, האט ער זיך געלאזט אפשניידן א האלבן פאר־מעגן און אוועק אליין פאר זיך.

פון שלאף האט נאך הערשקע אלץ גערעדט. די ציטונגען, וואס זענען אים געקומען פון דערהיים האבן דערציילט וועגן דעם לעבן און דעם קאמף פאר דעם לעבן דארטן. ער האט געהערט וועגן שטרייקן אין דער וועבעריי־פאבריק ווו ער האט געארבעט; געליי־ענט, אז מען האט ארעסטירט בעת א לאקאוט זיין חבר לייזער דעם רויטן. האט ער גענומען הערשקע א נאטיץ ביכל, אראפגעשריבן פון ציטונג דעם אדרעס פון פאריין און אפגעשיקט א פינף דאלאר שטיק פאר די שטרייקנדע, דארט אין דערהיים. הערשקע האט געא־טעמט אלץ מיט „דארטן“ און דא איז ער, אליין נישט באמערקנדיק, עפעס געווארן אן אנדערער. דאסווארט „ארבעט“ און „ארבעטער“ האט ביי אים געהאט אן אנדער באדייטונג ווען ער האט געלייענט זיין יידישע ציטונג, און אינגאנצן אנדערש האט ער עס גענומען באגרייפן אויף מעקסיקאניש.

ער האט אליין נישט געהערט ווי ער האט זיך פאר א פריינט אויסגעדריקט, אז די היגע זענען פויל, אומפאראנטווארטלעך ביי דער ארבעט און א פעזע א טאג איז זיי שוין וויניק די בארוועסע... די זעלבע נאכט האט ער זיך געווארפן אויפן געלעגער און איבער־געטראכט, וואס אזוינס עס קומט פא־ מיט אים; וואס איז ער? א אייגנטימער פון א פאבריקל. ביי אים ארבעטן מענטשן און פון זיי־ער מערוועערט, האט ער שוין איצט ביי א זיבעטהאלבן טויזנט פע־זעס אויסער דעם אינווענטאר, וואס ער האט אפגעצאלט אין א קור־צע צייט, מיינט עס נישט — אז איך עקספלואטיר די מענטשן? האט ער זיך אליין געפרעגט.

וואס ווייטער האט ער אבער גענומען יאגן פון זיך אט די גע־דאנקען, פארטרייבן די נארישע מחשבות. איינמאל ווען עס האט אים זיך פארט געבאמבלט אין מוח די זעלבע קשיה האט ער קוקענדיק

אינם שפיגל פון באַר־צימער צו זיך אַליין זיך געוואונדערט, ווי ער וואָלט געענטפערט אויף אַ קשיה פון זיין געוויסן:

— צוויין הערשקע, דו ביסט אין אָרדענונג און דו האָסט גאָרנישט צו טון מיט אַזאַ זאַך ווי עקספּלואַטאַציע און אויסנוצונג. וואָס וואָל־טען זיי געטון אָט די שנאָרער ווען דו גיסט זיי נישט קיין אַרבעט? זיי וואָלטן געשיקערט און אַרומגעשלעפּט זיך פויל איבער די גאַסן, געגאַנגען אָפּגעריסן און אַפילו וואָס צו עסן נישט געהאַט. אַזוי אָבער האָבן זיי צו פעזע און אַפילו נאָך עפּעס אַ טאָג, קויפן זיך בגדים, עסן פלייש זונטיק און זענען גוצלעך דער געזעלשאַפט.

די געשיכטע איז אים געפעלן געוואָרן. אָפטמאָל האָט הערשקע דאָס איבערגעחזרט פאַר זיינע באַקאַנטע און ער האָט אין דעם גע־נומען גלויבן, פילנדיק זיך גאָר ווי אַ רעטער פון די מענטשן, וואָס זייער צאָל איז דערוויילע געוואָקסן אין דער פירמע „לאַ נועווא", ווי ער האָט אַ נאָמען געגעבן זיין פאַבריק.

* * *

צען יאָר נאָך זיין אוועקגיין פון זגערש איז הערשקע שוין גע־ווען אַ מענטש מיט אַ קאַפּיטאַל. עס האָבן ביי הערשקען געאַרבעט מער אַרבעטער ווי אין אַלע זגערזשער פאַבריקלעך. אויפן טיש ביי אים אין ביוראָ איז געשטאַנען אַ גרויסע פאָטאָגראַפיע פון דער פאַב־ריק מיט אַלע מענטשן פון „לאַ נועווא". ער האָט איינמאָל אוועק־געשיקט אַזאַ פאָטאָגראַפיע אַהיים צו די עלטערן ווי איינער זאָגט: זעט וואָס פאַר אַ קנאַקער אייער הערשקע איז און ווי ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט. אין בריוו צו דער מאַמען האָט ער געשריבן, אַז ער שיקט עס כדי דער טאַטע זאָל זען, אַז ער האָט אַן ערלעכע פּרנסה און ער זאָל אָננעמען באהבה די 25 דאָלאַר אַ חודש וואָס ער שיקט פאַר זיי אויף לעבן.

די מאַמע האָט וויזט אַוים דאָרט אין דער אַלטער היים די פאָ־טאָגראַפיע נישט באַהאַלטן אונטערן אויוון, ווייל הערשקע האָט אָנ־געהויבן קריגן אָפט געציקלטע בריוו פון אָרגאַניזאַציעס, פון לינת חולים, פון בית־יתומים, פון תלמוד־תורה און פון דער קינדער־שולע.

— אַלע האָבן אים אויסגערעכנט די שווערע לאַגע פון שטאָט און גע־

בעטן שטיצע פאר זייערע אנשטאלטן. ער האָט אפילו דערהאַלטן אַ בריוו פון אַ יידן, וועלכער האָט אים געשריבן מיט מליצה, אַז, חיות ווי ער האָט געהערט, אַז, ער הערשקע, איז ברוך השם געהאָלפן גע־וואָרן, און דער וואָס אין הימל האָט אים באשאָנקען מיט אַ גוטע הארץ ווען ער איז נאָך געווען אין זגערש און ער האָט דאָך שטענ־דיק געטון טובות פאר מענטשן, טאקע פאַרן ארימען קלאַס — טאָ זאָל ער נישט פארגעסן איצט אויך זיינע אָרימע ברידער, און ער זאָל אים, דעם דיין, שיקן לויט זיין פארשטאנד אַ בכבודיקע סומע אויף מתן־בסתר פאַר אָפגעפיינטע מענטשן, וואָס זענען נעבעך פאַ־ראָרימט געוואָרן, און וועלכע, ער, דער דיין, וועט שוין דאָס געלט פארטיילן...

הערשקע האָט פארשטאנען דעם מיין פון יעדן בריוו. פונדעסט־וועגן האָט ער אראָפגעשיקט אויף יום־טוב עטלעכע דאָלאַר צו יעדן, און אפילו דעם דיין, וועלכן ער האָט נאָך געדיינקט פון זיין שיטן פעך און שוועבל אויף די אפיקורסים, די שטרייקערס, האָט ער גע־שיקט אַ פינף דאָלאַר, שרייבנדיק אים, אַז ער מעג עס באנוצן פאַר זיך ביודעים, ווייל ער וויים, אַז ער איז אַ נצרך. פאַר דער קיך און דעם קאָאָפעראטיוו פון די וועבער האָט הערשקע געשיקט אַ גאנצן הונדערטער פונקט צו די צען יאָר ווען ער איז אוועק פון דער היים, און ער האָט עס געשיקט אָנאָנים. טאָמער, האָט ער געקלערט, וועלן זיי נישט וועלן נעמען פון אים קיין געלט. ער איז געווען זיכער, אַז זיי האָבן שוין געהערט, אַז ער איז דאָרט אין דער מעקסיקע נישט קיין פּראָלעטאריער, און אפשר האָט ווער פון זיי געזען די פאָטאָ־גראפיע אויך.

* * *

אין שטאָט איז הערשקע געוואָרן באקאנט אלס סעניאָר בלוי־באָרג און געווען איז ער שוין פון די געציילטע מענטשן וואָס מען שלעפּט זיי אין אַלע ארגאניזאציעס. אומעטום האָט מען אים גע־זעצט אויבן אָן. מענטשן האָבן אים געחנפעט און געלויבט אין די אויגן. די ערשטע צייט איז עס אים געווען אַ ביסעלע דערווידער — אָבער ביסלעכווייז האָט עס אים אנגעהויבן הנאה טון און אַ שמיי־

כל פון צופרידנהייט האט זיך אראפגעקוילערט פון זיין פנים, ווען ער האט געהערט, וואס מענטשן זאגן, סארא חכמה ער האט, און ווי טיף ער איז אין עניני־מסחר.

הערשקע האט גענומען גלויבן, אז ער איז טאקע פייאיקער פון די אלע מענטשן, וואס קענען צו נארנישט קומען. נישט אומזיסט — האט ער זיך געטראכט — האט ער טאקע חתונה געהאט מיט דעם מעקסעסער רב'ס טאכטער פון די „שטאטן", ווארען, א פראסטן איידים וואלט זיין שווער גענומען? זיין גינא וואלט עפעס חתונה געהאט מיט אבי וועמען, וואס?

אין א שיינעם פרימארגן האט זיך אין מעקסיקע פארשפרייט א קלאנג, אז בלויבארג פארמאכט זיין טוך־פאבריק. געשאצט האט מען אים שוין דאן אין דריי מאל הונדערט טויזנט און ביי די קאנקורענטן האט איר געפועלט, אז ער האט א פעסטן גאנצן האלבן... נאר קיינער האט נישט געוווסט, וואס עפעס פלוצלונג וועט ער נעמען און פארמאכן אזא אונטערנעמונג, וואס לאזט אים א טויזנטער א טאג, ווי די שאצערס, האבן געזאגט?

אבער הערש בלויבארג האט אליין שוין געזען, אז דער קלאנג זאל זיך פארשפרייטן. ער האט געוואלט, אז ווען מען וועט זיך דערווסן אין שטאט וועגן דעם שטרייק אין זיין פאבריק, זאל דאס שוין קיין איינדרוק נישט מאכן, מחמת ער וויל דאך אלצאיינס ארויס פון דעם געשעפט. זיין ווייבל גינא האט ביי אים נישט געקענט פועלן, אז ער זאל דורכקומען מיט די פירער פון דעם סינדיקאט און נישט רואינירן צוליב א קלייניקייט זיין געשעפט. האט זי טעלעגראפירט צו איר פאטער, אז ער זאל קומען באלד קיין מעקסיקע.

דער שווער האט געפונען זיין איידים זייער א צערודערטן. מיט שוועריקייטן האט ער פון אים ארויסגעקריגן, אז די מענער פון סינדיקאט נוצן אויס זיין מורא פאר א שטרייק און צאפן פון אים געלט אלע ווילע. איצט איז עס אים דערגאנגען אלץ איבערן האלדז און ער וועט מער זיך נישט לאזן טעראריזירן. ער וויים, אז דעם פופצטן, וועט איבער דעם טויער פון זיין פאבריק הייגען א שווארץ־רויטע פאן — ער וויל דערביי נישט זיין. בייטאכט חלומט זיך אים פון יענע טעג, ווען ער איז געלאפן פארטאג צו שייבלערס פאבריק דער־

קלערן דעם שטרייק. גינא האָט אליין געהערט ווי ער האָט פון שלאָף גערעדט, געמאַכט מיט די הענט און געוואָרטשעט קעגן די בלוטזויגער, וואָס צאַפּן ארויס דעם מארך פון די אָרי־מע ארבעטער. ער איז אויפגעשטאַנען מיט אַ שרעקלעכן קאָפּ־ווייטיק, ער קען זיך קיין אָרט נישט געפינען — ער וויל אוועק, פון דעם אַלעמען...

אַ שוויים האָט געשלאָגן פון הערשקעס פּנים, ווען ער האָט, סאַפּנדיק, אזוי גערעדט. די נאָזלעכער האָבן זיך אים ברייט געעפנט, פון מויל איז אים געלאָפן ווייסע סמאַיע און פייער האָט געשפריצט פון זיינע אויגן. אין אַ ווײַלע פון בליציקער אויפרעגונג איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז ער וועט אונטערצינדן דאָס הויז, אַ כאַפּ טון גינאן און אנטלויפן. זאָל דאָס בעסער אַ פייער צונעמען, איידער מיט אים זאָל אַזוינס פּאַרקומען.

גינאַ און איר פּאַטער האָבן קוים געפּועלט ביי הערשקען, אַז ער זאָל זיך לייגן אין בעט. זיי האָבן געבראַכט אַ דאָקטאָר, געגעבן אים מעדיצינען צו באַרואיקן די נערוון — און שטיל, אַז ער זאָל נישט וויסן האָבן זיי ארויסגערופן הערשקעס אַדוואָקאַט צו זיך. פון אים זענען זיי געוואויר געוואָרן, אַז סעניאָר בלויבארג האָט זיך זייער פאַרעקשנט און צוליב אַ פּאָר טויזנט פּעזעס, וואָס דער עסק דאַרף קאָסטן, איז ביי אים רעכט צו לאָזן אָפּשטעלן די פאַבריק. דער אַדוואָקאַט האָט אויך דערציילט, אַז ער זעט לעצטנס דעם שעף זייער אַ צעטראָגענעם און ער מיינט, אַז עפּעס האָט מיט אים פּאַסירט. ער האָט געראַטן, אַז מען זאָל אונטער הערשקעס פּלייצעס דורכקומען מיט די חברהלייט, וואָס זענען די אמתע באַלעבאַטים און נישט דערלאָזן, אַז דער טויער פון פאַבריק זאָל ווערן פאַרצאַמט.

* * *

פון יענער צייט האָט מען האַטשע בלויבארג נישט דערקענט. ער האָט אַליין גענומען האַרעווען אין פאַבריק איבער די כחות, פאַרטאָג האָט ער זיך שוין ארומגעדרייט צווישן די רייען מאַשינען, געטאַפּט די וואָל, אָנגערירט מיט די פינגער פּעק, געקראַכן אויף פּאָליצעס, אָפּגעוואַרט דעם אָנקום פון די מענטשן און איז אַ גאַנ־

צן טאָג ארומגעגאַנגען ווי א בייזער שלאָק פון איין אָפּטיילונג אין דער אנדערער, געזוכט חסרונות ביים בוכהאַלטער, געגישטערט זיך אין פּאַפּירלעך — און האָט זיך געטשעפּעט צו יעדע זאַך.

ער האט געזוכט מיט דער שטריינגקייט צו מאכן זיך פילן ווי אַן אמתער באַלעבאָס דארף פילן. ער האָט געיאָגט פון זיך די אמאָ־ליקע סענטימענטן פון די יינגלשע יאָרן, די נארישע געדאנקען, אַז געבן מענטשן אויף צו לעבן איז גאָר אויסנוצונג — און ער האָט גע־זוכט דורך אַלע מיטלען איינצופלאַנצן ביי זיך גופא דעם גלויבן אין זיין הומאַניטאַרער ראָל אלס ברויט־געבער פון אזויפיל פאמיליעס. וויפל ער האָט אבער זיך נישט אָנגעשטריינגט איז אים זייער אָפט אויסגעקומען צו דערמאָנען זיך אָן יענע דאָגמען, וואָס האָבן זיך אין דער יוגנט איינגעקריצט אין זיין מוח. דאָ האָט פּאַסירט, אַז אַן ארבעטערין האָט אראָפּגעכאַפּט א פינגער אריינרוקנדיק די האַנט אין מאַשין, דאָ איז איינער פון די מענטשן אוועקגעפאַלן און גע־שטאָרבן ביי דער ארבעט אין פאבריק — און די פאַמיליע האָט ניט געהאַט מיט וואָס צו מאכן די לוויה. איז אים געוואָרן שווער צו יאָ־גען פון זיך די געדאנקען פון זיין „שולד" אין דער לאַגע פון די מענטשן; ווען ער פלעגט איבערקוקן די ציפערן אויפן געלן־בלאַט פון דער באַנק קאָנטע, וואָס דער בוכאַלטער האָט אים יעדן נאָכמי־טאָג אונטערגערוקט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז די ציפערן שרייען צו אים: דו רייכער, דו אויסנוצער, פון אונזער שווייס און בלוט האָסטו זיך פעט געמאַכט...

אין א פרימאָרגן איז הערש בלויבארג אויפגעשטאַנען מיט אַן „אידייע": ער וועט זיך פארטון מיט אניטא, דער „שיקסע" פון זיין ביורא. שוין לייגנגערסט האָט ער באמערקט ווי זי ציט צו זיין אויפמערקזאמקייט, ווי זי ענטפערט אים קאָקעטירנדיק אויף זיינע פראַגן און זי זעט זיך אָן צו זיין א בעסער מיידל. זיין גינא, האָט זיך גאנצע טעג געוואַלגערט ביי דאקטוירים; אויב זי איז נישט גע־פאָרן צום פאָטער קיין דאַלאַס, אדער אין ראָטשעסטער, האָט זי איר פרייע צייט זיך פארטון אין דער קאָרטן־שפּיל מיט אירע באַ־קאַנטע, זארגלאָזע פרויען פון איר שניט.

קריסטינא איז געווען א שיקסל פון א בעסערע היים. זי האָט

געענדיקט א מיטל־שול און געמוזט גיין זוכן ארבעט ארויסצוהעלפן דער מוטער אירער. ווער דער פאטער אירער איז געווען האט זי ניט געוווסט, זי האט כמעט נישט געדיינקט, צי זי האט אמאל געזען א מאן אין דער קליינער, אבער אויפגעפאסטער היים פון איר מוטער. די אלטע האט שטענדיק געטראגן א שווארצע שלעפע, און אז קריס־טינא האט איר אמאל א פרעג געטון וועגן פאטער אירן, האט זי מיט נאסע אויגן איר געוויזן אויף די טרויער־קליידער, דאס הייסט ער איז געשטארבן, שוין לאנג, לאנג.

ביי דעם שיקסל איז דאס געווען די ערשטע שטעלע. זי האט גע־היט איר ארבעט און געקוקט מיט רעספעקט אויף דעם סעניאר בלוי־בארג. עס איז איר געווארן אויפפאלנד, וואס דער באלעבאס ווייזט ארויס צופיל אויפמערקזאמקייט צו איר ארבעט. ער זעצט זיך ביי איר שרייב־טיש, קוקט אריין אין די פאפירן, הייסט זיך ווייזן בריוו, און ווען זי זוכט אין די שופלאדן — קוקט ער אזוי אויף איר מיט גי־ריקע בליקן, סאפעט האסטיק און איז עפעס נערוועז.

גינא איז געווען אוועקגעפארן צו איר פאטער קיין דאלאס. הערש האט געהאט שלאפלאזע נעכט, אבער ער האט נישט געקאנט געפי־נען דעם וועג וויאזוי צו געווינען קריסטינאן. ער האט יעדן טאג זי נאכגעקוקט ביי דער ארבעט, געשיקט איר רופן, געהייסן זיך וויי־זען ביכער און קאנטעס, גערעדט ציטערדיק, געוואלט זי עפעס זאגן און נישט געקענט ארויסשטאטלען.

ווען ער האט זיך איינמאל גערדרייט אויפן געלעגער ווי א שלאנג און נישט געקענט איינשלאפן — האט ער ביי זיך אפגעמאכט, אז מארגן וועט ער ארייַנרופן קריסטינאן אין זיין קאבינעט און ער וועט זי פשוט זאגן, אז ער וויל זי ארויסנעמען אויף א שפאציר. ער וועט זי אננעמען ביים האנט, א גלעט טון, און אויב ער וועט גאר קענען, וועט ער איר זאגן, יאז זי געפעלט אים. מאלנדיק אזוי ווי ס׳וועט זיין איז ער איינגעשלאפן.

אויפגעשטאנען איז הערשקע מיט א מידקייט אין אלע אברים. עס האט זיך אים געחלומט, אז ער איז אין דערהיים; ער גייט מיט א מחנה פרויען און מענער פון דער וועבעריי צום דירעקטאר פיס־קאטסקי, נקמה צו נעמען פאר זיין שענדלעכער טאט צו פארנוואל־

טיקן א יונגע ארבעטערין; ער האט געזען פאר די אויגן דאס פאר־ווייַנטע דארפס־מיידל, ווי דער פויער האט זי געבראכט אין פאריין, און מיט דארפישער פראסטקייט דערציילט, ווי דער פאניטש האט פאראומווירדיקט זיין טאכטער. א קאלטער שוויים איז ארוים אויף הערשקעס פנים, ווען ער האט זיך דערמאנט אן דער געשיכטע; ער האט זיך דערמאנט ווי זיי האבן דעם פיסקאטסקי ארויסגעפירט פון קאנטאר אויף א טאטשקע, מיט א זאק אויפן קאפ, און זיין פוס איז מער אין פאבריק נישט אריין.

* *
*

גייענדיק הין און צוריק איבערן שלאף־צימער האט הערשקע זיך דערמאנט זיין טאטנס רייד צו אים פארן אוועקגיין פון דערהיים. גוטע מידות און שלעכטע מידות — האט אים דער טאטע געזאגט, און די מאמע האט צוגעשאקלט מיטן קאפ — זענען א סאך גע־ווענדט אן דער דערציאונג פונם מענטשן. מיר — האט דער טאטע אנגעוויזן אויף דער מאמען — האבן אלץ געטון דיר אריינצוגעבן גו־טע מידות. ביסט אוועק מיט די וועגן פון די ארבעטארער, די לינקע, איז מילא, געפעלן געפעלט עס מיר נישט, דעם אמת גערעדט, אבער געוואלט האסטו דאך גוטס טון, און דאס איז א גוטע מידה. אט די יונגט־זינד וועט דיר דער וואס אין הימל מוחל זיין, אבער געדיינק מיין פארזאג צו גיין אויפן גלייכן וועג, פון דרך־הישר טאר מען נישט אראפגיין.

ער איז אראפ אין פאבריק דעם טאג שפעטער ווי געוויינלעך. אין דער זייט פון קריסטינא, דער שיקסל, האט ער נישט געקוקט. ער האט זי גראד גדאראפט הייסן שרייבן א בריוו איליק, האט ער עס געמאכט דורך דער פארמיטלונג פון דעם בוכהאלטער. הערשקע האט אונטערן איינדרוק פון דעם חלום, וואס האט דערמאנט א שטיק פון דער וואר, פון וועלכער ער איז צופעליק אוועק, — זיך געפונען אין א צושטאנד פון הייטערדיקייט. עס האט זיך אים געביינקט נאך יענער צייט, וואס איז געווען אזוי פול מיט האפנונגען, אין וועל־כער עס האט זיך אזוי פייערלעך געגלייבט און געשטרעבט צו עפעס

היילִיקס און אומבאקאנטס, ווען ער איז געווען אזוי פול מיט שטרע־בונג, מיט דראנג און מיט לעבן, מיט חשק צו ארבעט און קאמף.

* * *

אזייגער צוועלף האט זיך די טיר פון זייין קאבינעט געעפנט און עס איז אריינגעקומען די פאבריקס־דעלעגאציע. הערש בלויבארג האט אן זייער בייזער מינע באלד פארשטאנען, אז זיי קומען מיט א תביעה. פון געוווינהייט האט זיך זיין געזיכט פארצויגן מיט א צארנענדיקן אויסזען, און ער האט כעס״נדיק זיך, געהייסן די פינף פארשטייער זיך זעצן.

זיי, האבן זיך אזוי גיך קיין ארט נישט געפונען. הערשקע האט דערווייל צוזאמענגענומען זיינע געדאנקען. אין קאפ איז אים גאר אריינ־געקומען ווי ער שטייט עס מיט דער וועבער־פארוואלטונג אין קאנ־טאר פון ז יי ן באלעבאס אין זגערש. א שמייכל האט זיך באוויזן אויף זיין פנים, עס האט זיך אים געוואלט שיר דערציילן דער דע־לעגאציע, אז מיט פופצן יאר צוריק איז ער געווען אזא פארשטייער ווי זיי איצט. רעדט דרייסט, זאגט וואס איר ווילט — האט ער גע־וואלט א זאג טון, זענענדיק, אז זיי געפינען נישט קיין ווערטער אנ־צוהייבן דעם געשפרעך.

זיינע געדאנקען, אזעלכע היימלעכע האט איבערגעריסן די נים דרייסטע רייד פון דעם יונגען וואלענסיא מיטן שווארצרונדיקן פנים, א פלייסיקער ארבעטער און דער הויפט פון דער דעלעגאציע: — מיר האבן א ביטע, מיר אנטשולדיקן זיך פאר דער אומאנגענעמלעכ־קייט, דער הער ווייסט, אז עס איז פאר וויינאכטן און די ארבעטער ווילן, אז מען זאל זיי צום סוף יאר געבן פאר צוויי וואכן עקסטרע, אליץ איז טייער, און דער הער ווייס, אז מיט פאמיליעס....

— גוט אזוי, גוט, וואס איז דא לאנג צו ריידן — האט הערשקע איבערגעשלאגן די רייד פון וואלענסיא. אין דעם מאמענט האט זיך אים געוואלט גאר זאגן, אז נישט אזוי רעדט מען צו א פאבריקאנט; וואס פאר א בעטן זיך און וואס פאר אן אנטשולדיקן זיך? מען דארף זאגן, מיר פאדערן, עס קומט אונז און פארטיק. אנשטאט דעם האט ער גענומען רעדן מיט דער דעלעגאציע טאקע וועגן יקרות.

ער פארשטייט, אז עס איז שווער, אוואדי, די פּעזע האָט נישט קיין ווערט, נאָר מען פארדינט איצט ווייניק, מען לייזט שוואך, אָבער געבען דארף מען, נאָך נײַ־יאָר וועט זיין בעסער, האָפט מען. יאָ ער וועט זיי געבן, ער וועט הייסן מאָרגן אויסצאָלן פאר צוויי וואָכן, ער וועט הייסן.

די דעלעגאטן זענען ארויס פון סעניאָר בלויבארגס קאַבינעט מונטערע און צופרידענע. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט וועגן דער גוטער אויפנאמע פון דעם באַלעבאָס, און וואַלענסיא, האָט געזאָגט אריינקומענדיק אין פאבריק צו די ארבעטער, וואָס האָבן אים ארומגערינגלט, אז ער האָט שטענדיק געוווסט, אז דער „כעפע" איז א הומאַניטאַרער מענטש, און אז עס פארדריסט אים ביז היינט פאר יענער מעשה פון די לידערס, א רייב צו טון אים די קעשענע.

* *
*

הערשקע האָט זיך איצט געפילט זייער אויפגעלייגט, ער האָט געוואָלט מיט עמיצן רעדן, זאָגן עפּעס, דערציילן פון זיין אויפגעלעבטקייט און וואָס ער האָט איצט אָפּגעטון, אז ער פילט זיך גאָרנישט ווי דער באַלעבאָס, און ער פילט זיך אזוי גוט. זיין בליק איז געפאלן אויף גינאס פאָטאָגראפיע, וואָס איז געלעגן אונטערן דיקן גלאָז פון זיין שרייב־טיש. ער האָט א לייכטן ציטער געטון און דערפילט א בענקעניש. האָט ער פארוויכערט א סיגאַר, זיך אריינגעזעצט אין טיפן שטול און א שארפן קלונג געטון מיטן גלעקל. עס איז אריינגעקומען דאָס מיידל קריסטינא. הערשקע האָט נישט אויפגעהויבן די אויגן פון טיש און מיט א הייטערקייט אין דער שטים האָט ער איר דיקטירט א טעלעגראמע צו גינאַן. ער האָט געהייסן איר שרייבן, אז ער בעט זי זאָל גלייך קומען, זי זאָל שוין ארויספאָרן, ווייל ער וויל די נאכט פון נײַ־יאָר זיין מיט איר צוזאמען.

ער האָט אָפּגערופן אין קלוב און געהייסן רעזערווירן א טישל אויף דער נײַ־יאָר נאכט. ער האָט זיך געפילט מאָדנע גוט און געוואָלט, אז דאָס זאָל דויערן וואָס לייַנגער אזוי.

# אין מענטשישן זומפ

א הייזעריקע שפילעריי פון מוזיקאנטן־וואגאבונדן טראגט זיך ביינאכט פון דער האלע אויף „פענסאדאר מעכיקאנא“. די ביינאכ־טיקע שארפע לופט צעטראגט די געדעמפטע ריחות פון דערבייאיקן מארק. דער ריח־ניחוח פון פוילע פרוכט, פון שליאמיקער מיסט פילט זיך איבערן גאנצן געסל. פינסטער איז ארום און שטיל, עס שלייכן זיך דורך בלויז ווען נישט ווען סילועטן, שטנס פון מענטשן, וועלכע פארשווינדן גיך אין די שטובן פון די אלטע, איינגעהויקערטע הייז־לעך. עס איז שפעט נאך האלבער נאכט.

אין דער האלע אויף „פענסאדאר“ איז דער צענטער־פונקט פונם אפפאל־מענטש. דא איז דער פארוויילונגס־פאלאץ פון דעם נידער־ריקסטן שיכט פון דער אונטערוועלט. דא קומען טאנצן גנבים און מעסער־שטעכער; דא כאפן זיך אריין נקבות אפצושטעקן די לייזונג צו די סוטעניארן, אדער צו רופן זיי אויף א שטיקל־ארבעט ארום א העכט, וואס זיי האבן דערטאפט, אין די שמוציק־ביליקע האטעלן אויף סאנטא־מאריא....

פענסאדאר — דער דיינקער, דער מעקסיקאנער דיינקער — הייסט דאס געסל, און סאנטא־מאריא — די הייליקע מאריא הייסט די גאס, ווו האט דער מענטשן־שוים קאנצענטרירט זיך. צעבראכענע מענטשן, פיזישע און גייסטיקע קריפלס, מענטשן אויסגעווייקט אין זינד און טומאה, לעבעדיקע באשעפענישן, וואס ווערימען אפ די טעג אין ליימיקע הייזקעס, אין שטייגן, אין שטאלן אויף ערדענע פאדלאגעס; מענטשן, וואס נוצן נישט קיין וואסער צום וואשן זיך, קיין בערשטל צום רייניקן, קיין קעמל און קיין שערל, קיין קליי־דער און קיין שיך.

אונטער די טונקל בלאטיקע לייבער שלאגט דאס הייסע בלוט; אין זייערע פארברודיקטע הערצער צינדן זיך פייערדיקע באגערן צו

עראָטישער שיקרעס און אין די אויגן פלאַמען בליציקע בליקן; פאַר־נאָסענע מיט פולקע און שפירט זענען אָט די אַלע אונטערוועלט־העלדן, זיי גייען וואַקלענדיק, שטייען שאָקלענדיק זיך, מורמלען און שטשירען אָן אויפהער מיט די ציין. אַרום האַלבער נאַכט קומען זיי אָן מחנותווייז צו דער האַלע פון פאַרשידענע ווינקלען.

יונגע מיידלעך, צעווילדעוועטע, צעגראַבלטע פון די שיקערע געסט אין די וואַנציקע האָטעל־צימערלעך, די האָר צעפּאַטלט, דאָס האַלדז צעביסן, די אויגן אונטערגעהאַקטע; קליידער טראָגן זיי האַלב צעפליקטע, שיכלעך — צעדרייטע, די פינגער און פיאַטעס אָרויס, וואַקן צעריסענע — און אינגאַנצן זענען זיי צעפרעסענע פון שלאַנגי־קער אויסגעזויגטקייט, פון די „געסט“.

יונגעלייט מיט אַלטע פנימער; צעקרומטע, הויקערס, מיט בלינ־דע אויגן, קוים זעעוודיקע, פרישטשעס אויף די פנימער, פליאַסטערס אויף די וווּנדן, צעריסענע הויזן, העמדלעך אויף וועלכע עס איז שווער צו דערקענען זייער קאָליר — אַלע שיקער, כמעט אַלע באָר־וועס, מיט פעך־ברודיקע פיס, אַריינגעוואַקסענע נעגל אין דער האַר־טער הויט, צעשניטענע פיאַטעס, ווי ביי בהמות — — אַלע ציען זיי זיך צענויף ביינאַכט אויף „פּענסאַדאָר מעכיקאַנאָ“ אין דער האַלע, ווו עס שפּילט כאָרכלענדיק אַן „אָרקעסטערס“ פון גאַסן־מוזיקער־, פון אַלטע בעטלער, די וואָס דרייען זיך אַ גאַנצן טאָג פאַר די רעסט־טאָראַנען פון די „טשינאָס“, ווו זיי קאָנצערטעווען פאַר דעם אָרי־מען עולם עסער, און פירן איבער דעם אַפּעטיט.

אין דער טאַנץ־האַלע איז האַלב־ליכטיק. די לעמפּלעך זענען אין דער הויך ביים סופית. אין די ווינקלען שטייען עטלעכע שמאָ־לע טישלעך, ביי די זייטן — הילצערנע בענק, לענגלעכע, נישט קיין אָפּגעהובלעוועטע. פול איז די האַלע מיט רויך און פול, אָנגעזאַפּט איז די לופט מיט ביטערע און זויערע ריחות, און געדיכט איז די לופט — אָנצונעמען מיטן האַנט ממש. די מוזיק שפּילט עפּעס אַ האָפּקע; וואָס — הערט מען נישט און עס איז נישט וויכטיק — נאָר אַלע געסט דרייען זיך, אַלע טאַנצן, איינגעקלאַמערט לייב אין לייב, האַנט נידעריקער פון טאַליע ביי דער פאַרטנערין, בוזים צו בו־זים צוגעדריקט, צונג און ליפּן צענויפגעמישט, קאָנוולסיוו וואָרפּנ־

דיק זיך, טופּנדיק, קנייפּענדיק, מיט קולות, מיט געשריי און מיט הילכיקן געלעכטער.

אויפן וואַנט הייִנגט אָן אויפשריפט: „מען בעט די געסט ניט צו וואַרפן קיין פּאַפּיראָסן־שטיקלעך אויפן פּאָדלאָגע". די באַרוועסע טענצער קענען נאָך די פיס פאַרברענען. די הויט איז טאַקע האַרט ווי פּאָדעשווע ביי זיי, אָבער א ברענענדער פּאַפּיראָס איז געפערלעך...



אַלע ווילע עפענט זיך די טיר. עס פאַלן אריין פּאָרלעך און ווי זיי טרעטן נאָר איבער די שוועל, אַזוי הויבן זיי שוין אָן צו טאַנצן צו דרייען זיך, און „ער" שלעפּט „זי", רייסט שטיקער פון איר לייב, און זי ווערט זיך כלומרשט און זי לאַכט, אָדער זי רייסט גאָר שטיקער פון אים, קנייפּט אים, שטעלט זיך אָפּ אינמיטן טאַנץ און פאַרבייסט זיך אין זיינע מגושמדיקע ליפּן אין א קוש...

פּלוצלונג דערלאַנגט א שפּיל א פּאָפּולערע האַפּקע. עס דערהערן זיך אויסגעשרייען פון שיקערע העלדזער, געשרייען פון ווילדער

פרייד. יעדער „ער" כאפט א „זי" — און מען לאזט זיך אוועק אין ווילדן גאלאפ... דער רעש, די געשרייען און דער כארכלענ־דיקער געלעכטער דערשטיקן די מוזיק.

א פלאש לויפט ווי א קויל איבער די קעפ פון המון, — איי־נער האט אויף אזא אויפן אויסגעדריקט זיין פרייד. אין א ווינקל שטויסט זיך א געזעמל, איינער האט אן אנדערן אריינגעזעצט א מע־סער אונטערן פאכווע. א פאר שטארקע יונגען, וועלכע דער אייגנטי־מער האט שטענדיק גרייט אויף אזא פאל, לויפן אן, צעשטופן אלע־מען, טוען א נעם דעם גוסס'דיקן גאסט און טראגן אים ארויס פא־רען גאס, זיי גייען באלד אריין צוריק און פארמאכן נאך זיך די טיר. די פארבלוטיקטע פאלאגע ווערט באשאטן מיט פאלאווינעס — די מוזיק גרילצט ווייטער און מען טאנצט ווייטער, און מען דריקט זיך אין א געזעמל, ווו אלע טיפן זענען איינס, און אלץ — די האלע, די ווענט, דער באלקן, די פאדלאגע, די מענטשן־ב־ואים — זענען איין קנויל, א שטיק וואקכאנאליע.

אין די איבעררייסן טרינקט מען קאלטן לעמאניאד פאר 5 סענט א פלעשל. פריער רוקט „ער" אריין זיין פארטנערין דאס העלדזל פונם פלעשל אין מויל, און אז „זי" האט זיך אנגעזשליאקעט מיט א העלפט, דערלאנגט ער א צי ארויס דאס פלעשל פון צווישן אירע ציין, און שטופט עס אריין צו זיך אין סאמע האלדז אריין...

די ארדנונג־היטער קומען נישט אריין אפילו אין דער האלע אויף „פענסאדאר". דא קען אזא איינער אפשניידן זייער ביטער. א פלאש אין קאפ — וועט ער נישט זען פון וואנען עס איז אים געקומען, נאר עס קען אויך טרעפן, אז מען וועט אים אויסטון האלב נאקעט, אונטערהאקן גוט די זייטן, צונעמען ביי אים די פיסטא־ליע, און פארן ארויסווארפן אויפן גאס אויספרוון אויף אים צי זי האט קוילן...

* * *

פארן טאנצן באצאלן דא די פארטנערן זייערע באגלייטערינס צען סענט פאר א „נומער". די מיידן שוויצן און ווערן אויסגעמא־טערט פון דער ביטערער טאנץ־פרנסה. ווען זיי האבן שוין אנגע־

זאמלט עטלעכע פעזעס גייען זיי אראפ אין דעם בעסערן פליאץ, ווו עס קומען די „פיינע" מענטשן אין שפעטער נאכט־שעה זיך אנזאפן מיט עמאציעס. דארט טרינקט מען אין פאפירענע גלעזער א ביליקע פליסיקייט פון נוס־זוימען, א ביטערן אלקאהאל; דא שפילן די טי־פישע פאלקס־מוזיקער, די „מאריאטשים", — און די נאכט־פויגל באשטעלן ביי זיי יעדער זיין באליבט רעגיאנאלע פאלקס־ליד. און מאכט זיך דער ארימער מויד נישט קיין קונד דא — שפרייזט זי אריין צוריק אין דער האלע.

דא אויף „פעסאדאר" — קומען נאכט נאך נאכט די וואס לעבן נישט ביי טאג. די, וואס צעקוועטשן א לעבן איז ביי זיי אלץ איינס ווי צעקוועטשן א פליג.

דער — וואס טאנצט מיט דע רגראבער מויד איז א „נאסער" מערדער. נעכטן האט ער איבערגעלאזט זיין לאנגן מעסער אין פלייצע פון איר געליבטן און זי מוז היינט דא טאנצן מיט אים. ער האט דאך נאך א מעסער...

— יענער — איז א „כעפע" פון זעקס מיידלעך. אלע שעה מוזן זיי אריינגעקומען פון גאס און אים אפגעבן ראפארטן. די וואס קומט מיט ליידיקן — דערלאנגט ער א שמיץ מיט זיין פאסעק אין פנים און אין בעסטן פאל דערלאנגט ער אויף איר א קוק, אז עס ווערט איר קאלט אין אלע אברים. זי וועט זיך שוין באלד פארקויפן פאר פופציק סענט צו עפעס א שיקער, אבי אין א שעה ארום נישט קומען מיט ליידיקן...

און ד ע ר — איז א ספעציאליסט אויף אויטאס. דא — קומט מען אים אנזאגן, ווו עס שטייט ערגיץ א קאטש אן געגנוגנדער שמירה און ער גייט ארויס מיט צוויי באגלייטער צו דער מלאכה. קומט ער נישט צוריק — האט ער שוין די כלי אוועקגעפירט; קומט ער יא, איז אדער עס האט זיך נישט געלאזט מאכן, אדער, ער האט אויפגעבראכן די שייבלעך, און גארנישט געפונען אינעווייניק צו אלדי שווארצע יאר...

* *

*

דרייפערטל אויף טאג צערוקן זיך די אלע נאכט־פויגל ווי מייז

אין די לעבער. זיי האָבן עפּעס מורא פאר ליכט, זיי קינינן נאר אין די נעכט. זיי האָבן זיך אנגעזויפן, אנגעפרעסן מיט פארסמאליעטע טאקאָס, אָנגעגאָסן מיט פולקע די קישקעס, צעקניפּן אויסגעהוילטע גופים פון די מוידן, אנגעזעטיקט זיך מיט שווייסיקן גלי, אויסגע־לאָדן די רציחה'דיקע תאווה — און גייען איצט שלאָפן אין די האלב חרובע הייזקעס אויף די פעריפעריעס פון שטאָט. נאָך האלבן טאָג וועלן זיי אויפשטיין, כדי אויסצוציען די פוילע ביינער, אָנפילן דעם מאָגן מיט מעל־פלעצלעך און שווארצע שטיקער פלייש, פארטרייבקען מיט „טעפּאַטשע" — זיך ארויסלאָזן אין שטאָט אויף מזל, אפשר וועט זיך עפּעס מאכן אונטערן האנט — און שפּעט אינאוונט וועט דער קומען אויף „פּענסאדאָר מעביקאנאָ" — צו דעם געסל מיט אָ דעם איראָנישן נאָמען, צו דער האלע, וווּ עס קומט דער אָפּפאל פונם מענטש, די וואָס ד יי נ ק ע ן נישט און געדיינקען נישט.

---



# געמישטע בלוט

יאַסקע איז אַוועק פון דערהיים א בחור א צוציק. ער אזוי געוואַקסן אויף די רוסישע סטעפּעס אין א שטורמישער צייט פון מלחמה רעוואָליוציע און בירגער קריג — און האָט געהערט צו די, מיט זיך פאַרנומענע, מענטשן, וואָס די וועלט ארום גייט זיי נישט אָן.

בלאָנד איז געווען די האָר אויף זיין קאָפּ און בלוי די אויגן, לאַנג ווי א גוט אויפגעוואַנגענער זאַנג אויף אוקראַינער ערד און דער שטורעם איבער איר האָט אין אים קיין שום ווירקונגס דאזע נישט געהאַט. בלויז איין פּאַסירונג האָט זיך איינגעשניטן אין זיין מח און אים פאַרפאָלגט — דאָס איז די דערמאָרדונג פון זיין עלטערן ברודער אין גרויסן פּאַגראָם.

יאָרן נאָך דעם פלעגט זיך אים חלומען מיטן ברודער און ער האָט געזען אין יעדן מונדירטן מאַן דעם היידאַמאַקישן מערדער. ווען זיין פעטער אויף יענער זייט ים האָט געשיקט געלט פאַר אים צו פאָרן אין דער ווייטער וועלט האָט ער זיך אנגעכאַפּט אָן דעם און איבערלאָזנדיק אַלעמען איז ער מיטן שפּראַצן פון די בלאָנדע הערלעך אויף זיין רונדיקער מאָרדע אַוועק פון דער היים.

די באַנען און די שיפן האָבן יאַסקען דערשלעפּט ביז מעקסיקע. ווען ער איז אריינגעפאַלן אין דעם מאָדנעם לאַנד, וואָס ליגט ביי אַמעריקע אויפן שוועל — האָט ער זיך גלייך געוואָלט צוריקקערן. עס איז אים נישט געפעלן געוואָרן די שטאָט מיט איר גאַלאָפּ, די מענטשן וועמענס שפּראַך ער פאַרשטייט נישט — און ער האָט ביי זיך באַשלאָסן, אז עס איז נישט קיין לאַנד.

פונדעסטוועגן האָט ער געפאָלגט די עצה פון א פריערדיקן עמיגראַנט פאַר וועלכן ער האָט ארויסגעלייגט זיינע ווייטיקן, און איז אַוועק צו דער גרעניץ פון דער גאָלדענער מדינה, ווו דער פעטער האָט אים געהייסן קומען.

יאָסקע האָט געהאַט מזל. דער טאַטע זיינער האָט אים טאַקע פאַרן אָפּפאָרן געהייסן אָפּזאָגן אַ תפילה פון אַן אַלטן סידורל, וואָס זאָל אים באַגלייטן אויף דער ווייטער וועג איבער לענדער און ימים — און ער האָט שוין געגלויבט, אַז דער זכות איז אים בייגעשטאַנען, ווארום, אין דער פינסטערער נאַכט, ווען ער מיט נאָך צוויי אַזעלכע גליק־זוכער האָבן אויף די בייכער קריכענדיק געוואַלט אַריבער די גרעניץ, איז געשען אַ גרויסער אומגליק. די וועכטער האָבן דער־שנאַפּט, אַז מען „קריכט" און פון די קוילן וואָס זיי האָבן בלינ־דערהייד געשיקט זענען זיינע חברים פאַרוואונדעט געוואָרן און מען האָט זיי געכאַפּט; יאָסקע האָט לויפנדיק אויף די קאַקאַשקעס זיך אַריבערגעכאַפּט צוריק אויף דער זייט, אַ גאַנצער און אַ געזונטער.

אַזוי איז ער דורך דעם צופאַל געבליבן שטעקן אָן אַ גראַשן אין אַ ווייטער פּראָווינץ שטאָט, וווּ ער האָט נאָך לאַנגע זוכעניש גע־טראָפן עפּעס אַ ייד וואָס האָט גערעדט קוים אַ פּאָר יידישע ווערטער און לויט יענעמס עצה גענומען אַ פּעקל און אַרוים „אַרבעטן" צווי־שען די זייעריקע.

יאָסל איז געקראָכן צווישן בערג, געקומען אין דערפער וווּ פּאַר־ברוינטע אויף קויל אינדיאַנער, מיט תכריכים אויף די טרוקענע לייבער און שיטערע האָר אויף די קאַלמיקישע פּנימער האָבן גע־זווינט אין זאַמדיקע גריבער. ער האָט אויף שטום לשון און מיט האַלבע ווערטער זיך דערגעט מיט די קונים און עס איז אים ביס־לעכווייז אוועק אין זיין „מסחר".

יאָסל האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן מיט זיין געלט. זילבער־שטיקער און גאָלד מטבעות האָבן זיך ביי אים געקליבן אַלס אויס־טויש פאַר די מעסערלעך און פּאַסקעס, פאַר די לייוונט און לעדער־בייטלען, פאַר די שליסעלעך און רינגלעך וואָס ער האָט צו די גוט־מוטיקע און ואיוועע פּויערים געטראָגן, און יענע האָבן עס געקויפט זוי קינדער צאַצקעס.

האָט ער איין טאָג אוועקגעלייקט די „אַרבעט", איז אוועק אין באַנק און מיט איין מאָל געקויפט הונדערט דאָלאַר אַפּצושיקן אַ היים צו טאַטע מאַמע. מיט געקינצלטע אותיות האָט ער געשריבן דעם אַדרעס אויפן בריוו וווּ דער טשעק איז געלעגן; ווען ער האָט

דאס קאנווערט אראפגעלאזט אין קעסטל איז ער געשטאנען א ווייַלע און נאכגעקוקט ווי און וואס עס זעט אויס...

עס האט לאנג נישט גענומען איז יאסקע געווארן גאר אן אנדער. ער האט אנגעהויבן רעדן דעם לשון פון די מענטשן און כאטש עס זענען דערווייל צוגעקומען נאך א פאר יידן, האט ער זיך בעסער געחברט מיט א פאר היגע יונגען, וואס אים האבן זיי געהאלטן פאר אלץ אין דער וועלט — אבער נישט פאר קיין ייד...

יאסקע פלעגט קומען אהיים א פארמאטערטער. די שלעפעניש אויף פערד איבער שמאלע סטעזשקעס, דאס קריכן איבער בארגיקע וועגן האט אים מיד געמאכט און ער האט גענומען „ארבעטן" אין שטאט. ער האט שוין אין אוונט געקאנט אריין אין א ביר הויז, אמאל אין א קינא און האט זיך גענומען ארומקוקן ארום זיך. ער איז אריבער די צוואנציקער און זייַנע נעכט זענען געווארן אומרואיקע און שלאפלאזע.

אין א געוויסן פרימארגן, ווען ער איז ווי געוויינלעך ארומ אין איינער פון די זייטיקע גאסן מיט זיין פעקל — האט ער באגעגנט א יונג מיידל מיט א ליכטיקן געזיכט און רופנדיקע, פארכישופנדיקע אויגן; ער איז נישט וויל־דיק כמעט איר נאכגעגאנגען, איינגעגראבן זיינע אויגן ווי עס איז די געוווינהייט פון די מעקסיקאנער מענער, אין אירע פיס, אין דער טאליע — און א באדויערונג איז אים באפאלן, ווען דאס מיידל איז אריין אין א הויז. יאסקע איז א ווײַלע געבליבן שטיין פארטראכט; דאס הארץ האט זיך אין אים געהויבן און עפעס א אומבאשטימטער דראנג האט זיך געריסן פון זיינע אברים.

ווי געפירט דורכן שטן איז יאסקע אריין אין דערזעלבער הויז. אומדרייסט, פארלוירן האט ער אראפגעלאזט דעם פעקל און פארפירט א שמועס מיט דער באלעבאסטע און איר טאכטער. דאס מיידל, וואס האט אים א צי געטון ווי א מאגנעט. ער האט אנגעבאטן זיין סחורה פאר אזא קליינעם פרייז, אז מען האט געמוזט עפעס קויפן — און עס האט אים זייער געשמייכלט וואס די הויפט מבינטע איז געווען דאס מיידל; זי האט מיט אירע צארטע הענט געקליבן

צווישן זיינע זאכן און ער האט געהאט א מעגלעכקייט פון דער נאָ־ענטן איר צו באטראכטן...

* *
*

מארגאריטא איז געווען א יונג שיקסל, איר געשטעל און פעם־טער געבוי האט פארבארגן איר קוים 16 יאָריקן עלטער. פייער האט געשפריצט פון אירע שווארצע אויגן, וואס האבן זיך געיאָגט צווישן די וויעס און לאנגע ברעמען, רופנדיק צו קוקן אין זיי; איר אלבאס־טער האלדז שוואנענדיק, דאס רונדע געזיכט טונקל־ברוין האט שפיגלדיק געשיינט. יאסקע איז פארכאפט געווארן פון איר קול, פון איר הילכיק געלעכטער און צאפלדיקע באוועגונגען.

ער איז געווארן א אָפטער איינגייער ביי מארגאריטאן און איר הייסער פארערער. דאס מיידל האט זיין געזעלשאפט אנגע־נומען, זי איז פונם דערפאלג דוקא ביי אן אויסלענדער פולער געווא־רען מיט פרייד און שיינקייט. יאסקע איז אנגעשטעקט געווארן מיט איר לוסטיקייט, זיין געמיט איז פריי געווארן, ער האט באקומען פליגלען און זיך געצויגן עפעס אין א העכערע וועלט.

אנשטאט מיט זיין פעקל איז ער איצט געקראכן אין די בערג מיט מארגאריטאן... ווי לייכט עס איז אים געווען יעדער ווייטער שפאציר מיט איר. יאסקע האט אנגעהויבן דערזען די טיפע בלוי־קייט פון הימל; די בערג שפיצן האבן זיך געכוואליעט און אנגערירט די הימלען, אזוי האט ער געוואלט אנרירן דאס הימלישע אין דעם מיידל, וואס איז געווארן זיין טראכטן און זיין פילן.

א קילער ווינטל האט געבלאזן אין יענעם אוונט ווען יאסקע האט געטריבן פון וואנזין זיך איינגעביסן אין די הייסע ליפן פון מארגאריטאן. ווי קנאספן האבן זיך צעעפנט צוויי מענטשלעכע הער־צער. ווערטער פון שטימונגס־פולער באוואונדערונג האבן באגלייט דעם אלץ שטארקערן צובונד צו זיך ביי די יונגע נשמות — אלץ שע־נער האבן זיי געזען די נאטור פאנאראמעס; די שטערן האבן צו זיי געפינקלט און געוואונקען, די לבנה האט אין פנים פון א מלאך זיך פארוואנדלט און געלאכט — יאסקע האט דערפילט, אז דא עקט זיך זיין וועלט.

מארגאריטא איז געווען א גוט דערצויגן מיידל. זי האט נישט געוווסט יאסקעס אפשטאמונג און עס איז איר נישט איינגעפאלן צו פרעגן וועגן זיין פארגאנגענהייט. זיין צעשטראלט געזיכט און בלויע הימלישע אויגן האבן איר קוועלנדיק געמאכט, זיין הויכע שלאנקע פיגור האט איר אימפאנירט — און זי האט מיט פייערן פון ערש־טער ליבע זין אפגעגעבן צו איר באַרגיקן מלאך — דעם אויסגע־טרוימטן כאסע.

צווישן הימל בלויקייט און שווארץ־ערדיקער פעלזן וויסטעניש — האבן די יונגע בלומען שפאצירט געארעמט און געשעפט פולע אויפנס מיט גליק. אין יאסקען האט געברויזט די סטעפישע וואיע־ניש פון אוקראינער פעלדער, מארגאריטא האט געפלאקערט מיט גאלף־שטורם — און עס האט זיך צוזאמען מיט זיי געקושט הימל מיט ערד, געוויקלט זיך און געצאפלט ביז וואנזיניקער פארגעסנקייט.

נייע האריזאנטן האבן יאסקען ארומגענומען. זעלטענער האט ער געשריבן בריוו אהיים; גרעסערע פארלאנגען האבן זיך אין אים אנט־וויקלט. ער האט אפגעשטעלט דאס פעקל פירעניש און א געשעפט געעפנט; פון א קליינעם צימער אריבער אין א גאנצער וווינונג און פארברענט ווייערנדיק פון בענקנדיקער אייפערזוכט נאך מארגאריטאן האט ער זי צו זיך גענומען, אפגעשריבן זיך, אלץ ווי אירע פאמי־ליאנטן האבן געוואלט — און האט אנגעהויבן א ניי לעבן.

זעלטן ווען גליק האט אזויפיל גלייכקייט, אז קיין סימן פון גאל זאל זיך נישט אריינמישן אין וועג. די ווארימקייט פון א גאנצן וועזן, א רויען אבער א אומשולדיקן, וואס האט גענעסטעט אין דער פרוי האט יאסקען אזוי ארומגענומען, אז ער איז געגאנגען ווי אויף שטאל־צעס. אומבאמערקט זענען פאר אים אוועק חדשים און יארן, אויס־געפילט מיט פולער ליבע און געטריישאפט. ער האט נישט באמערקט ווי זיין געשעפט שטייגט, ווי זיינע איינקונפטן מערן זיך, ווי עס פליסן די טעג — און עס וואקסט אריין אין אים א טיפע פארגעסנ־הייט, ווי עס שלינגט אים איין זיין אייגן וועלטל פון וועלכער ער זעט זיך שוין נישט ארויס...

מארגאריטא איז געווען אומשולדיק און גוט. יאסקען איז נישט געקומען אויפן זינען, אז עס קאן זיך עפעס בעסערס געפינען ביי א

יונגער פרוי; ער האָט זיך צו איר גוטער באַנעמונג צוגעוווינט ווי צו אַ נאַטירלעכע זאַך און זעלטן ווען זיך פאַרטראַכט, וואָס מיט אים און אַרום קומט פאָר. די פרוכט פון זייער גליקלעכן צוזאַמענלעבן איז גיך געווען אַ ייִנגל — און מאַרגאַריטאַ האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס איר גוטער מאַן וויל דווקא, אַז זיין נאָמען זאָל זיין רובען. דאָס האָט יאָסקע זיין קינד אַ נאָמען געגעבן נאָך זיין ברודער, וואָס איז געפאַלן פאַר זיינע אויגן פון היידאַמאַקישע הענט, און עס האָט זיך אים אפילו אויסגעוויזן, אַז דער יאַטל איז געראָטן אין זיין אומגעקומענעם ברודער ראובן...

יאָסקע האָט דעם סוד פון זיין אָפּשטאַם געהאַלטן פאַרשלאָסן פון מאַרגאַריטאַ און אירע פאַמיליאַנטן: זיי האָבן אים אין דעם שטיל געהאַלטן פאַר אַ „רוסאַ“, אָבער קיינמאָל נישט געלאָזט אים הערן וועגן זייער מיינונג, און בכלל נישט אינטערעסירט זיך מיט זיין אָפּשטאַם און פאַרגאַנגענהייט. ווען יאָסקע פלעגט זיך אין אַ קלאָרער מינוט אויפכאַפּן ווי פון אַ הינער־פּלעט, זיך דערמאָנען אָן דער אַלטער היים און אַלטע טאַטע־מאַמע, פלעגט ער זיך אַ טרייסל טון אין שווידערניש, צומאַכן אַ ווײַלע די אויגן, און קומענדיק צו זיך אוועקשפּרייזן איילִיק אויף דער פּאָסט אָפּצושיקן אַ פּאָפּציקער צו די עלטערן...

קיין סך צייט האָט ער נישט געהאַט וועגן דער היים צו געדיינקען. רובען איז געוואַקסן ווי אַ זאַפטיקער פרוכט; דער געמיש פון בלוטן האָט אים געגעבן אַ טונקל ראָזן קאָליר אין די באַקן, אויגן האָט ער געהאַט פייערדיקע ווי זיין מאַמע און שאַרפזין האָט אין זיין מוחל זיך געפּיקט פון קליינוויז אויף. יאָסקע האָט דאָס קינד ליב געהאַט מיט אומנאַטירלעכער ציטערניש. ווען ער פלעגט רובען נעמען אויף זיין שויס פלעגט ער אויפציטערן פון זיסקייט און אַ שטראָם פון טרערן פלעגן אים די אויגן פאַרגיסן פון געשמאַקייט. מאַרגאַריטאַ האָט פאַר זיין בריאַידיקער צערטלעכקייט צו איר קינד פאַרגעטערט .אָסען — און עס האָט זיך געצויגן אַ אידיליש זים און גליקלעך לעבן צווישן קינדער פון צוויי ראַסן, וועמענס גורל די צוּפעליקייט האָט אזוי שטאַרק פאַרבונדן.

יאָסקע האָט נישט געשריבן צו טאַטע מאַמע קיין בריוו. ער

האָט זיך באַנוגנט מיט שיקן געלט אַפּטער און איז געווען צופרידן וואָס אויך ער באַקומט נישט קיין בריוו. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער וועט קיינמאָל נישט קענען דערקלערן זיינע עלטערן וועגן זיין לעבן און טאָמער פרעגן זיי אים וואָס איז מכח חתונה האָבן און ווי לעבט ער. פלעגט ער פאַרטרייבן פון זיך אָט די געדאַנקען און מיט דעם גאַנצן פייער פון זיין האַרצן זיך אָפּגעבן זיין גליאיקער מאַרגאַריטאַן און דעם, נאָר אים הימלישן, רובען.

*   *
*

ער האָט זיך נישט אַרומגעזען ווי דאָס יינגל איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר. ווי אַ זיסער חלום זענען די יאָרן אוועק און מאַרגאַריטאַ האָט זיך געקליבן רובען אין שול אַריינצוגעבן. יאָסקע האָט געיאָגט פון זיך ווי מיט בייטשן די געדאַנקען וועגן דער קריסטלעכער דערציאונג וואָס זיין זון וועט באַקומען. ער האָט ליב געהאַט מאַרגאַריטאַן און איז געווען גרייט צו פילן אַליין די טראַגעדיע און דאָס ווייב אין איר נישט אַריינציען. עס האָט זיך אים איינמאָל געחלומט אפילו ווי זיין טאַטע קומט צו אים אין אַ ווייסן קיטל פון יענער וועלט און קלאָגט און וויינט וואָס זיין איניקל ווייס נישט אַז ער איז אַ ייד. יאָסקע האָט זיך יענע נאַכט אויפגעכאַפּט אַ פאַרשוויצטער און דערשראָקענער. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דער טאַטע לעבט דאָך נאָך ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, אויסגעשפּיגן דריי מאָל, זיך אַרבערגעדעקט מיט דעם ליילעך איבערן קאָפּ, אָבער איינשלאָפן האָט ער שוין יענע נאַכט נישט געקאָנט.

ווען ער איז געקומען אויף מאָרגן אין געשעפט האָט אים דער פּאָסט-טרעגער דערלאַנגט אַ בריוו. יאָסקע האָט באַלד נאָכן קאָנווערט דערקענט, אַז דער בריוו איז פון דער אַלטער היים און עס האָט אים אַ טיאַכקע געטון אין האַרצן. ער האָט מיט ציטערנדיקע פינגער אויפגעריסן דעם קאָנווערט, אַרויסגעצויגן פאַרזיכטיק אַ בויגעלע פאַרשריבן מיט דראַבנע אותיות און האָט באַלד דערקענט, אַז דאָס איז נישט דעם טאַטנס כתב.

די אויגן זענען אים פאַרגלייזט געוואָרן, גענומען פינטלען. ער

האָט זיך אנגעלענט אָן טיש און מיט הארצקלאַפּעניש איבערגעליי־ענט די געדרייטע, דראבנע אותיות.

א טרערן גאָס פון יאסקעס אויגן האָט פארנעצט דעם בריוול, ווו די מאמע לאָזט אים שרייבן, אז דער טאַטע איז שוין אין ליכטיקן גן עדן, אז ער האָט פארן טויט געהאט גרויס צער, וואָס ער, יאָסקע, שרייבט ניִשט און אז זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען יאָסקע, יאָסקע... יאָס..

עס האָט זיך אים געדוכט ווי ער וואָלט הערן דעם טאַטנס קול — איז יאָסקע צוריק ארויס פון געשעפט, האסטיק פארמאכט די צווייטע טיר און זיך געלאָזט איבערן גאַס ניִשט אָפּגעבנדיק זיך קיין דעכענונג וווהין ער גייט.

יאָסקען האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער גייט נאָכן טאַטנס לוויה, ער האָט נישט געזען קיין מענטשן ארום זיך, דאָס הארץ איז אים געווען פארקלעמט און די אויגן אויסגעסטארשעט האָבן טרויעריק גרוים געקוקט פארויס, און גאָרנישט געזען.

דורכגעלאָפן דורך גאסן און פלעצער איז יאָסקע געקומען אהיים און איז מיט א יאָמערדיקער כארכלעריי אוועקגעפאלן אויפן סאפע. מאַרגאַריטאַ האָט זיך דערשראקן און אויפגעצאַפּלט; זי איז געפאַלן אויף די קני פאר יאָסקען און אים געבעטן רחמנות האָבן און איר דערציילן וואָס עס האָט פּאסירט. יאָסקע האָט געהאט א פארשטיקט האלדז, ווי א הארטער ביסן וואָלט אים אין גאָרגל געלעגן, ער האָט געוואָלט רעדן און נישט געקענט. ער האָט געהערט, ווי מאַרגאַריטאַ שלוכצט ווי דער קליינער רובען שרייט פון שרעק און דערפילט אויף זיין האלדז און פּנים די גלעטנדע הענט פון זיין פרוי און די פינ־גערלעך פון זיין ליב יינגל.

ער האָט זיך אויפגעזעצט און ארויסגענומען מאַרגאַריטאַן און רובען און מיט א טרערן־שטיקנדן קול זיי דערציילט פון דער נאַכ־ריכט אין דעם בריוו. א טרויער האָט זיך אויסגעגאָסן אויף מאַרגאַ־ריטאַס ליכטיקן פּנים און זי האָט מיט די וואַרימסטע ווערטער גע־טרייסט איר מאַן. דער קליינער רובען האָט וויינענדיק זיך נאָכגע־פרעגט אויף דעם „זיידן" — און יאָסקע האָט אים אין דעם מאָ־מענט באַשלאָסן צו זאָגן ווער זיין זיידע איז געווען. דאָס קינד האָט

נישט פארשטאנען וואָס דאָס מיינט, אז דער זיידע איז געווען א ייד און אז פּאַ איז אַ ייד. מאַרגאַריטאַ, האָט זיך צוגעהערט צו כאַ־סעס רייד, אינעווייניק האָט עס איר געגעבן אַ ברי, אָבער באַלד האָט זי זיך באַהערשט און געזאָגט: כאָסע, צו וואָס דערציילסטו עס דעם קינד, דו ביסט אַ גוטער און אַ ליבער מענטש, פאַר מיר איז דאָס גענוג, באַרואיק זיך און נעם אין אכט, אז דיין פאָטער איז שוין געווען אַלט און אַלע מענטשן דערוואַרטן דאָך דאָס זעלבע.

— איך וויל עס דערציילן מיין קינד — האָט כאָסע געזאָגט מיט אַ ביסל כעס אין די רייד. איך וויל אז דו זאָלסט עס אויך ענדלעך וויסן און איך וויל, אז דו זאָלסט מיר פארשטיין, אז איך דאַרף מיין זון געבן אַן אנדער דערציאונג ווי די אנדערע קינדער פון אונזערע פריינט.

מאַרגאַריטאַ האָט נישט פארשטאַנען וואָס כאָסע מיינט און זי האָט די רייד אנגענומען ווי אַ רעזולטאַט פון כאָסעס דענערווירונג.

האָט זי אים מיט אַלע גוטע רייד געפּרוווט איינגעמען, אוועק־גענומען רובענען אין אַ צווייטן צימער און געלאָזט כאָסען אליין, ער זאָל זיך באַרואיקן פון דער דענערווירונג.

פון יענעם טאָג אָן האָט כאָסע גענומען רעדן מיט מאַרגאַריטאַן וועגן זיין היים, וועגן זיין אַפּשטאַם, דערציילט איר זיין געשיכטע, ווו ער איז געבוירן, ווי ער קומט אהער — און ווי ער בייָנקט אָפּט־מאָל צו זען דער מאַמען, וועלכע איז אליין אויף דער עלטער דאָרט אַ עלנטע. פון אַ קופערט האָט ער ארויסגעשלעפּט אַ צעקיינטשטע פאָטאָגראַפיע פון אַ אַלטע פּאָר מענטשן. ער האָט דאָס בילדל אויף וועלכן דער „ער" איז געשטאַנען אין אַ הארטן קאַפּעלוש און די „זי" אין אַ טשעפּעק, וואָס מאַרגאַריטאַ האָט אַזעלכע טיפּן געזען דאָס ערשטע מאָל אוועקגעשטעלט אויף דער נאַכט שאַפקע לעם זיין בעט — און אָפט געהאַט טרערן אין די אויגן ווען ער האָט גע־קוקט דערויף.

מאַרגאַריטאַ האָט זיך דערוווּסט פון פיל מנהגים ביי יידן, פון יום טובים און געשיכטעס, וואָס זענען פאַר איר געווען אויסטערלישע זאַכן, עפּעס פון אַן אנדער וועלט. זי האָט ליב געהאַט כאָסען און אַלץ געוואָלט פארשטיין. פלעגט זי נייגעריק זיך צוהערן צו זיינע

רייד, איבערפרעגן און פארגעדרייטקען וויפל עס איז איר מעגלעך גע־
ווען. שווער איז איר געווען צו פארשטיין וואס כאסע דערציילט, אז
ביי יינגלעך מאכן יידןביים געבורט אן אפעראציע וואס דאס איז
זייער צום געזונט פון דעם קינד און פון דעם דור וואס קומט פון
אים שפעטער ארויס. זי האט וועגן דעם גערעדט מיט איר מוטער,
אן אלטע קאטוילישקע; די מוטער איז געגאנגען פרעגן דעם „פא־
טערל" אין קלויסטער וואס דאס איז אזוינס, ווייל אפשר איז דאס
א זינדיקע זאך און מען דארף זיך היטן.

עס איז אוועק א שטיקל צייט און כאסע האט זיך בארואיקט.
פון דער גרויסער שטאט, ווו עס זענען פאר דער צייט געקומען יידן
אהער מאכן מסחר האט ער זיך דערוווסט, אז עס איז דא א יידיש
לעבן, מיט אייגענע יידישע דרכים, וואס מען האט פארשלעפט פון
דער אלטער היים. אט ער גענומען אויסשרייבן א צייטונג, געלייענט
וועגן אלץ וואס עס קומט פאר — און אין זיין מוח האבן זיך גענו־
מען פארגנבענען געדאנקען, אז ער זאל גאר אריבער פארן מיט מאר־
גאריטאן און רובען אין דער גרויסער שטאט. ער האט נאך נישט
געוווסט פארוואס, נאר א ווילן דערצו האט זיך ביי אים גענומען
אויספיקן.

פון א יידישן רייזנדן האט יאסקע זיך דערוווסט, אז מען האט
אין שטאט געמלט א 13 יאריקן בחור, וואס איז געבוירן געווארן ביי
עלטערן וואס געהערן עפעס צו א סעקטע כמו ווי סובאטניקעס. ער
האט דעם יונגמאן נשיט אפגעלאזן, געמאכט ביי אים נאך און נאך
באשטעלונגען, געהאלטן אים א גאנצן טאג אין געשעפט, און אלע
ווײלע ארויף אויף דער טעמע וועגן דער אויסטערלישער ברית מילה.
ער האט אויסגעפרעגט, וואס דער בחור מאכט. ווי אזוי האט מען
עס געמאכט און ווער און ווו און ווי ער פילט זיך. יאסקע איז געווען
צעטראגן זינט ער האט געהערט די געשיכטע און האט זיך קיין ארט
נישט געפונען.

ער האט זיך דערוווסט ווען עס פאלט אוים יום כיפור און ער
האט אויסגעזוכט א תירוץ דעם טאג נישט צו עפענען דאס געשעפט.
ער האט ארויסגענומען מארגאריטאן אונטערן שטאט אויף א שפא־
ציר, זי געצערטעלט ווי פאר דעם אפשרייבן זיך, געקוקט אין אירע

שיינע אויגן, גערעדט און געווארפן מיט ווערטער, וואס האבן זיך נישט געקלעפט. מארגאריטא האט פארשטאנען, אז עפעס קוועטשט איר מאן. — און זי האט קאקעטיש און מוטיק אים פארגעלייגט ער זאל איר דערקלערן, וואס עס איז מיט אים, וואס איז די סיבה פון זיין צעשטרייטקייט.

איך וויים — האט זי בעטנדיק צו אים געזאגט — אז דו האסט עפעס אויף דיין הארץ. דערצייל מיר כאסע. דיינע פארלאנגען זע.ען מיינע און איך וועל דיר זען לייכטער מאכן.

יאסקע האט אזש באקומען היץ פון די ווארעמע רייד פון זיין מארגאריטאן און ער האט זי געוואלט איינשלינגען מיט א קוש. זיי האבן זיך געזעצט אין וואלד אויף אן אפגעהאקט בוים. ער האט זיך דערמאנט זייערע זיסע איבערלעבונגען אין די ערשטע חדשים פון זייער ליבע — און האט קוים געפונען ווערטער איבערצוטראגן זיין אנגענעם געפיל אויף מארגאריטאן. ער האט זי פארזיכערט, אז אן איר הסכמה וועט ער גארנישט טון, אבער ער וויל, אז זי זאל אים צוזאגן, אז זיי וועלן אפערירן אויף יידיש רובען, ווייל דאס פארביטערט זיין זיס לעבן און גיט אים נישט קיין רו.

יאסקע איז געווארן פארצווייפלט ווען מארגאריטא האט אים דערקלערט איר קעגנערשאפט צו אזא שריט. ער האט זיך געוווּנדערט פונוואנען זי וויים, אז דאס איז א רעליגיעזע צערעמאניע, נישט קיין געזונדהייטס אפעראציע און העריגדיק ווי זי דערציילט אים פון אנדערע יידן וואס האבן שוין עלטערע יינגלעך — און דווקא אין שטאט — וועלכע האבן אויך אזא „אפעראציע" נישט דורכגעמאכט, —האט ער שוין פארשטאנען ווען וואס מארגאריטא האט לעצטנס אפט געשמועסט מיט דער יידישער פרוי, וואס איז אריינגעפארן אהער פון דער גרויסער שטאט.

מארגאריטא האט נישט געוואלט לאזן יאסקען אין קיין שלעכטער שטימונג, זי האט געזען זיין זויערע מינע נאך איר ענטפער און זי האט צוגעגעבן, אז אין גרונט וויים זי נאך אליין נית צי זי איז קאטעגאריש נעגן דעם, מ'וועט נאך זען, ער וויל דאך אליין נית דאס מאכן שוין און דא קאן מען דאך עס נישט מאכן, טא צי וואס זיך אמפערן, בעסער אפווארטן.

די האָפּנונגס פּולע רייד האָבן אים ווידער אַרומגענומען ווי מיט אַ ליבעס רייף און ער האָט געפילט, אַז מאַרגאַריטאַ איז אַזוי פיין צו אים, אַז יעדער קרבן איז כדאי. האָט יאָסקע זי גערעוּקט פאַר איר פאַרשטיין אים און האָט פון זיין זייט פאַרזיכערט, אַז ער וועט טון אַזוי ווי מאַרגאַריטאַ וועט געפעלן.

מיט די יידישע פּרוּי פון שטאָט האָט יאָסקע אויסגעהיט זיך צו באַגעגענען. ער האָט געהאַט אַ פאַרגעפּיל, אַז קיין גוטס וועט פון איר פריינטשאַפט מיט מאַרגאַריטאַן נישט אַרויסקומען און לאַנג וואַרטן אויף די רעזולטאַטן האָט ער אויך נישט געדאַרפט. מאַרגאַריטאַ האָט אים פאַרטרויט, אַז איר מוטער האָט „עמיצער" דערציילט אַז ער איז אַ ייד; זי האָט שוין אַפילו אַוועקגעטראָגן ליכט אין קלויסטער און געבעטן דעם „פאַטערל" ער זאָל פאַרגעבן איר טאָכטער די גרויסע זינד...

אין אַ שיינעם טאָג האָט יאָסקע געהאַט אַ גרויסע איבערראשונג. זיין רובען איז געקומען צו אים אין געשעפט, וואָס איז געווען אַ גרויסע זעלטנהייט. ער האָט דעם אויסגעוואַקסענעם יינגל, וואָס איז שוין געגאַנגען דעם צווייטן יאָר אין אַ שול, אַרומגעכאַפּט און פאַטערלעך געצערטלט און געקושט. עפּעס האָט דער יינגל אויף אים מאָדנע, פאַרשענדיק געקוקט — און דאָס איז יאָסקען נישט געפעלן געוואָרן.

— פּאַ — האָט רובען פּלוצלונג אומדרייסט אַ פרעג געטון: — זאָג מיר, פּאַ, פאַרוואָס האָט די מאַ אַזעלכע טונקעלע האָר און שוואַרצע אויגן און פּאַ האָט בלאָנדע האָר און בלויע אויגן?

יאָסקען האָט זיך געדוכט, אַז ער איז געוואָרן טויבלעך פון דער „אומשולדיקער" פראַגע פון זיין בינאַק. ער האָט אים אָפּשטופּענדיק אַראָפּגעלאָזט פון שויס, זיך פאַרטון מיט אַ קונד כלומרשט, וואָס איז צום גליק אַריין אין געשעפט — און אין די אויערן האָט אים געקלונגען די פראַגע: פאַר וואָס איז די מאַמע...

— טאַטע, פאַרוואָס?... האָט ער צו זיך אַליין געמורמלט.

יאָסקע איז געקומען אַהיים אַן אויפגערעגטער. ער האָט מאַרגאַריטאַן נישט דערציילט פון קיין פּותר-חלום און אויף אַלע אירע פראַגן וואָס מיט אים איז האָט ער געענטפערט קורץ: מיר פאָרן אַרי-

בער אין שטאַט, מיר מוזן זיין אין שטאַט און נאָך היינטיקן חודש ציען מיר זיך איבער.

ווען מארגאריטא איז געוואָרן די סיבה פון זיין באשלוס, האָט זי אויסגעדריקט איר הסכם אויף דעם שריט, זי האָט געזען די ענטשלאסנקייט מיט וועלכער כאַסע רעדט וועגן אריבערציען זיך אין שטאָט און זי האָט פארשטאנען, אַז קיין זאך וועט אים פון זיין באשלוס נישט אפהאלטן.

* *
*

יאָסקע האָט פארהאנדלט זיין געשעפט און איז אוועק מיטן געלט, מיטן ווייב און קינד אין דער הויפּט שטאָט. איידער ער האָט נאָך זיך איינגעאָרדנט, איידער ער האָט זיך נאָך ארומגעזען אויף וועלכער וועלט ער איז — איז ער אין אַ אָוונט אוועק אין קלוב, זיך געשטעלט שעמעוודיק ביים טישל ווו מען האָט גראד פארשריבן די קינדער אין שולע. אויף אלע פראגן האָט ער שטיל צושטימענדיק געענטפערט. ער האָט אַראָפּגעשלונגען דעם ענטפער וועגן דעם נאָמען פון דער מוטער פונם קינד און איר אפשטאם. ער האָט איינגעצאָלט די געפאדערטע סומע מיט אַ היילקייט, ווי יידן פלעגן אמאָל ברייגנען דעם קרבן פאַרן כהן; און איז ארויס פון צימער אַ שיינערדיקער און צופרידענער.

ביי יאָסקען איז דאָס געווען דער גרעסטער פארגעניגן ווען ער האָט אויפגעוועקט רובען דעם ערשטן טאָג און האָט אים אראָפּגעפירט אויפן גאס אָפּצוואַרטן דעם שול־אויטאָ. ער האָט רובען אריינגעזעצט אין אויטאָ און זיינע אויגן זענען פייכט געוואָרן, ווען ער האָט נאָכגעקוקט ווי ער פארט אָפּ. יאָסקע האָט געמיינט אין דעם מאָמענט אַז ער איז צוריקגעקומען אין דער היים, אַז ער האָט געטראָפן זיין מאַמע און זי כאַפּט אים אַרום און האלדזט אים, איר פארלוירן קינד, וואָס האָט געבלאָנדזשעט, און וואָס האָט צוריק געפונען זיין וועג...

# א מענטש

ער איז א עמיגראנט פון קינדרווויז אויף. פון טאטנס שטוב איז ער אוועק א יונג בחורל און ער האט שוין געטון כל עבודת־פרך נאך אין די צייטן ווען אלרייטניקעס זענען געוואקסן אין אמעריקע ווי שוואמען נאך א רעגן. זיין ברען האט אים געבראכט אין די רייען פון די אומצופרידענע מיט דער וועלט און איר ארדענונג און ער האט דארט געשמידט זיין גייסט, פארוועגדט זיין ענערגי פון די סאמע יונגע יארן אן.

מיט גלויבן האט ער געטון אלץ פאר אן אנדער וועלט און אן אנדערע מענטשן; אן אמעריקאנער געריכט האט אים פאר אנטי־קריג אגיטאציע צוגענומען זיין פרייהייט. — און ער איז נאך פיר יאר אויסגעבימן אין זיין היימלאנד רוסלאנד, ווו די רעוואלוציע האט זיך נאך געקאכט מיט ערלעכע פייערן, און ווו מען האט זיך אין אזעלכע פייערדיקע נאטורן גאר גענויטיקט.

אבער ער איז געקומען קיין מעקסיקע. דורך בערלין און דורך האוואנא ווו ער האט געפרווט מאכן סטאנציעס פאר זיין טעמפע־ראמענט און ארבעט — איז ער דערגאנגען ביז אהער און נאענט צו דעם לאנד ווו ער איז די גרעסטע „פארברעכנס“ באגאנגען האט ער זיך באזעצט, איינענטלעך אויף א געלעכטער. ער איז שוין דא געבליבן שטעקן עד־היום.

ער האט נאך נישט געמאכט קיין געלט, און וועט שוין ניט מא־כען. ער האט נישט קיין רייכטום און וועט נישט האבן. ער האט זיך נישט ארויפגעארבעט אויף קיין הויז, ווייל מער ווי א ווינקל דארף ער נישט, און נאר אויף א הארט בעטל ליגן זיינע ביינער.

ער קען אין שטאט אלעמען און נאכמער קענען אלע אים. יעדער האט פון אים געהערט און יעדער ווייס, אז דאס איז עפעס אן אנדער מענטש אויף דער ערד; ער איז נישט קיין גלויביקער, פאר־

קערט, איז א כופר־בעיקר, און איז ערלעכער ווי דער פרומסטער צווישן פרומע.

אלע גלויבן אים און אלע געטרויען אים. ער פארמאגט קיין איי־גענעם טויזנטער און מענטשן גיבן אים איבער צו „ארעגלירן" זייערע ענינים פון צענדליקער טויזנטער. פריינט צוממיתן זיך — פארלאזן זיי זיך, אז ער זאל זיי אויסגלייכן; מענטשן האבן ספקות, הערן זיי וואס ער זאגט און זוכן ביי אים קלארקייט אין קאמפליצירטע פראגן.

רעדט ער — הערט מען אים מיט א פארכאפטן אטעם; ווערט ער דורך עמיצן בארעדט — שטעלט זיך יענער אוים אן אטעסטאט פון א מטורף, ווייל קיין שפרינקעלע איז נישטא אויף זיין געוויסן, ווייל קיין דורכגעטראכטע זאכן לרעה פון עמיצן טוט ער נישט; ער האט, ווי אלע, מענטשלעכע שוואכקייטן; איז גאר אליין ניט קיין רעצידירטער און לאזט זיך דווקא באאיינפלוסן; ער גלויבט יעדן און מען קען אים איבעררעדן צו אלערליי גוטע זאכן, אויב אפילו זיי זענען קענען זיין אייגענעם ארט דענקען. — נאר ער האט עפעס איין זאך; וואס דאס איז אין אים שטאל איינגעוואקסן — און דאס איז א גלייכע און א טיף מענטשלעכע מ א ר א ל !

ער רעדט נישט וועגן מאראל, פרעדיקט נישט קיין מאראל — נאר ה א נ ד ל ט ווי א מאראליסט.

ער איז זייער אומרואיק, ער איז עפעס מאדנע שפרודלדיק. שטענדיק שאפט ער עפעס, בויט, טוט, ארגאניזירט; ער האט כמעט גארנישט פאר זיין מי, ער דארף גארנישט אויך, געגוג, אז ער האט אויף צו לעבן, אויף דעם ביסל עסן און דעם שטיקל ארט. ער העלפט, ער רוקט אריין וועו מ"דארף א שטיצע אזוי אומגעזען, אז מ"זאל נישט וויסן פון וואנען דאס איז געקומען. אפט נוצן מענטשן אוים זיין נאאיוויטעט און טוען אים אפ זאכן לרעה, פאר גוטס — שלעכטס, ער געדיינקט נישט לאנג די עוולה, אין א קורצע צייט ארום טוט ער ווידער דעם מענטשן א טובה און דערמאנט קיינמאל נישט, אז עפעס איז געווען.

די שטאט נעמט אים פאר א מוסטער, כאטש כמעט אלע טוען פאפיער ווי ער. זיי זאגן, אז ער איז אן אויסטערלישער טיפ — און אלע קאנען דאך נישט זיין אויסטערליש. מען רעספעקטירט אים

און מען שעצט אים. מען זוכט א געלעגנהייט מיט אים צו כאפן א פאר ווערטער, מען וויל זיין צווישן זיינע באקאנטע, מען באגעגנט אים מיט דרך ארץ און מען זעגנט אים מיט שעצונג — און מען באוואונדערט זיין אויפגעלייגטקייט, זיין יונגן אויסזען גאָרנישט ווי נאך די יאָרן, זיין קוועלנדיקע ענערגי אינגאנצן נישט לויט זיין עלטער — זיין אָפטימיזם, זיין גלויבן אין גוטסקייט און אין יושר, זיין פאראכטונג צו שלעכטע מעשים, אזוי פון יחידים, אזוי פון באַ־וועגונגען.

פאראן אזעלכע וואָס האלטן אים פאר א „טשודאק". אזעלכע, וואָס זעען אין אזא טיפ א אנאַרמאַלקייט, בפרט אין היינטיקער וועלט פון אָפנארעריי און צביעות. פאראן אזעלכע וואָס באגלייטן אים אין דער שטיל מיט שפּאָט, ווייל זיי פארגינען נישט א מענטשן צו דערווערבן זיך אזא אָרעאָל און זיי זענען אינסטיקטיוו אייפער־זיכטיק אויף אים. אָבער דאָס זענען אייגציקע אזעלכע — ביים עולם וועלן זיי מיט זייער שפּאָט נישט אויסנעמען — ווייל מען פילט באלד, אז דאָס איז גערעדט פון קנאה אָדער פון שנאה.

איז ער שוין ווי געזאָגט אין די יאָרן און האָט קיין זאך נישט. ער איז מיט גאָרנישט פארזאָרגט און וויל נישט זיין פארזארגט. ער לעבט נאָר פון יגיע־כפּים, און איז קיינעם נישט מקנא, רייכטום איז ביי אים פסולת, איינגעטום פאראכטעט, דער פאָדים פון פערזענלעכן גליק — אויך א איבערגעריסענער — און ער איז דאך גליקלעך.

אָן הייזער, אָן ברייזער אָן גרויסע קאנטעס אין ביינק און אָן אָפּערירן מיט גרויסע ציפערן און שליידערן מיט באנקנאָטן — מיט איין וואָרט — אָן ערדיש פארמעגן. — —

* *
*

אָבער מיט פארמעגן, וואָס מען קריגט עס פאר קיין שום געלט נישט. מיט א גוטן און אומבאפלעקטן נאָמען — וואָס איז מער ווערט ווי גרויסע פאבריקן און מויערן, מיט א פארמעגן, וואָס איז

דורך שלמה המלך אָפּגעשאצט געוואָרן מיטן טיפן שפּרוך פון —
„טוב שם משמן טוב“.

און ווו? אין א לאַנד, ווו מען פאַרגעסט דעם נאָמען, ווו מען געדיינקט נישט די אבות און מען פאַרלעצט זייערע מנהגים, ווו מען מוז מאכן געלט, ווו מען רוט נישט און מען טוט נישט קיין מעשים טובים, ווו מען געדיינקט נישט אָן גאָט און אָן לייט. און ווער? ניט קיין רעליגיעזער, נישט קיין פאַנאַטיקער, א פרייער גייסט און שטי־לער מענטש — א קליינער גוף, א גרויסע נשמה, א גוט הארץ און ממש אָן א גאל. און ווען טוט ער עפּעס וואָס איז אָפּגעזויגט פון גאָלע גוטס? ווען מענטשן אין וועלכע ער האָט א גוטן גלויבן פירן אים דערצו.

איז ער א מאָדערנער צדיק? ניין, ער איז א נישט מאָדערנער מענטש — אָבער א גוטער מענטש, וואָס אזעלכע זע־נען היינט לײדער ווינציק דאָ.

# אן אומגליק...

בערעק איז א זשאווער און ענערגישער יונגערמאן. צווישן סוחר־רים האט ער א נאמען פאר א גוטן צאָלער אויך און מען גיט אים קרעדיט. אין א פרייע מינוט טראכט ער זיך, אז ער ווייס אליין ניט פון וואנען עס איז צו אים געקומען די סוחרישע פיייקייט. אין דער־היים איז ער געווען א שטיקל בוכהאלטער ביי יענעם און האט קיין געשעפטן נישט געפירט. דא — איז ער געוואָרן אויסגעבונדן מיט אלע סוחרישע דריידלעך, וויים ווען צו גוזמאווען און ווען צו ענטפערן מיט א האלבן מויל, און וואס ווייס ער נישט?

ביי אלעמען האט בערעק א גוטן נאמען. זיין וועש פאבריק האט אין איינע פאר יאר פראגרעסירט און זיך פארפונדעוועט, אז ער האט שוין וועגן פרנסה קיין דאגה נישט געהאט. אין צוויי בענק האט מען אים געגעבן פרייע קאנטעס און מענטשן האבן זיך ביי אים גע־בעטן, אז ער זאל נעמען ביי זיי געלט. האט בערעק גענומען.

ער פלעגט קוקן אויף די עטלעכע אין דרייסיק מיידלעך אין זיין פאבריק, איבער וועלכע ער איז באלעבאס, אויף די פאליצעס מיט לייוונט און מיט קעסטלעך העמדער, וואס זענען זיין אייגנטום און הנאה האבן פון זיין אויפטו, וואס האט אים געשטעלט אויף די פיס, און וואס האט אים געמאכט פאר א מענטשן מיט לייטן גלייך צו וועלכן מען קומט נאך א נדבה אויף א קהלשער זאך, און וואס עס גריסן אים די שענסטע באלעבאטים.

עס איז בערקען קיינמאל נישט איינגעפאלן, אז עס קען אים אוועקגיין ערגער. ער האט זיך געזען אין זיין פאנטאזיע ווי א גרויסן גביר מיט דער צייט. ער האט זיך באצייטנס ארייננעצויגן אין א שיינער וווינונג. אנגעטון דער ווייב אין עסיק און אין האניק, אויס־געשטאט די וווינונג מיטן שענסטן און בעסטן, אז געסט און פריינט זאלן זיך פארווילן ביי אים וואס בעסער. בערעק האט זיך געקויפט א קאטש, איבעררעכענענדיק פריער אז דאס איז פון זיין

איינגן אפגעשפארטן קאפיטאל און נישט פון פרעמדן געלט, וואס ליגט אין געשעפט און אין סחורה.

ווען עס איז איינמאל ארויס אין גאס א קלאנג וועגן דעם הער מוטניק, אז ער האט באנקראטירט איז בערעק געווען צווישן די ערשטע שטראף צו פאראורטיילן אזא שריט פון א יידישן סוחר. אויף דער באנק פארזאמלונג האט ער אפילו גענומען א ווארט און געמוסרט די יעניקע וואס באנוצן זיך לייכטזיניק מיטן פרעמדן גראשן. מען האט אים אויסגעוויילט פאר א ראט מיטגליד פון באנק פאר זיין מוטיקייט און שיינעם רעדן.

* * *

מאדאם בערעק האט געהאט געציילטע פריינט. איינמאל א וואך האט זי איינגעלאדן איניקע פון זיי אויף אוונט ברויט אין איר שיינער דירה און זי איז געווען צופרידן צו הערן א קאמפלימענט פון אירע געסט וועגן די געשמאקע עסנס וואס די דינסט האט אונטער איר אויפזיכט סערווירט; איר מיעטעק האט פאר די געסט געשפילט אויפן פידל און א נחת האט דער מאמען צעשמאלצן פון זיין יעדן צי מיט דער סטרונע.

דאס איז אבער געווארן לאנגווייליק, — און הער האניקמאן האט איינמאל בעת אזא אוונטברויט פארגעלייגט צו מאכן א קערטל. בערעק האט בטבע פיינט געהאט די דאזיקע פארוויילונגען און זיין ווייב האט אויך מורא געהאט דערפאר. עס האט איר נישט געפאסט אפזאגן די געסט און פון העפלעכקייט וועגן האט זי און איר מאן, דורכווארפנדיק זיך מיט צושטימונגס בליקן, איינגעשטימט. נאר מען זאל שפילן קליין, עס איז דאך בלויז צוליב צייט פארטרייב...

* * *

די מאדאם האניקמאן פלעגט די בערעקס צוזאמען מיט אנדערע פריינט איינלאדן אויף א רעוויזיטאציע אן אנדער אוונט אין דער וואך. צווישן די געסט זענען געווען נייע מענטשן און אנדערע מענטשן. בערעקן זענען זיי נישט געווען סימפאטיש די ערשטע צייט,

אָבער פון העפלעכקייט וועגן האָט ער געמאַכט אַ פרייע מינע און האָט זיך שפּעטער צוגעווינט. ביי די האַניקמאַנס פלעגט מען אָפּ־עסן זייער גיך, אַרייַנגעכאַפּט, אַראָפּגעשלונגען און איידער דער טיש איז נאָך געווען ליידיק האָט מען שוין אַראָפּגעצויגן דעם טישטוך, פאַרטייילט „פּיטשעס״ און זיך גענומען צו דער אַרבעט...

בערעק איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער שפּיל. זיין פרוי איז געווען אַ נאָכגיביקע, זי האָט אים איינמאָל געראָטן אויפמערקזאַם מאַכן, אַז אפשר איז דאָס אַ איבעריקע זאַך — אָבער עס האָט קיין פּעולה נישט געהאַט. אַלע שפּילן און נאָכאַלעמען קען מען דאָך קיין אייגנס נישט פאַרשפּילן, אַמאָל געווינט דער, אַמאָל יענער — ניט מער צוליב צייט פאַרטרייב. עס איז נישטאָ וואָס צו טון. אין קלוב איז נישט אינטערעסאַנט, אין קינאָ קען מען דאָך נישט גיין אַלע אָוונט — עס מאַכט נישט אויס, אַז מען שפּילט אַ ביסל צווישן אייגענע מענטשן.

* * *

ביי די האַניקסמאַנס האָט מען גענומען שפּילן אויסער שבת־צונאַכט און זונטיק אין די מיטוואָכן אויך. פון קליין איז מען אַרי־מער צו גרויס זייער גיך און קיין מזומנים האָט מען אויפן טיש ניט געהאַלטן. בערעקס ווייב האָט איינמאָל אָנגעטון איר מאַן גרויס שרעק — און דורך אַ פענסטער זענען אַריינגעקומען זוכערס צוגע־נומען די ממתקים, אוועקגעפירט עס עולם בחרפּתו אין צירקל אַריין און עס האָט נאָכדעם געקאָסט געזונט און געלט צו פאַרטרייבן די געשיכטע.

האָט מען געשריבן „קוויטלעך״ אויף מאָרגן צו קאַברירן אין באַנק. אויסגענומען האָט מען, אַז אַזעלכע קוויטלעך זאָלן גיין נישט דורך דער יידישער באַנק. נאָר דורך אַן אַנדער. פאָרזיכטיקייט אין דעם זין שאַדט נישט.

און בערעקן איז אַוועק שלעכט אַ שטיקל צייט. די ווייב איז אים קראַנק געוואָרן, עס האָט זיך איר אָפּגערופן אַ חולאַת פון דער צייט ווען זי האָט מיט מאַניעקן געטראָגן, זי האָט גענומען ליידן אויפן

האַרץ און אויף שלאַפלאַזיקייט. ווי שפּעט בערעק איז נישט געקו־מען אהיים — איז זי געלעגן מיט אָפענע אויגן און שטום געקוקט אַרויפצו. דאָקטוירים זענען געוואָרן אָפטע איינגייער אין בערעקס הויז און מעדיצינען האָבן פול געמאַכט דעם שלאָף צימער.

בערעקן האָט עס אינערלעך ווידערגעפילט. ער האָט זיין ווייב געשעצט און זיך געלאָזט קאָסטן געגוג איר צו קורירן. אָבער דער ריח פון מעדיצינען די אומאויפהערלעכע קרעכצן און דער יאָך פון שטוב וואָס איז אויף אים געפאַלן האָט אים אָפגעטריבן פון זיין היים. ער האָט אַלע פּאָר שעה טאָקע געדעדט דורכן טעלעפאָן און גע־פרעגט דער דינסט וואָס די סעניאָרא מאַכט, צי זי שלאָפט, צי עס קוועלט איר ניט עפּעס — אָבער אָפטער האָט ער פאַרנאַכט אנגע־זאָגט, אַז ער דאַרף זיך זען מיט א סוחר, מיט אַן אַגענט, מיט דעם און מיט יענעם און איז געוואָרן אַ נאַכט פויגל, געקומען שפּעט אַהיים.

מאַדאַם בערעק איז געפאַרן אין ראַטשעסטער. זי איז נאָך אַ פּאָר מאָנאַטן געקומען אַ אָפּגעצערטע און ווייניק פאַרבעסערטע. בערעק האָט אין דער צייט שוין געשפּילט נישט נאָר ביי די האַ־ניקמאַנס נאָר מיט אַנדערע באַקאַנטע. זיין „גיים" איז שוין גע־ווען פון די ערשטע און באַרימטסטע אין די קרייזן פון עולם, וואָס פאַרטרייבט אויף אַזאַ אופן די צייט.

אין געשעפט איז עס געגאַנגען קאַפּידריך. בערעק איז אין די פּרימאַרגנס געשטאַנען אַ האַלב פאַרשלאָפענער, נישט געהערט, וואָס דער צושניידער רעדט צו אים און אַן מוט געענטפערט. סחורה איז געשטיגן און ער האָט פאַרזען אַנצוגרייטן ווי אַנדערע אין דער בראַנ־זשע האָבן עס געטון. פון פּראָווינץ זענען קלענער געוואָרן די צאַ־לונגען, ער איז לאַנגע מאָנאַטן נישט געפאַרן קיינעם זען — ביז אין אַ געווויסן טאָג איז אים אָנגעקומען אַ מעלדונג פון באַנק, אַז זיין טשעק וואָס ער האָט אויסגעשטעלט דעם און דעם קען נישט באַ־פרידיקט ווערן צוליבן פעלן פון פאַנדן...

בערעק האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ שלאָף — ווען ער האָט איבערגעלייענט דעם רויטן צעטעלע. ער האָט אויסגעריבן די אויגן און זיך גענומען אומקוקן ווו ער איז דאָ אין דער וועלט; ער איז

יענעם טאָג אוועק פריער אהיים אויף מיטאָג, זייער צערטלעך האָט ער זיך באנומען צו דער ווייב, געגלעט איר דעם קאָפּ און געפרעגט אויף איר געזונט; אריינגעקוקט אין ביכל ביי זיין מאניעקן ווו ער האלט מיט די לעקציעס און זיך געהאלטן אין איין טשוכען פון דעם קאשמאר אין וועלכן ער האָט זיך געפונען.

* * *

ווען בערעק האָט א פּאָר טעג אויסגעפעלט ביי האניקמאנען און זיינע פריינט האָבן אים אָפּגערופן פרעגנדיק אויף דער סיבה פון זיין אפּוועזנהייט — האָט בערעק געענטפערט, אז ער פילט נישט גוט און דאָס ווייב איז אים ערגער — קען ער נישט ארויס פון שטוב; ער האָט דורכגענישטערט זיין געשעפט, געמאכט זיין באלאנס שרייבענדיק אין א קליינעם ביכעלע — און איז געוואָרן זייער אומעטיק.

קומענדיק א פרימאָרגן אין פאבריק האָט ער געפונען א בריוו, אז צוויי קליענטן זיינע, די גרעסטע אָפּנעמער פון זיינע העמדער, האָבן אָפּגעשטעלט די צאָלונגען און זייערע געשעפטן זענען שוין געשלאָסן. ער איז מיטן נעקסטן צוג געפארן צו זיי און האָט געטראָפן דאָרט אזויווי ווען מען קומט צו א לוויה. האָט ער זיך א נידערגעשלאגענער צוריקגעקערט אהיים און נישט געהאט אפילו פאר וועמען זיך צו פארטרויען. ער האָט נאָך דערצו געוואָלט, אז קיינער זאָל נישט וויסן פון קיין זאך, כדי עס זאָל אים נישט שווערער מאַכען, אויב מען וועט זיך א לאָז טון צו אים נאָך די חובות וואָס ער איז שולדיק געווען וועמען פריי און וועמען פאר א גוטן מס...

אין די זעלבע טעג האָט דער סינדיקאט אים אריינגעשיקט א פאָדערונג פון העכערונג כמעט אויף דאפּלט פאר א האלבן פערסאָנאל. ער האָט אויף גיך נאָכגעגעבן מורא האָבנדיק פאר דעם מינדעסטן איבעררייס אין דער ארבעט. האָט ער געשיקט רופן דעם יידן מיט דעם קנאכיקן נאָז און שווארצער בערדל, וואָס טוט א טובה און לייט מענטשן געלט, ווען זיי דארפן, פאר דריי פראָצענט און האָט געליען ביי אים געלט אויף וועקסלען אָן א דאטע. עפּעס ווי היישעריקן האָבן גענומען קומען צעטעלעך און צאלונגען אין די טעג מער ווי אלעמאָל און דער באלעבאָס פון הויז האָט זיך איינגעשפּארט

דווקא איצט א העכערונג פונם דירה געלט פארן פאבריקס לאקאל.

בערעק איז ארומגעגאנגען ווי צעמישט. ער האט שוין נישט גע־קענט זארגן פאר קיין סחורה און לייזונג און א גאנצן טאג געהאט צו טון מיט דערליידיקן דאקומענטן, גלייך מאכן חשבונות, אריינ־לייגן אין דער פענסטערל נומער פיר אויף א ווייסע עטלעכע טוי־זענט פעזעס, ארויסציען די פריערדיקע שמות און באלד ווארטן אין פענסטערל נומער זעקס, אז מען זאל עס אים ארויסגעבן אויף נייע שמות, וואס ער האט נאך פריער דערלאנגט. באלד איז ער מיט דעם געלאפן אין א צווייטער באנק דורכצופירן די זעלבע אפעראציע און עס האט אים גענומען צופעלן, האט ער געכאפט אויפן וועג ביי דעם און ביי יענעם א גמילות חסד און אויף מארגן געמוזט ווידער לויפן ערגעץ כאפן, כדי יענעם צו פארלאטען....

ער האט זיך אין די אוונטן צוריק באוויזן ביי די האניקמאנס. ערשטנס האט ער געוואלט מאכן דעם איינדרוק, אז עס איז ביי אים אלץ אין ארדנונג. ער האט נישט באמערקט, אז דער עולם מורמלט שוין אונטער, וואס ער כאפט עפעס גמילות חסדים אזוי אפט און פליט פון איין פענסטערל צום אנדערן, און צווייטנס האט זיך אים אין הינטערבאוווסטזיין אריינגענעבט דער נארישער און עקשנותדי־קער געדאנק, אז ער וועט געווינען א גרעבערע סומע און דאן זיך מער נישט צוריקקערן צום טיש. איין אוונט האט אים דער מזל צו־געשפילט און ער איז אוועק מיט א טיש געלט. ער האט באלד אויף מארגן אין דערפרי ארויסגענומען דאס געלט פאר די טשעקס, וואס מען האט אים ביי האניקמאנען אריינגעשטופט אין קעשענע נאך דער שפיל — און באלד פארשטאפט מיט דעם א פאר לעכער..

נאר איין שבתצונאכט וועט בעריעק שוין זיין גאנץ לעבן נישט פארגעסן. ער האט זיך געזעצט שפילן אין גוטן מוט. א גוטן קאניאק האט דער ה" האניקמאן געגעבן די געסט פארן אויסטיילן די „פיט־שעס“, אבער פארשאלטענע ביינדלעך זענען עס פאר אים עפעס גע־ווען. עס איז אים געגאנגען אזויווי א רשע אויף יענער וועלט און ער האט נישט געדיינקט אויף מארגן, צי האט ער אויסגענומען איין מאל צי נישט. ווען ער האט געדארפט אויסשרייבן זיין טשעק זע־נען אים די אויגן פון אויפרעגונג געווען פארגלייזט און ער האט זיך

בשעת מעשה גאָר קיין רעכענונג  נישט אָפּגעגעבן וואָס און וויפל ער שרייבט. די שלייפן האָבן אים געהאקט ווי מיט האמערס, דאָס הארץ האָט זיך געהויבן ווי ביי אן אסטמא אַנפאל און אהיים איז ער געקומען נישט ווי אויף זיינע פיס.

* * *

אויף מארגן איז בערעק א גאנצן זונטיק געווען א צעטראגענער מענטש. וויפל ער האָט זיך נישט באמיט צו האלטן רואיק — האָבן אים געביסן די פינגער און עס האָט אויף אים געציטערט די הויט. פאר דער ווייב האָט עס געהייסן, אז ער האָט א שטארקע פארקי־לונג, די היץ האָט קיין אומנארמאלקייט נישט געוויזן, אָבער דאך האָט ער זיך נאָכמיטאָג אנשטאָט צו גיין צו געסט, ווי עס איז גע־ווען די געוווינהייט, זיך געלייגט אין בעט.

בערעק איז די נאכט געשלאָפן זייער אומרואיק. ווי אין חלום האָט ער געזען ווי מען שטייט איבער אים מיט וועקסלען און דעם געבטיקן טשעק אין די הענט און מען רייסט פון אים שטיקער, מען צופט און מען מאנט. און די אומרואיקייט האָט אים נישט פארפירט. ער איז מאנטיק נישט געגאנגען אין געשעפט, אנהאלטנדיק די קראנקהייט און א זייגער עלף האָט ער געהאט דעם ערשטן ברוך־הבא. זיין ווייב האָט אים אנגעקלונגען אין שטוב, אז זיין פריינט הער האניקמאן און איינער א סעניאָר בראָקמאן דארפן אים זייער נויטיק זען.

בערעק האָט שוין געוווסט דעם בראָך. דער טשעק אויף זיבן טויזנט וואָס ער האָט אויסגעשריבן האָט נישט געהאט קיין דעק־קונג און עס איז אים געוואָרן היים און קאַלט פון דער בשורה. איי־דער ער האָט זיך ארומגעקוקט זענען זיינע פריינט געזעסן לעבן זיין בעט און גערעדט צו אים גאנצע ווערטער. ער זאָל נישט מיינען עפּעס, דאָס איז א געלעכטער, אים האָבן זיי אזעלכע פאפירלעך ניט געגעבן און בראקמאן איז גרייט צו גיין וווּ מען דארף און ער נעמט שוין....

קוים מיט צרות, מיט סימולירטער געפערלעכער קראנקהייט און בלערליי תירוצים האָט בערעק זיך אָפּגעבעטן ביי בראקמאַנען, (וואָס

איז געווען א פּראווינצער און ער האָט אים געזען דעם ערשטן מאָל
ביי האניקמאנען דעם טרויעריקן שבת אויף דער נאכט.) ער זאָל
אויסוואַרטן א פּאָר טעג, ער וועט אראָפּ פון בעט און אַלץ גוט מאכן.

אויף מאָרגן האָט שוין בערעק געמוזט זיצן ביי א שכן אין שטוב.
אין געשעפט האָבן זיך געזאמלט די בעלי־חובות און אויסגעריסן
זיין ווייב די אויגן. זי האָט זיי נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן און
איז געשטאַנען א פארציטערטע מיט פארטרערטע אויגן. זענען זיי
געלאָפן אין שטוב און די דינסט האָט זיי נישט אריינגעלאזט. פון
באַנק האָט מען געשיקט א ריכטער און ער האָט גענומען אָפּצייכע־
נען די סחורה און לייגן אן עמבארגא; מאדאם בערעק איז אנטלאָפן
פון געשעפט און איז אריינגעפאַלן אין שטוב א פארחלשטע, איינ־
געגראבן דעם קאָפּ אין בעט האָט זי שטיל געכליפּעט אויף איר
אומגליק, וואָס זי האָט נישט געוווסט פון וואַנען ער איז איר געקומען.

* * *

אין אָוונט זענען ביי בערעקן אין שטוב געזעסן א מנין מענטשן
און זיך געאמפּערט וועגן זיין אייגנטום. בערעק איז ארומגעגאנגען
איבערן שטוב ווי א משוגענער, ער האָט געשריען און זיך געריסן
דאָס האָלדז: נעמט, נעמט אַלץ וואָס איר ווילט. אָט דאָס איז מיר
געבליבן. אויף דער פאבריק הייגגט שוין א פאָן און די באַנק וועט
אויך גארנישט האָבן. די קאָטש האָט צוגענומען דער סעניאָר בראקל־
מאַן; פאַרן ראיעלסטן חוב. וואָס איך האָב אים געקומט... נעמט איר
דאָס מעבל, דעם אייזקאסטן, די וועש, די זאַכן, נעמט.!

עטלעכע האָבן זיך ארויסגערוקט פון הויז נישט קענענדיק צוזען
דעם צער פון בערעקן, פון זיין פרוי און פון זייער מיעטעקן. א יידע־
נע האָט א נעם געטון מיעטעקס פידל פאַר הונדערט פּעזעס וואָס
האָט איר געקומט און עס איז אים געבליבן דער סמיטשיק בלויז,
וואָס ער האָט געהאַלטן אין זיין הענטל שטארק איינגעשטשימעט.
דער ייד מיטן קנאַכיקן נאָז איז אַנגעלאָפן מיט אן אדוואָקאט און
זיך „ארויפגעלייגט" אויפן מעבל. דערזען דאָס האָט די ווייב בע־

רעקס באַקומען אַן אַטאַק און זיך היסטעריש צעשריען. די דינסט איז געלאָפן נאָך אַ דאָקטאָר, די מענטשן האָבן זיך ארויסגערוקט, ווי מורא׳האָבנדיק אָדער, אַז עס זאָל קיין אומגליק נישט געשען, אָדער זיי זאָלן גאָר אַמאָל נישט דארפן באַצאָלן דעם דאָקטאָר פאַרן וויזיט....

*   *
*

„אויף מאָרגן האָבן די בינען געזשומעט אויף די גאַסן וועגן דעם „באַנקראַטשיק״, דעם ״אריינבאַפער״ בערעק. וואָס איינער האָט געוואָלט האָט ער געזאָגט. נישט געווען ווער עס זאָל אויף אים מלמד זכות זיין — נאָר סעניאָר האַניקמאַן האָט אין אַ רעדל אריינגע־ווארפן אַ וואָרט:

— אַ ווױלער יונגערמאַן, עס טרעפט זיך אַן אומגליק...



# טשיקלע...

איר ע״שטע מתנה, דער ערשטער כיבוד מיט וועלכן זי האָט אים מכבד געווען איז געווען אַ טשיקלע, א קיי־גומי־צוקערל. געווען איז עס אזוי:

ער איז געזעסן גאַנצע טעג אין זיין צימער א איינגעשלאָסענער אין זיך און געטראַכט זיינע פאַרזאָרגטע געדאַנקען. אַלץ האָט זיך נאָך אונטער אים געוואַקלט ווי אויפן שיף, ער האָט נאָך דעם באָדען נישט געפילט אונטער זיינע פיס און די טעג האָבן זיך אים געצויגן אין כמורנער דרימלעניש. די גאַסן זענען אים געווען פרעמד און די מענטשן נאָך פרעמדער. זייער׳ע רייד האָבן זיך נישט אָנגעשלאָגן אָן זיינע נאָך באַטויבנדע פון וועג אויערן. די עסנס זענען אים אין האלדז נישט געקראָכן און עס האָט זיך אים געדוכט, אַז עס פעלט אים לופט.

ווען ער פלעגט שטיין אויפן באַלקאָן און אַראָפּקוקן צו דער גאַס אויף וועלכער עס האָבן זיך געצויגן גלעלע טראַמוויי־וואַגאָנען ווי שלאַנגען און אָן ענדלאָזע רייע פון אויטאָמאָבילן — האָט זייער גרילץ אין די אויערן אים אָפּגעריסן די אויגן צום הימל און עס האָט זיך אים געדוכט, אַז עפּעס איז דאָ דער הימל נענטער צו דער ע״ד ווי אין דער היים.

צוויי מאָל אַ טאָג האָט ער געשריבן בריוו אהיים און פון אַלע קלייניקייטן האָט מען דאָרט געוווסט, פון אַלץ וואָס פּאַסירט מיט אים. ער האָט אַליין נישט געפילט, אַז פון זיינע בריוו ווייעט מיט בענקשאַפט און עפּעס מיט נאַגנדיקער אומעט, דעם אומעט, דעם וואָס ער האָט געפילט די ערשטע וואָך פון זיין זיצן שוין אין מעקסיקע. ער איז זעלטן ביי טאָג אַרויס פון שטוב, עס האָט זיך אים נאָר געוואָלט שלאָפן, אַריבערציען וואָס מער צייט אין שלאָפנדיקן הינערפלעט.

אין אָוונט איז ער געווען אויפגעלייגטער און מונטערער. פאַר־

וואָס האָט ער אַליין נישט געוווסט, אָבער אַ סיבה איז געווען דערביי אַ נאַטירלעכע — דאָס איז געווען ז י . ווען זי פלעגט קומען אהיים פון איר באַשעפטיקונג מיט אַ מידן טרויער אויף איר רונדן פּנים איז די שטוב אָנגעפילט געוואָרן מיט הייטערדיקייט. אירע אויגן זע־נען געווען טיף שוואַרצע און עס האָט גערוט אין זיי דער טרויער פון אַ וועלט, פון אַ פאַרשניטענעם לעבן. אירע טונקעלע קליידער האָבן אויסגעטיילט די ווייסקייט פון איר האַלדז און פּנים און אירע מאָדעסטע פליישפולע רויטע ליפּן האָבן זיך געפּר־עפלט ווען זי האָט מיט אַ שטילן טאָן אים געפרעגט: וואָס מאַכט איר גרינער?

די פראַגע פלעגט זי אים שטעלן יעדן אָוונט און ער פלעגט ווע־רען רויטלעך, זיך פאַרלירן און נישט וויסן וואָס צו ענטפערן. איר מעטאָדישער צוגאַנג צו זיין הילפסלאָזיקייט האָט באַלד געפונען אַ וועג צו פאַרבינדן אַ געשפּרעך און זיי פלעגן זיצן ביים טיש אין רעספּעקטפולן פאַרהערן זיך. ער האָט שוין געוווסט פון דעם טויט־שניט, וואָס האָט זיך אריינגעריסן אין איר יונגן לעבן, פון דעם דער־נער־וועג וואָס זי האָט איבער לענדער און וועלט דורכגעשפּאַצירט ביז אהער — און פלעגט מיט זעלטזאַמער אויפמערקזאַמקייט אויס־הערן אירע רייד. גערעדט האָט זי שטיל און מיט אַ ליבלעכן טאָן. אָפט האָט אַ פייכטקייט באַדעקט אירע אויגן און מיטרייסנדיק פלעגט ווערן איר זאַנפטער בליק. ער האָט ווען נישט ווען אריינגע־וואָרפן אַ וואָרט, אַ באַמערקונג, געענטפערט אויף אַ פראַגע ווענן זיך און זיין שטימונג — אַזוי זענען אַוועק וואָכן.

די גרינקייט האָט אים נאָך שטאַרק געהאַלטן אין איינזאַמקייט און פאַרשלאָסנקייט. קומט זי איינמאָל אַ שבת אָוונט און זאָגט צו אים דרייסט: — איר ווילט אפשר גיין אין קינאָ?.

ער האָט זיך פאַרלוירן דאָסמאָל מער ווי אַלעמאָל ביז איצט. ער האָט געוואָלט זאָגן יאָ, אדרבאָ, פאַרוואָס נישט — אָבער אַלע ווערטער זענען אים געבליבן שטעקן אין האַלדז. היץ האָט אים אַ שלאָג געטון אין פּנים און אין קאָפּ און ער האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן, זיך קיין אָרט נישט געפונען.

האָט זי אים באַלד ארויסגעפירט פון דער פאַרלעגנהייט און צו־געגעבן: קומט, איך לאַד אייך איין, קומט איר וועט זען ווי עס זעט

אוים אַ טעאַטער אין מעקסיקע — און עס ווערט געשטעלט אַ שיי־
נע זאַך.

זיי זענען אַרויס דאָס ערשטע מאָל צוזאַמען פון שטוב. אויף די
טרעפּ האָט ער זייטיק געכאַפּט אַ קוק אויף איר און זי געזען עלע־
גאַנט און שיינענדיק. זיין הולך איז געווען נאָך אַ גרינער און ער
האָט זיך צוגעשעמט אַביסל, איז ער געגאַנגען מיט אומזיכערע טריט.
אויפן וועג האָבן זיי זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטער סתם אַזוי
כדי נישט צו גיין שווייגנדיק.

— איר ווייסט — האָט זי געזאָגט צו אים — עמיצער וועט
אונז זען וועט מען זאָגן אַז....

און זי האָט זיך פאַרהאַקט. וואָס וועט מען זאָגן — האָט ער
איר געפרעגט כלומרשט נאַאיוו. און ער איז געווען צופרידן וואָס
זי האָט אים אָנשטאָט ענטפערן אויף זיין איבערפרעגן געזאָגט, אַז
„דאָ איז דער סינע“.

זיי זענען אַרויף אויף די עטלעכע טרעפּלעך און איידער ער
האָט זיך באַוויזן צו נעמען צו זיין בייטעלע האָט זי שוין געהאַלטן
אין אירע הענט דאָס רעשט פון אַ באַנקנאָט און די בילעטן. זי האָט
זיי אים אַריינגעשטעקט אין האַנט, כדי כאָטש מיט דעם אונטערצו־
שטרייכן זיין קאַוואַלערישקייט — און זיי זענען אַריין אין זאַל.

זיי זענען שווייגנדיק געזעסן און געקוקט אויפן לייוונט. דער
זאַל איז געווען פול מיט צושויער; זיינע נאָך נישט איינגעוווינטע
נאַז־לעכער האָבן געשפּירט אַ שווערן, שוויס־לייביקן גערוך. ער
האָט כמעט קיין אכט נישט געלייגט אויף דעם וואָס עס ווערט געשי־
פּילט; זיינע אויגן האָבן אין דער טונקלקייט זיך יעדע רגע פאַרגנבעט
אין איר זייט. ער האָט געפילט איר נאָענטקייט צו אים; דאָס האַרץ
האָט אים געקלאַפּט. עס האָט זיך אים געדוכט, אַז זי באַמערקט זיין
קוקן אויף איר, נאָר זי מאַכט זיך נישט וויסנדיק און האָט הנאה
דערפון.

בעתן איבעררייס, ווען עס איז געוואָרן האַלב ליכטיק אין זאַל
האָט זי פון איר בייטעלע אַרויסגענומען אַ צוקערל און אים פאַר־
געלייגט מכבד צו זיין, זי האָט געזאָגט דעם נאָמען פון דעם צוקערל,
אָבער פאַר זיין געהער איז עס געווען אַ פרעמדער וואָרט און איבער־

פרעגן האָט אים נישט געפּאַסט. ער האָט עס אַריינגעלייגט אין מויל און גענומען שמאַטשקען. דערפילט, אַז די זיסקייט לאָזט זיך אויס — האָט ער דעם צוקערל אַראָפּגעשלונגען — און אויפן וואַנט איז ווייטער געווען אַ געלאָף פון מענטשן, עס האָבן זיך פאַרבייגעצויגן סצענעס און בילדער, וואָס זענען אים אין קאָפּ נישט געקראָכן — ער האָט געטראַכט וועגן זיין באַגלייטערין; אין זיין קאָפּ האָבן זיך געוועבט פאַרשידענע געדאַנקען, וואָס דאָס האַרץ האָט זיך ביי אים דערפון געהויבן און געצאַפּלט.

קוקנדיק אויף איר, האָט ער געזען, ווי זי מאַכט מיט די יאַס־לעס; ווי זי וואָלט נאָך געהאַט איר צוקערל אין מויל; און ער האָט געטראַכט, אַז ער איז אַ מאַדנער נאַשער, און טאַקע דער אמתער גרינער. — ווי שלינגסטו דאָס אַזוי גיך אַראָפּ אַ צוקערל? — האָט ער גענומען אויך באַוועגן מיט די יאַסלעס, טאָמער וועט זי באַמער־קען, זאָל זי זען, אַז ער איז נישט אַזאַ שלינגער פון זיסקייטן.

— איר ווילט אפשר נאָך אַ טשיקלע — האָט זי אים אַ ווילע שפּעטער שטיל אַ פרעג געטון. ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ ווי ער וואָלט נישט צוגעשאָקלט, זי האָט אויפגעעפנט איר גרויסן טאַש און אים דערלאַנגט נאָך אַ צוקערל אין אַ האַרטן פּאַפּירל...

דאָס בילד האָט זיך געמוזט האָבן געענדיקט, ווייל זי האָט זיך אויפגעהויבן און ער גלייך נאָך איר, און זיי האָבן גענומען אין גע־דריינג אַרויסגיין פון זאַל. ער האָט אויפגעריסן דאָס פּאַפּירל און גע־וואָלט צוטראָגן צום מויל דאָס צווייטע צוקערל — און זי האָט זיך אָנגערופן:

— איר ווייסט, אין אַמעריקע קייט מען עס אַ גאַנצן טאָג. איי־נער אַ פאַבריקאַנט איז דערפון אַ מיליאָנער געוואָרן. דאָרט רופט מען עס קיי־גומי.

ער האָט שוין דאָס צוקערל צום מויל נישט צוגעטראָגן און גע־מאַכט אַ איבעלדיקע גרימאַסע. איר קלוגער בליק האָט עס אויפ־געכאַפּט און זי האָט אויסגעשאָסן אין אַ גלעקלדיקן געלעכטער:

— שרעקט אייך נישט — האָט זי אין לאַכן געזאָגט: עס וועט אייך גאָרנישט שאַדן, איר האָט עס אַראָפּגעשלונגען... אָבער עס מאַכט נישט....

ער האָט זיך דערפילט זייער נאריש און געענטפערט: ניין, ניין איך האָב עס נאָך אין מויל — און גענומען סימולירן ווי ער וואָלט נאָך געקייט די טשיקלע.

זיי האָבן פריילעך געפלאפלט אהיים גייענדיק, און זי האָט אויף די טרעפ, צוריקוועגס, געזאָגט צו אים אין שפּאַס: טשיקלע איז זייער קלעפּעדיק, און אז מען שלינגט עס אראָפּ קאָן זיך עס צוקלע־פּען... עס מאַכט נישט אויס, האָט ער איר געענטפערט: עס איז ניט געפערלעך, עס איז דאָך נאָר אַ קליין ברעקל...

* *
*

ער האָט שפּעטער אביסל שוין באַזוכט אין איר באַגלייטונג נאָך פאַרווײַלונגס פּלעצער און זיין יעדער „דורכפאַל" איז דורך איר פיין פאַרגלעט געוואָרן; זי האָט אים אַלץ פאַרענטפערט מיט זיין גרינ־קייט. די איינזאַמקייט האָט אים פאַרלאָזן, ער האָט גענומען גיין צווישן מענטשן און זיך ביסלעכווייז אויסגעמישט אינם קעסל פון דעם נייעם לעבן, וואָס איז אים נעגאַנגען אנטקעגן מיט האַסטיקן שטראָם.

* *
*

איין אָוונט ווען זיי זענען געפאָרן אין אַ אויטאָ אויף אַ שפּאַציר, האָט ער מער מיט זיך דעם קאָמף נישט געקאָנט פירן. אַ שמיידיקער ווינטל האָט אריינגעבלאָזן פונם פענסטערל, די שטערן האָבן גע־זונקען און באַהאַלטן זייערע „אויגן" אַלע ווײַלע. זי האָט רופנדיק געזונגען אַ סענטימענטאַל ליד; ער האָט געפּיבערט און געצויגן זיך וועלנדיק אויפפּראַלן די ווענט פון אויטאָ — איז ער פּלוצלונג צו־געפאַלן צו איר, ארומגענומען אירע הענט און קאָפּ, פאַרהאַלטן דאָס געזאַנג פון איר מויל מיט אַ מיינגע צאַפּלדיקע קושן. עס האָט זיך

אים אויסגעוויזן, אז ער האָט דערשנאַפּט אַ קוואַל מיט פרישן וואַ־סער אין מדבר בלאנדזשעניש — און איז זיך מחיה געווען.

* *
*

אויף מאָרגן איז זי געווען אַ שיינענדיקע. אירע אויגן האָבן דאָס ערשטע מאָל פאַרלוירן דעם אומעט, זיי האָבן געפינקלט און גע־גלאַנצט.

ער איז געווען אין אַ יום־טובדיקער שטימונג און פול מיט דער־וואַרטונג. ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די בליקן — האָבן זיי ביידע איינער ביים אַנדערן אַראָפּגעלייענט פון די שטומע ליפּן דאָס נישט אַרויסגעזאָגטע:

— יאָ, עס האָט זיך צוגעקלעפּט...

---

# א באגעגעניש...

אויפן גאס ארום מארק האט זיך אין האלבער נאכט געטראגן אין דער לופטן דער געדעמפטער ריח פון שפייז־אפפאל און מיסט. מאקס בוטמאן איז דאס מאל אהיימגעגאנגען א ביסל בגילופנדיק און ער האט פונדעסטוועגן דערשמעקט די געשטיקטע לופט. אויס־לאזנדיק א פלוך מיט רייד אויף זיין מזל, וואס ער מוז אין דעם גע־געגנט האלטן זיין וווינונג צוליב דער דעספאטשע, פון וועלכער ער קען נישט וווינען ווייט.

מאקס האט זיך צוריקגעקערט פון א זיצונג פון זיין בראנזשע־קלוב. ער האט מיט די אנדערע פרייִנט פון קלוב פארבראכט א האל־בע שעה אין פרינציפאל־רעסטאראן און די פאר גלעזלעך מיט וועלכע מען האט אים מכבד געווען האבן אים זיך אויפגעהויבן אין קאפ.

ביים ראג מארק האט ער דערפילט צאפלענדיק, אז ער איז ארויס געטראטן אויף עפעס א ווייכע זאך — און ער האט זיך מיט האסט צוריק־געצויגן. א שניידיקער קוויטש האט אים א גרילץ געטון אין די אויערן און אויפגעוועקט פון דער האלבער שכרות. אויפן טראָ־טואר ביים וואנט איז געלעגן א פארמורזעטער יינגל פון א יאר אכט, איינגעדרייט אין קלייאיקע פאפיר־בויגנס, אראפגעצויגענע פון די אפישן וויטרינעס. א קאלטער ווינטל האט געבלאזן אין דער אויס־געשטערנטער נאכט און מיטגעוואָיעט מיטן געוויין פון דעם גאסן־יינגל, וועלכן מאקס האט ניטווילנדיק ארויפגעטראטן אויף זיינע שווארצע, פארבלאטיקטע פיס.

ער האט באקומען רחמנות אויף דעם אומגליקלעכן נפש און גע־האט פארדרוס, וואס ער האט אים ווייטיק פארשאפט. מאקס האט ארויסגעצויגן פון וועסטל־קעשענע א זילבערנע האלבע פעזע און עס

געדוקט צום קרבן זיינעם וועלנדיק אים פארגיטיקן פאַרן ווייטיק. פון דער מארק זייט איז אויסגעוואקסן א פאָליציי־מאַן און הערנדיק, אז „דער פרעמדער האָט געטראָטן אויף א קינד פון פאָלק" — האָט ער ביידע קרבנות איינגעלאָדן אין פאָליציי־באַצירק.

דער יינגל האָט ארויסקריכנדיק פון זיין פאַפירענע בעט געציטערט פאר קעלט. ער איז געווען אַנגעטון אין א צעריסענע ארבעטס־בלוזע פון וועלכער עס האָבן ארויסגעקוקט שטיקער טונקעלע לייב. ער האָט געוואָלט אנטלויפן, אויפן וועג, נאָר זיך נישט געקענט ארויסרייסן פון די שטאַרקע הענט פון פאָליציי־מאַן.

אין פאָליציי־אמט האָט מאקס נישט געהערט גארנישט וואָס דער עלטסטער רעדט צו אים און האָט נאָר צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. ער האָט באַלד ביים אריינגאנג איינגעגאָבן זיינע אויגן אין דעם פארמורזעטן פנים פון דעם יינגל. עס האָט זיך אים א מיש געטון אין קאָפּ און ער האָט פארגעסן ווו ער איז און וואָס עס טוט זיך מיט אים. דער יינגל האָט געהאט א מערקווירדיקע ענלעכקייט אין א י ר, אין סוליטא, זיין מיידל פון פאַסקואַרא. — מאקס וואָלט געשוואָרן, אז דאָס איז איר יינגל, אז דאָס איז אפשר... — ער האָט אזויפיל נישט געקענט טראכטן און נאָר געשטאַנען און געקוקט אויף אים, אויף זיין פנים, אויף זיינע קרייזלדיקע האָר און זיין בליק־ענ־לעכקייט צו אים אליין...

א פארשטאַרטער איז מאקס געבליבן שטיין הערנדיק ווי דער קליינער גיט א וויינענדיקער אָן זיינע פערסאנאליען: מאַריאָ וועי־לאזקעז... 8 יאָר אלט, אָן א היים, די מאמע איז אוועק, ווו ווייסט ער נישט און שוין א יאָר ווי ער „שלאָפט" אויפן מארק, ביי יענער וואַנט...

וועלאזקעס איז געווען דער נאָמען פון ז יי ן סוליטא. מ א ־ ר י אָ — האָט זי א י ם גערופן אין יענער צייט, ווען ער האָט מיט אזויפיל באַנער זי געהאט לעם זיך און היים ליב געהאט. האָט מאקס מיט ציטערנדע פיס פון א שוואכקייט וואָס איז אים באַפאלן זיך קוים ארויסגעשאַרט פון פאָליציי־אמט. נאָכדעם ווי ער האָט אי־בערגעלאָזט אויפן טיש א באנקנאָט, אלס שטראָף פאר באַשעדיקן קערפּערלעך א היימלאָז קינד.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטון אויפן בעט ווי אַ שטיין, נישט גע־ענטפערט קיין וואָרט זיין פערליא און איר נישט אָפגעפרעסט, ווי געוויינלעך דעם רוטינעם אָן־טעמ׳יקן קוש, ווי ער פלעגט עס שטענ־דיק טון, די גאַנצע פינף יאָר נאָך זייער חתונה. דאָס ווייבל האָט עס אָנגענומען פאַר אַ בייז. מן הסתם האָט זי געטראַכט, האָט מאַקס גע־האַט אַן אויפרעגונג מיט עמיצן פון זיינע פריינט — האָט זי אים נישט געוואָלט אין שפּעטער נאַכט מאַטערן מיט קיין פראַגן, איבער־לאָזנדיק עס אויף מאָרגן.

נאָך אַ האַלב שלאָפלאָזער, אומרואיקער נאַכט האָט מאַקס ביים פרישטיק כמעט גאָרנישט גענומען צו זיינע ליפּן און איז געזעסן אַ צערודערטער, מיט גרויסע אויגן, ביים טיש, געקוקט ווייט אויפן וואַנט און קיינעם נישט געזען אַרום זיך. פערליא האָט פון אים נישט געקענט אַרויסקריגן וואָס אַזוינס עס האָט פּאַסירט. זי האָט זיך גע־בעטן ביי אים ער זאָל עסן, טרינקען כאָטש אַן אַראַנזש, ער זאָל אפשר אין דעספּאַטשע נישט גיין, אויב ער פילט זיך שלעכט. — אָבער מאַקס האָט נישט געהערט וואָס זי רעדט צו אים און האָט גאָרנישט געענטפערט.

אַכט אַ זייגער, אַ האַלבע שטונדע פריער ווי געוויינלעך האָט ער אַרויפגעכאַפּט דעם אויבערראַק און די הוט און איז אַרויס אין גאַס. פערליא האָט זיך דערשראָקן פאַר איר מאַקסן, וועלכן זי זעט דאָס ערשטע מאָל אין אַזאַ צעטראַגנקייט, און זי האָט שוין שיר נישט געוואָלט אָנקלינגען צו איר מאַמאַ... זי האָט נאָכגעקוקט מאַקסן נאָ־כען פענסטער און זעענדיק, אַז ער גייט אוועק אין דער ריכטונג פון געשעפט האָט זי זיך אביסל באַרואיקט.

* *
*

אויפן מאַרק זענען שוין געשטאַנען אויסגעשטעלט ברייט־היפטנ־דיקע ווייבער ביי גרויסע בערג גרינסן און פרוכט: באַלעבאַסטעס אין באַגלייטונג פון דינסטן האָבן אַנגעלייגט פולע קוישן; פון די קראַמען האָט מען אַרויסגעשלעפט די סחורות אויף די טראַטואַרן, באָרוועסע פּויערים, האָבן אויף די פאַרדעקטע פּלייצעס מיט האַלבע

קאלדרעס געטראָגן בינטלעך צעהאַקט האָלץ און מיט די קאַלמיקישע אויגעלעך געזוכט צווישן די באַלעבאָסטעס א קונה.

ביים ראָג ווו מאקס האָט נעכטן אָפּגעטראָטן די פּיס פון דעם באָרוועסן ייִנגל איז געלעגן אנגעלייגט א הורבע שטרוי־היט. און אנ־טווישטער איז ער פאר דעם אָרט געבליבן שטיין, ווייל גייענדיק האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז ער וועט זיכער דעם העכט דאָרט געפינען.



ער האָט געהאַט א באַגער אים צווזען איצט פון דער נאָענט, דערזוען זיך אַלץ וועגן אים און פעסטשטעלן צי איז דאָס ער?...

מאקס האָט זיך ארומגעדרייט א היפּשע ווײַלע ארום דעם אָרט. ארום האלב ניין איז ער אוועק עפּענען די דעספּאַטשע. צוקומענ־דיק א האלבן בלאק נאָענט צו זיין געשעפט האָט ער באַמערקט, אז ביים טיר שטייען דאָרט א געזעמל מענטשן און דער וועכטער פון דער גאַס האַלט פעסט א קליינעם ווערוריק, וואָס רייסט זיך פון זיי־נע הענט. פונדערווייטן האָט דער וועכטער צו אים געשריען, אז

מ׳האָט זיך איינגעבראכן אין זיין דעספּאַטשע און ער האָט א ביסל פּריער געזען ווי עטלעכע גנבישע יונגען גייען ארוים מיט פּעק פון דער איינגעבראכנער טיר. די אנדערע זענען אנטלאָפן, נאָר אָט דעם קליינעם גנבל האָט ער געכאפּט, ווייל ער האָט געהונקען אויף א פוס...

דער קליינער איז געווען דער בייזאַכטיקער מאריא און ער האָט מאקסן באלד דערקענט. עס האָט מאקסן גענומען שלאָגן ווי מיט האַמערס אין די שלייפן און ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון. ער איז אריבערגעלאָפן אויף דער צווייטער זייט גאַס, באלד איז ער צוריק אריבער אויף דער זייט — און דער קליינער האָט כליפּענדיק זיך ביי אים געבעטן: סעניאָר, סעניאָר... זאָל ער מיר אָפּלאָזן... איך בין נישט... דאָס האָבן יענע מיר געשלעפּט... איך נישט...

מאקס איז אריין אין געשעפט און גערופן נאָך זיך דעם וועכטער מיטן קליינעם. ער האָט אויף ביידע געשריען און זיך געוואָרפן מיט די פויסטן. דער וועכטער האָט אים געפרעגט צי ער זאָל רופן פּאָליציי — האָט מאקס אים ארויסגעטריבן מיט געוואַלדן פון געשעפט. דעם קליינעם האָט ער ארונטערגעטריבן אונטערן אויסשטעל־טיש, און געקוקט אויף אים מיט אויסשטארטשענדיקע בליקן, אז יענער האָט פאר שרעק זיך צעשריען מיט א מאָרמדיקן קול.

— ווי רופט מען דיר? — האָט מאקס א געשריי געטון צום קליינעם. מיט א שלוקערץ׳דיקן קולכל האָט דער יינגל געענטפערט אזויווי ער האָט עס געטון נעכטן אין פּאָליציי־אַמט. מאקס איז פון דעם קליינעם באלד געוווּיר געוואָרן, אז די מאמע האָט אים געבראכט אהער פון פּאַסקוואַרא...

איצט איז ביי אים קיין צווייפל נישט געווען ווער עס שטייט דאָ פאר אים. ער האָט דעם קליינעם איינגענומען מיט א זילבערנע פּעזע. און אז ער האָט אויפגעהערט צו וויינען — איז ער ארוים פארן גאַס, אָ רוף געטון דעם וועכטער און שטופּענדיק אים א מטבעה אין האַנט האָט ער אים געבעטן, אז ער זאָל קיינעם נישט דערציילן וואָס עס איז געווען. פון מארק האָט ער גערופן א פארקויפערין פון טייג־פּלעצלעך און געהייסן איר אריינברייינגען עטלעכע גוט געפּרעגלטע פון זיי און מיט פליייש אנגעפּילטע. דער קליינער האָט זיך מחיה גע־

וועז מיט דעם רייכן מאַלצייט און ער האָט אויך געפּאָלגט דעם גוטן סעניאָר, זיך ארומגעוואשן דאָס איינגעצערט פּנימל. מאקס האָט ניט געקוקט אפילו וואָס עס פעלט אים אויף די פּאַליצעס. ער האָט ארויס־געצויגן א נייעם ארבעטס־אַנצוג, איינגעוויקלט עס אין א גרויסן פּאַפּיר און געגעבן דעם קליינעם, אָנזאָגנדיק אים, אַז ער זאָל קו־מען ווען די פּעזע וועט אים אויסגיין, וועט ער אים געבן נאָך, ער זאָל האָבן פּארוואָס צו קויפן עסן.

עס האָט זיך אים מאקסן פארגנבעט א געדאנק, אז אפשר איז דאָס א טעות, אפשר איז דאָס נאָר אן איינבילדונג ביי אים. דאָך, האָט ער דעם קליינעם נאָכגעקוקט ביים אוועקגיין און די אויגן זענען אים פייכט געוואָרן. ער האָט געכאַפּט א קוק אין שפּיגל און געזען דיזעלבע אויגן ווי ביי דעם קליינעם וועווריק, אָט אַקאָרשט, ווי ווען ער האָט דאָ אויף יענער זייט טיש געוויינט...

וואָס ער טוט — האָט מאקס נישט געוווסט דעם האלבן טאָג. זאָל עס זיין סוליטאס יינגל? אפשר נישט, ווער ווייסט? אָבער ער איז פּונקט אכט יאָר אלט. דער פאמיליע נאָמען איז אירער, פון פּאַס־קואַראַ קומט ער... האָט אים גענומען שניידן דאָס הארץ, וואָס ער האָט אים אוועקגעלאָזט צוריק אין גאס זיך וואלגערן צווישן די היימלאָזע און פּאַטערלאָזע גאסן־קינדער.

עס איז אריינגעקומען פּערליא. מאקס האָט געמאכט א רואיקע מינע און זי אויפגענומען מיט דער געוויינלעכער פריינדלעכקייט. איז פּערליא געווען צופרידן וואָס איר מאַן איז שוין איבערגעגאנגען די אויפרעגונג און זי האָט אים געפונען אַ באַרואיקטן. נישט וועלנדיק אים דערמאָנען אָן זיין צערודערונג האָט זי גענומען מיט אים פּלאַפּ־לען וועגן שטוב־זאכן. די מאמא האָט מיר געשיקט א שיקסע — האָט זי געזאָגט צו מאקסן — זעט זי אויס צו זיין זייער אַ גוטע דינסט, זי איז נאָך א יונגע און זייער א ריינע, ווייזט אויס א גרויסע בריה. שטעל זיך פאָר, אז זי איז ערשט איצט מיט א שעה צוריק אנגע־קומען — האָט זי שוין אויפגעראמט און זי האָט זיך שוין אליין גע־שטעלט אין קיך מאכן דעם מיטאָג.

— זייער גוט, זייער גוט — האָט מאקס געענטפערט נישט וויסנ־דיק פארוואָס און האָט זי א גלעט געטון איבערן קאָפּ. ער האָט זי

געטומען ליבלעך פארן האנט צוגעפירט צום טיר, צוגעאיילט איר אוועקגיין. פעריליא האט אים אנגעזאגט אז ער זאל זיך נישט שפעטיקן צום מיטאג — האט ער איר ווידער מעכאניש געענטפערט, — יא זיכער, זיכער וועט ער זיך נישט שפעטיקן.

*  *
*

ווען מאקס האט פארמאכט די דעספאטשע לאזנדיק זיך גיין אהיים אויף מיטאג, איז ער אריין אין א דערנעבנדיקן ווײַן־געשעפט און געקויפט א פלעשל שטארקן קאניאק. אפשר וועט דאס אים מאכען פארגעסן אן דעם קלייטעם — האט ער געטראכט און ער וועט באקומען אפעטיט. ער איז פארבייגעגאנגען דעם ראג גאס ווו עס האט אים נעכטן געטראפן די אויסטערלישע באגעגעניש און זיך איינגעקוקט אויף דעם ארט ווו דער יונג איז געלעגן. ער האט זיך ארומגעקוקט אויף אלע זייטן, ווי ער וואלט עפעס געזוכט און געוואלט האט ער, אז ער זאל דאס געזוכטע נישט געפינען, נישט באמערקן חלילה אין דער מינוט... ער האט אזש צוגעמאכט א ווײַלע די אויגן.

מיט איילקע טריט איז ער ארויפגעלאפן אויף די טרעפ. ער האט א עפן געטון די טיר, אנגעשטריינגט זיך אין דער ווײַלע ארויפצוציען א פרייע מינע אויף זיך — און — עס האט אים א שווינדל געטון אין קאפ און אין די אויגן, ווי דער באלקן וואלט אויף אים ארויפגעפאלן. פון דער אנטקעגנדיקער טיר איז אין א ווייסן שירץ ארויסגעקומען מיטן פול־בלאזער אין האנט די נייע דינסט — און מאקס האט דערזען פאר זיך, א פארענדערטע אביסל, אבער די זעלבע סוליטא מיט די פייערדיקע אויגן, שווארצלעכן פנים און געטעצייגנער פיגור.

עס האט געדויערט א ווײַלע, א פאר סעקונדן — די פיס האבן זיך ביי מאקס בוטמאנען אונטערגעבראכן און ער איז א פאל געטון ווי א שטיק האלץ אפגעזעגן פון בוים מיט א שניידיקן קוויטש. וואס האט זיך ארויסגעריסן פון זײַן בארכלענדיקער האלדז... סוליטא איז געבליבן שטיין א טויט־דערשראקענע. עס איז אנגעלאפן פעריליא.

דערזען לינגדיק מאקסן אין אויסגעצויגענעם, האט זי באקומען היס־טעריקע און איז אוועקגעפאלן ביי זיין זייט מיט ווילדע קולות, רייסנ־דיק אים פארן פנים, פאר די האר, פארן נאז...

* *
*

דער דאקטאר האט באטראכט מאקסן און געזאגט, אז ער האט באקומען א הארץ־חלשות. עס איז אים געקומען פון א נערוון דער־שיטערונג, דער קאפ איז ביי אים אויך צערודערט. ער האט געהייסן אים האלטן א דריי־פיר טעג אין בעט און געבן דערמונטערונגס־טראפנס.

וואס מיט אים איז געווען האט נישט פערליא, נישט איר מאמא, וואס איז געקומען צולויפן אן איבערגעשראקענע, און נישט קיינער פון די פריינט געקענט דערגיין. די אלטע איז געפאלן אויף א גע־ראנק: מען זאל שוין אפזאגן די נייע דינסט. זי האט געבראכט א שלימאזל אין שטוב אריין. מאקס האט דאס געהערט און האט גע־מאכט א גרימאסע פון ווייטיק און צער. איז פערליא אנבויגנדיק זיך צו אים צוגעפאלן: וואס איז דיר טייערער? וואס?... — גארנישט האט מאקס שעפשענדיק געענטפערט, גארנישט. איך זאג, די מאמא... די מאמא... איז גערעכט... זאג זי אפ, זי איז זייער א שלילמזל... דיין נייע דינסט...

— ער האט גרוים היץ — האט פערליא זיך אויפשטעלנדיק א שעפשע געטון צו איר מאמא. זי האט זיך געלאזט גיין אין קיך אוועק־שיקן דער נארישער שיקסע, כדי צו פאלגן די וואנטשן פון דער מא־מא און פון איר טייערן, געטרייען מאן; פערליא האט די דינסט שוין אין קיך נישט געטראפן, אין די אנדערע צימערן איז זי אויך נישט געווען.

* *
*

סוליטא האט באלד נאך מאקס בוטמאנס אוועקפאלן דערפילט א שטעכעניש אין איר הארץ. זי האט זיך דערמאנט אן אירע ווײ־

טיקן און ליידן מיט אכט יאָר צוריק — און מיט פאראכטונג האָט זי געקוקט אין דער זייט ווו ער איז אַ פארהלעשטער געלעגן. אַ געפיל פון האס האָט איר באהערשט און געברענט איר מח, אזויווי דאן ווען זי איז אין שטעטל געבליבן אליין און ער איז פארשוווּנדן אי־בערלאָזנדיק זי מיט אַ זיבן־מאָנאט'דיקן ולד אין איר אינגעווייד. האָט זי אַ נעם געטון איר פעקל, און ווען מען האָט א י ם געפירט אריינצולייגן אין בעט — איז ז י אוועק אַן געזעגענען זיך, אוועק־שלייכנדיק אין אַן אנדער געגנט פון דער גרויסער שטאָט...



# אין די גרינע יאָר

די מאַמע האָט אים אַריינגעלייגט אין זעקל עטלעכע פּאָר וועש און אַ אַלטן מאַנטל רעדנדיק דערביי ווי צו זיך אַליין: שוין אַ יאָר צוואַנציק ווי דער טאַטקע דיינער איז אַוועק קיין אַמעריקע; איך האָב מיט דיר דאָן געטראָגן. שוין צען יאָר ווי עס איז פון אים קיין איינגעטונקטע פעדער נישטאָ. גיי, פאָר אין דער וועלט, אפשר וועסטו זיך דערשלעפּן צו אים. וואָס וועל איך דיר דאָ האַלטן, אַז מען זאָל דיר נעמען פאַר אַ סאָלדאַט?

האָט בעבל אויסגעהערט מיט אַ פאַרשטיינערטע האַרץ, דער מאַמעס רייד, אָנגעטון אויפן האַרצן דעם מעדאַליאָנטשיק מיט דעם טאַטנס און מיט דער מאַמעס פאָטאָגראַפיע פון באַלד נאָך דער חתונה, אַ טאַפּ געטון אונטערן האַרצן אויפן העמד די הונדערט דרייסיק דאָלאַר וואָס די מאַמע האָט אים איינגענייט אין אַ זעקעלע — אַרומגענומען זי און געדריקט צום האַרץ; געקושט איר באַק און איר קאָפּ און איז בליפּטדיק אַרויס פון דער איינגעהויקערטער שטיבל — און אַוועק צום טאַטן.

דער דיקער ייד. וואָס האָט בעבלען אַריבערגעפירט די גרעניץ האָט ביי אים צוגענומען דאָס זעקעלע מיטן געלט. געזאָגט האָט ער, אַז עס פעלט נאָך אַ פּאָר צענדליק דאָלאַר, נאָר ער זעט דאָך, אַז ער האָט דאָ צו טון מיט אַן אָרימען בחור, וועט ער שוין אויסלייגן פאַר אים.

דערנאָך האָט זיך בעבל אָפּגעוואַלגערט זעקס וואָכן אין קעניגסבערג, געשלאָפן אין איזראַעליטישן פאַריין, געגעסן פון דער קיך און זיך אַרומגעריסן ווי אַ גאַסן־יונג. ביז ער האָט נאָך מיט נאָך צענדליקער עמיגראַנטן דורכמאַכנדיק אַלע שבעה מדורי גיהינום אין אַ

רעגנדיקן אָוונט זיך אוועקגעשלעפּט צום באַן און מען האָט זיי צו־געשטעלט צו אַ פּאַרט.

אויפן שיף האָט בעבל אָפּגעלעבט. געפילט האָט ער זיך געזונט און קרעפטיק, געגעסן האָט ער צו זאַט און פלעגט נאָך אויך איינ־שלינגען די פּאַרציעס פון די ים־קראַנקע. ער האָט זיך באַקענט ביט אַ בחור אין זיינע יאָרן, וואָס איז אויך געפאָרן קיין אמעריקע און פון אים האָט ער זיך דערוווּסט, אַז די שיף פירט זיי נאָך מעקסיקע, ווייל אמעריקע לאָזט נישט אַריין אָן אַ „קוואָטע“. נאָר פון מעק־סיקע קען מען שוין דערגיין אַהין צופוס אפילו, ווייל דאָס איז זייער נאָענט.

בעבל איז צו דעם נייעם חבר זיינעם געוואָרן צוגעבונדן און ער האָט אָן אים, אַבראַמטשע, קיין טריט נישט געטון. געוווּסט האָט אַבראַמטשע פון אַלץ און האָט אפילו געפּלאַפּלט אויף דער שפּראַך וואָס די מאַטראָסן האָבן גערעדט. האָט בעבל ביי זיך אָפּ־געמאַכט, אַז זיי זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען, אַרויסהעלפן זיך און זיין פריינט אין דער גרויסער פרעמדער וועלט ווו די שיף האָט זיי גע־פירט.

אין פּאַרט פון וועראַקרוז זענען בעבל און אַבראַמטשע אַראָפּ צוזאַמען. עס איז געקומען אַ יידל מיט אַ קליין בערדל, אַרויף אויפן שיף און געפרעגט ביי זיי צי זיי האָבן וואָס צו ווייזן. האָבן זיי ניט געהאַט. האָט זיי דאָס יידל געגעבן צו צוויי לאַנגע געלע אַסיגנאַציעס, וואָס האָבן געמוזט זיין גרויסע דאָלאַר־מטבעות, און דאָס יידל האָט זיך געפּאַרקעט מיט דעם דירעקטאָר פון פּאַרט, גערעדט צו אים און געוויזן אויף דעם אָרימען הולך פון די צוויי לייט. באַלד זענען זיי שוין געווען אַראָפּ מיט זייערע מאָגערע געפּעק; דאָס יידל האָט פלינק און האַסטיק אַרויסגענומען ביי זיי פון די הענט די אַסיגנאַ־ציעס און האָט זיי אַראָפּגעפירט אין אַ האָטעל, ווו זיי האָבן וואַכע־דיק אָפּגעשלאָפן אַ דושנע נאַכט. אויף מאָרגן אינדערפרי זענען זיי אָנגעקומען מיטן יידל אין דער הויפּט־שטאָט.

מען האָט זיי אוועקגעפירט אויף אַ לאַנגער גאַס אין אַ געל הויז ווו עס איז געווען אַ מין־הכנסת־אורחים, דאָרט האָבן זיי געטראָפן נאָך יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן דאָ געהאַט קעסט. פון זיי האָבן

זיי זיך דערוווסט, אַז אין מעקסיקע איז זייער היים און שמוציק, אַז די עסנס זענען אין מויל נישט צו נעמען און מען קען נישט קריגן קיין ארבעט צו פאַרדינען אויף אַ לעבן.

בעבלען איז פון דעם ברוך־הבא פינסטער געוואָרן פאַר די אויגען. אבראַמטשע האָט נישט געגלויבט וואָס מען זאָגט אים און דער עיקר איז אים נישט געפעלן געוואָרן, וואָס אַלע זיצן אין הכנסת־אורחים, קוועטשן די פעקלעך און רעדן אָן אויפהער וועגן אַמעריקע. נישט געווען קיין איינער, וואָס האָט נישט דערציילט אין דער שטיל, אַז אין אַ פּאָר טעג ארום דערוואַרט ער אַ בריוו פון זיין פעטער, פון זיין ברודער אָדער סתם פון אַ קרוב און ער וועט אוועק פון דאַנען.

אויפן צווייטן טאָג איז אבראַמטשע געקומען פון גאַס, אַ נעם געטון זיין פּעקל און זיך געלאָזט גיין. בעבל איז בלאַס געוואָרן פון פאַרצווייפלונג און האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, געבעטן זיך, ער זאָל אים נישט לאָזן אליין. בעבל האָט געקלאַפּט אַ טעלעגראַמע אויפען אַדרעס וואָס די מאַמע האָט אים געגעבן. ער איז געזעסן און אומזיסט געוואַרט אויף אַ ענטפער. לסוף האָט ער געפאָלגט אבראַמטשען, אויך גענומען זיין פּעקל און זיי זענען ארויסביידע.

אויפן גאַס האָט אבראהמטשע בעבלען דערציילט, אַז ער איז געווען אין שטאָט, געזען דעם יידישן געגנט און גערעדט מיט יידן. און איינער האָט אים צוגעזאָגט צו געבן ארבעט אין זיין בעקעריי. וואָס ווען מיר דאָרט זיצן אויף עמיצנס קאַרק?

דעמזעלבן טאָג האָבן זיי ביידע געאַרבעט ביים בעקער און אויסער דעם עסן פאַרדינט אַ פּעזאָ אַ טאָג. זיי האָבן אין דער בעקעריי געזען אַ פּאָר יידישע פּרויען, באַקענט זיך מיט עטלעכע יידן, וואָס האָבן זיי זונטיק מיטגענומען אין גרויסן שטאָט גאָרטן. אבראַמטשע האָט אין איינע פּאָר וואָכן שוין געוווסט וואָס דאָס איז פאַר אַ שטאָט און גענומען וועבן פּלענער צו ווערן אַליין אַ מענטש פאַר זיך. צו אַלץ האָט ער פאַררעכנט בעבלען פאַר אַ שותף און בעבל איז אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ בלינדער פערד.

בעבל האָט אויף קיין ענטפער אויף זיין טעלעגראַמע זיך נישט דערוואַרט. ער האָט שוין געזען, אַז עס איז אַ פאַרשפּילטע זאַך צו דערוויסן זיך וועגן זיין טאַטן אין אַמעריקע און דאָס הארץ האָט אים

געקלעמט אויף זיין אָרימער מאַמע, וואָס האָט אָפּגעפּינסטערט אירע יונגע יאָרן וואַרטנדיק אויפן מאַן. ער האָט זי געזען שטייענדיק פאַר די אויגן און זיך פאָרגעשטעלט ווי זי וואַרט אָפּ דעם פּאָטשטאַליאָן אַלע אין דערפרי האַפנדיק, אַז עס וועט קומען אַ בריוו פון איר בעבלען, אַז ער וועט שוין אויסגעפינען זיין טאַטן.

האָט ער אויסגעגאָסן זיין האַרץ פאַר אבראַמטשען, פאַר זיין בעסטען חבר און עס איז געבליבן, אַז ער זאָל די ערשטע זאַך אוועקשיקן דער מאַמען צען דאָלאַר און שרייבן איר, אַז ער איז אין מעקסיקע געבליבן אַרבעטן און ער מוז דאָ זיין נאָך אַ יאָר, כדי צו קענען פאַרדינען אויף רייזע־הוצאות אין אַמעריקע.

בעבל האָט אבראַמטשען געכאַפּט קושן פאַר זיין גוטער עצה.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָבן זיי זיך צערעכנט מיטן בעקער, אָפּגענומען ביידע צו עטלעכע צענדליק פּעזעס און אוועק פּעדלען. אַ ייד מיט אַ קנאָכיקן פּנים האָט אבראַמטשען נישט געלאָזט רוען, אַז זיי זאָלן גיין אַרבעטן פאַר אים. דער ייד האָט אים אויפגעוויזן, אַז ער קען פאַרדינען אין איין טאָג ביי אים מער ווי ביי דעם בעקער אין אַ גאַנצן חודש. דאָס וואָס ער קען נאָך נישט די שפּראַך, האָט אים דער ייד געזאָגט, איז נישט קיין חסרון, אדרבא, די קונדן גלויבן גיכער אַזאַ, וואָס רעדט צו זיי מיט האַלבע ווערטער, און אויף שטום־לשון — און וואָס וועט איר דאָ צו ליגן? סחורה גיב איך אייך און אייער פּראָצענט וועט איר קריגן אַלע וואָך.

ביטער ווי דער טויט איז אבראַמטשען מיט בעבלען געווען זייער ערשטער גאַנג. זיי זענען אוועק פאַרטאָג מיט סחורה אויף זיך, אַרומגעבונדן מיט שטריקלעך אויף וועלכע עס זענען אַראָפּגעהאָנגען מעסערלעך און צווייגעלעך, שערעלעך און פּיילעכלעך. אין האַנט האָט יעדער פון זיי געהאַט אַ פּעקל מיט גרעסערע אַרטיקלען, האַקמעסערס, העק, בערשט און אַ פּאָר שטיקלעך לייוונט אַ צוליינ.

אַז זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר פלעגט זיך בעבל אָפּרוקן, שטיין פון דער ווייטן. אבראַמטשען האָט אויך געקלאַפּט דאָס האַרץ. אָבער ער האָט זיך געמאַכט שטאַרק און גענומען וואַרפן פאַר איין מאָל פון מויל די פּאָר צענדליק ווערטער, וואָס ער האָט אַ פּאָר טעג נאָכאַנאַנד געחזרט און נאָכגעזאָגט דעם יידן: ווענטאַ, באַראַטאַ, קע

קיערע, אַטשאַ, סעניאָרא — פלעגט ער אַפּזאָגן זיין פּזמון. באַזונ־דערס האָט זיך אים ביי יעדן וואָרט געפלאָנטערט אונטערן צונג דאָס וואָרט וואָס האָט אים אויסגעזען אי האַרט אי קאָמיש: אַטשאַ. אויף וואָס מען האָט ביי אים נישט געפרעגט קיין פּרייז האָט ער מעבאַ־נישט געענטפערט — אַטשאַ. — אַ זאַך וואָס איז ווערט געווען דריי האָט ער געזאָגט אַטשאַ און אַ זאַך וואָס איז ווערט געווען צען איז אויך געווען אַטשאַ...

אַזוי זענען די פּאָר שותפים אריין אין די ביזנעס. אין אַ פּאָר מאָנאַטן האָבן אבראַמטשע און בעבל זיך אויסגעגרינט און זיי זע־נען געוואָרן אבאָנערן פאר זיך. זיי האָבן אָנגעהויבן נעמען סחורה פון געשעפטן און האָבן געהאט אַ גרויס ביכל מיט פארשריבענע אד־רעסן און צייכנס פון די קונים, ווו זיי וויינען און ווען ביי זיי צו מאָנען וועכנטלעך די אבאָנאַ, די ראטע.

עס זענען צוריקגעקומען עטלעכע פון די חברה־לייט, וואָס זע־נען פריער פון הכנסת־אורחים אוועק צו דער אַמעריקאַנער גרעניץ. זיי האָבן אויפן וועג פארלאָרן די פּאָר דאָלאַר וואָס זיי האָבן געהאט און מען האָט זיי צוריקגעטריבן. איצט האָבן זיי זיך שוין אויפן עסן נישט באַקלאָגט און די שמועס פון דער שטאָט האָט זיי נישט געביסן מער אין נאָז. זיי זענען מקנא געווען אבראַמטשען מיט בעבלען, וואָס אַרבעטן שוין ווי דערפארענע און געקומען צו זיי נאָך עצות ווי מען נעמט זיך צו „אבאָנאָס“.

איבערן שטאָט זענען געוואָרן די באַהערשער פון די גאַסן די אבאָנערן. אַ טייל פון זיי האָבן זיך אויסגעקליבן דעם אָדער יענעם געגנט, אַ מאַרק, אָדער סתם אַ פּלאַץ און מיט גויאישע אויסדרוקן און האוואיעס האָבן זיי פארגעלייגט זייער סחורה. ביינאַכט אויף די קוואַרטירן האָבן די יאַטן זיך אָנגעדערציילט די קוריאָזן פון טאָג, ווי מען האָט גערעדט, וואָס פאר אַ פּרייז מען האָט געגעבן נישט פארשטייענדיק וואָס מען זאָגט, און מען איז געלעגן אויף די בעט־לעך און געלאַכט.

איין יונגערמאַן, אַן אבאָנער, האָט אבראַמטשען ארויסגעפירט מיט זיין אויפפירונג פון געדולד. ער פלעגט שטיין און שרייען צו די פּויערים, וואָס פלעגן ארויסקומען אין ווייסן אויפן מאַרק, אַז זיי

זאָלן ניִשט געבן צו לייזן די „כודיאָס“ און קויפן ביי אים, ביים „אַלעמאַן“...

דער בחור האָט דערטאַפּט, אַז די מעקסיקאַנער שעצן די דייטשן. האָט ער זיך פאַרגעשטעלט פאַר אַ דייטש. אַ ברען אַ יונג — איז אַברהמטשע געווען. האָט ער איינמאָל נישט אויסגעהאַלטן און פאַר־פאַרן דעם „דייטש“ אין דער מאָרדע בעת ער האָט געריסן פון אים אַ קונה, פון אים — דעם יידן, צו זיך — דעם דייטש.

אַן אַנדערער האָט געריסן די קונים פון די הענט, געוּרעדט האָט ער אַ ביסל בעסער ווי די יונגע עמיגראַנטן, האָט ער געשריען, אַז זיי האָבן צעלעכערטע זאָקן, אָפּפּאַל און נאָר ביי אים איז עכטע סחורה. דערביי פלעגט ער טאַקע אַריינרוקן זאָקן מיט לעכלעך דער גויע, און אַז זי פלעגט קומען בייטן, האָט ער אָפּגעשיקט צו בעבלען, וואָס איז שטענדיק געווען אַ צעשראָקענער, און האָט גאָר זעלטן געלייזט.

אַבראַמטשען איז מיאוס געוואָרן דאָס אומאויפערלעכע קריגן זיך צווישן די אַבאָנערן. זייער סודן זיך און באַהאַלטן מיט דעם וואָס צו איינעם קומט אַ ווייב, אַ ברודער, אַ שוועסטער, דאָס רייסן קונדן און ניִשט פאַרגינען — און ער האָט איינגערעדט בעבלען, אַז זיי זאָלן אַוועק אין דער פּראָווינץ.

*

* *

און מיט אַברהמטשען איז בעבל געגאַנגען אַפילו אין פייער. מיט אים האָט ער געוווּסט קען מען נישט פאַרפאַלן ווערן. זיי האָבן אַפילו ביידע אָפּגעמאַכט, אַז ווען זיי וועלן שוין זיין עטוואָס אַרויפּ־געאַרבעט — וועלן זיי צוזאַמען אַוועק קיין אַמעריקע און אָפּזוכן בע־בעלס טאַטן.

דערווייל זענען זיי אַוועק איבערן לאַנד. זיי זענען געקראָכן איבער דערפער און שטעטלעך, געמסחרט מיט די פאַרברענטע אינדיאַנער אין זייערע שטרויענע הייזלעך, גענעכטיקט ביי זיי. געגעסן זייערע ביטערע און טוכלע מאכלים און געטרונקען זייער שיטערן און ביטערן געטראַנק. די בחורים האָבן אַנגעקליבן זעקלעך מיט גאָלדענע און זיל־

בערנע מטבעות, זיי האָבן נישט געהאַט ווי אויסצוגעבן דאָס געלט און געקויפט האָט מען ביי זיי אַלץ. וואָס פאַר א קעסטל מיט „פגרים“ מען האָט זיי צוגעשיקט פון שטאָט — האָבן די אינדיאַנער דאָס ביי זיי צעצוקערט. אַלץ איז געווען אַ סחורה. דער ייד, וואָס האָט זיי די סחורה געשיקט, האָט זיי איינמאָל אנגעלאדן אַ קאַסטן מיט ווייסע נאַכט־טעפּלעך און די יאָטן האָבן זיך געקייכט און גע־וואלגערט אויף די בייכער. ווען זיי האָבן די קונדן געדאַרפט דער־קלערן צו וואָס מען נוצט עס... די פויערים האָבן געקויפט די אנטיקן און זיך געצאַצקעט מיט אַלץ, ווי קליינע קינדער מיט שפּילצייג.

* *
*

אברהמטשע און בעבל זענען היינט פיינע באַלעבאַטים פון דעם יידישן ישוב אין דער הויפּט שטאָט. זיי זענען נישט געפאָרן קיין אַמעריקע זוכן בעבלס טאַטן. דער מאַמען האָט בעבל געבראַכט צו זיך און אַז ער איז געוואָרן שטייף האָט ער אין די יינגלשע יאָרן פאַרגעסן. אַזוי אויך אברהמטשע. — זיי זענען ביידע מיט פופצן יאָר עלטער געוואָרן, ביידע שוין לאַנג געהייראַט און האָבן שוין קינדער אין שולע. די איבערלעבונגען פון די ערשטע יאָרן האַלטן זיי צוזאַמען און זיי זענען זיך געבליבן פריינט.

אברהמטשע האָט ליב, ווען ער קומט אין קלוב, צו דערציילן פון די גרינע יאָרן. ער ווייזט אָן וואָס יענער איז געווען דאַן און ווער ער איז געווען, וואָס ער האָט געטון און ווי ער האָט געמאַכט. ער קען נישט פאַרגעסן אָן יענעם „דייטש“, וואָס איז היינט אויך אַ ייד אין די פעדערן און אַז ער דערמאָנט זיך אָן דעם פּאַטש, וואָס ער האָט אים אָפּגעפּרעסט דאַן אויף זיין צורה — טוט אים נאָך איצט הנאה.

און בעבל האָט באַזונדערס ליב צו הערן ווי אברהמטשע דער־ציילט פון די איבערלעבונגען, וואָס זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין וואַנדערנדיק ביידע צווישן בארג טאָל, אין פאַרוואָרפענע דער־פער און זייטיקע שטעטלעך, צוזאַמענגעלייגטע פון אַ פּאָר האַלבע גאַסן. אַז מען זיצט אַמאָל אַ זונטיק ביי איינעם פון די פריינט אין

שטוב — הויבט אברהמטשע אָן צו דערציילן און ביי בעבלען לייכטן די אויגן הערנדיק און דערמאנענדיק זיך:

— דו געדיינקסט ווי מיר זענען אַמאָל אַ פּאַרנאַכט אָנגעקומען אין אַ קליין דערפעל און זענען אריין צו אַן אינדיאַנער אין אַ גראָבן וואָס איז געווען זיין היים. עס איז געווען אַ הייסער, זוניקער טאָג. מיר זענען געגאַנגען איבער בערג און זאַמדיקע וועגן; שוויים האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, די פּעקלעך האָבן אַראָפּגענידערט די אַקס־לען און צו אַ ישוב איז געווען ווייט. מידע און אויסגעמאַטערטע איז מען אָנגעקומען קוים עפּעס צו אַ דערפל; טרוקן זענען געווען די ליפּן און דער גומען, עס האָט זיך געוואָלט טרינקען אַפילו פון אַ קאַלו־זשע, אָבער קיין סימן פון וואַסער איז נישט געווען.

פון דער ערשטער כאַלופּע איז ארויס אַ האַלב נאַקעטער פּויער. ער האָט אונז פריינדלעך אויפגענומען, געהאָלפן ארויסלייגן די פּעק־לעך, געגעבן זיך אנצוטרינקען, פארגעלייגט צו עסן שווארץ פּאַרפּעצ־טע פליישׁ־טייגלעך און מיר האבן עס אריינגעפּאַקט צוזאַמען מיט די צונגקלעפּטע קוילן שטיקלעך ווי די גרעסטע „מאַכציפאַנע“. עס האָט דאַן געהאַט טעם גן־עדן. דער פּויער האָט ארויסגעבעטן פון זיין ערדענעם פּאַלאַץ זיינע קינדער, איבערגעדעקט מיט טיכער האָט ער זיי געלייגט אויף דער טרוקענער ערד.

די כאַלופּע איז געווען אַן אויסגעגראָבענער הייל אין אַ באַרג, אָן פענסטער און אָן אַ ביינקל. מען האָט זיך געדאַרפט איינבויגן אין דרייען אריינצוגיין אַהין. די נאַכט איז גיך צוגעפאַלן און דער גאַסט־פריינדלעכער פּויער האָט אונז איינגעאָרדנט אויף זיין געלעגער, איינגעדעקט מיט אַ צעקראַכענער קאַלדרע, און איז אַליין געבליבן גיך ליגן אַן איינגעשלאָפענער מיט זיין פויערטע ביים אריינגאַנג.

און מיין בעבל האָט עס גענומען קלאַפּן אַ צאַן אָן אַ צאַן... עס איז אים איינגעפאַלן, אַז דער אינדיאַנער האָט אונז פאַרנאַרט, און אינמיטן נאַכט וועט ער אונז פּאַרטיק מאַכן... ער האָט גענומען רעדן איינגעהאַלטן, זיך קלאַמערן אָן מיר, און איך האָב זיך אויך אנגע־שטעקט מיט דער מורא. מיר האָבן זיך איבערגערעכנט, ווי מאָדנע פריינדלעך ער האָט אונז אויפגענומען, וואָס ער האָט אונז דווקא

ארייַנגעלייגט אינעווייניק — און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ האַק...

מיר זענען געלעגן אין טויט־שרעק, געציטערט פאַר יעדן שאָרך און אין מח האָבן דורכגעבליצט טויזנטער געדאַנקען. מען האָט זיך דערמאָנט אַן דערהיים, אַן עלטערן — און שיר פון זינען נישט אַראָפּ ביים געדאַנק, אַז מיר קענען דאָ געקוילעט ווערן און קיינער וועט אַפילו נישט וויסן, ווו דער געביין איז אהינגעקומען...

און נאָך אַזאַ נאַכט וואָס האָט זיך געצויגן ווי דער גלות האָבן מיר זיך קוים דערוואַרט עס זאָל אנהויבן שאַריען אויף טאָג. דער פויער איז אויפגעשטאַנען, אַוועק אין טאָל און איז באַלד צוריקגעקומען מיט אַ הילצערנעם בעקן וואַסער. ער האָט אונז באַדינט ביים אַרומוואַשן זיך; די פויערטע האָט אויפגעזאָדן אַ שוואַרצן טאָפּ קאַווע און אַז מיר האָבן געמוזט טרינקען — און אַז מיר האָבן געוואָלט באַצאָלן — האָט דער האַלב־ווילדער, גוטמוטיקער פויער זיך באַליידיקט און זיך געצלמט, ער וויל נישט אַז מענטשן זאָלן אים באַלוינען פאַר זיין פריינדלעך, פאַר וואַסער וואָס איז גאָטס באַשאַף און פאַרן לייגן זייער קאָפּ אויף זיין אַרימער ערד.

מיר האָבן זיך קוים איינגעבעטן ביי דעם פריינדלעכן מענטשן צו נעמען ביי אונז אַ מתנה עפּעס פון אונזערע אַרטיקלען — און ער האָט אונז אַריינבאַגלייט אין דאָרף מיט אַ אַזאַ זעלבסטצופרידנקייט, ווי ער וואָלט אָפּגעטון די הייליקסטע זאַך.

אַזוי האָט אַברהמטשע דערציילט און איבערדערציילט די איבערלעבונג פון יענער נאַכט, די דערינערונג פון דער אומזיסטער שרעק פון די גרינע יאָרן.

בעבל האָט געפילט בשעת־מעשה ווי ער וואָלט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט יענע טעג פון וואַנדערונגען צווישן הימל און ערד. ווו געטאָגט נישט געגעכטיקט — און איז געווען איבערגליקלעך צו זיין אין אַברהמטשעס געזעלשאַפט. עס האָט אים נישט וויי געטון, וואָס זיין חבר איז רייכער פון אים, וואָס אַברהמטשע איז אַ גרויסער פאַבריקאַנט און ער האָט נאָר אַ געשעפט אין צענטר. זיי זענען געבליבן די פריינט פון פאַר פופצן יאָר און האָבן זיך געקוויקט מיט יענער צייט ווען מען האָט זיך דורך טאָלן און פעלדער דורכגעשלאָגן אַ ווען און מען איז דאָך געווען דאַן זאָרגלאָז, יונג און מונטער.

ביידע חברים זענען געבליבן מאדנע צוגעבונדן צו זיך. זיי דוכט זיך, אז זיי זענען שוין אזוי געבוירן געוואָרן און באקאנטע זענען זיי מקנא די איבערגעגעבנקייט און שטארקע פריינטשאפט. בעבל איז איבערגליקלעך, וואָס ער האָט געפּאקט אזא שופּס־ברודער און ער האָט שוין ביי זיך אָפּגעמאכט, אז זיין סאניטשקע, וואָס איז נאָך אכט יאָר אַלט, וועט מירצעשעם חתונה האָבן מיט אברהמטשעס בחורעץ, וואָס איז שוין איצט עלף יאָר — און גייט מיט איר צו־זאמען אין שולע.

# מ'פארט נאך גרינע...

עס איז יענעם טאָג אנגעקומען א שיף מיט אכציק נייע, גרינע — און האלב מעקסיקע איז געפאָרן צום פאָרט. איז באן האָבן זיך באגע־גענט די נעכטיקע גרינע, די היינטיקע מענטשן מיט אייגענע קאָ־טשעס, מיט אייגענע פאבריקן און געשעפטן, מיט קאָנטעס אין בײנק און מיט אַ שטייפער האלטונג.

קיינער האָט נישט געוואָלט קלערן וועגן דעם נעכטן, נישט גע־וואָלט געדיינקען, וואָס עס איז געווען, און נישט געוואָלט זיך דער־מאָנען ווי מען האָט זיך ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק געזען, און אין וואָס פאר אַ צושטאנד.

מען איז געפאָרן אָפּנעמען — ווער אַ שוועסטער צי אַ ברודער, ווער עלטערן און ווער טאָקע אַ גאנצע פאמיליע.

אין ווערא־קרוז איז דער עולם אנגעקומען אין פרימאָרגן. מען איז אוועק אין די האָטעלן, באשטעלט פיינע צימערן, ווו אויפצונעמען די גרינע; געמאכט זיך שיין און ריין, אָנגעטון לייכטע קליידער און באלד נאָך פרישטיק איז מען אוועק כאַפּן אַ שווים אין ים.

דער עולם איז געווען אַ יונגער, די מערהייט איז ערשט אריבער די דרייסיקער אָדער אריינגעפאָרן אין פערטן צענדליק. די היים האָט מען נאָך געדיינקט גוט, די בריוו האָט מען געלייענט מיט נייגיר און פאָטאָגראפיעס האָט מען געשיקט אין שטעטל אַלע ווײלע, און עט־לעכע דאָלאַר אויך.

איצט, אַז מען האָט געמאכט פאפירן, פאר שוועסטער, צי פאר ברודער, פאר עלטערן אָדער אַ קרוב — האָט מען זיך געפילט שטאָלץ און גוט, און צופרידנקייט האָט ביי יעדן אַראָפּגעהאָנגען פון פנים.

אין קעשענע האָט מען אַ פעקל אַסיגנאַציעס. מיט אַ טאָג פריער איז מען אוועק אין באנק, אויסגעשריבן מיט גרוים פארסע אַ טשעק

אויף עטלעכע הונדערט פּעזעס און געהייסן דעם קאַסיר זיך געבן די סומע אין צען און פינף פּעזעדיקע באַנקנאָטן.

אייניקע אָפּגעמער פון די גרינע זענען געקומען מיט אַ פּאָר טעג פריער פאַרן אָנקומען פון דער שיף, כדי דערווייל אריינצוכאַפּן אַן אָפּרו און אַ פרייע שעה; האָבן זיי שוין געוווּסט פון דער בעס־טער קאַפע, דער ריינסטער קאַנטינע און געשמאַקסטן רעסטאָראַן, און אויך פונם בעסטן אָרט אויף דער „פּלאַיע" ביים ים, ווו ס'איז אַ חיות זיך צו באָדן.

אין רעסטאָראַן ביי מיטאָג האָט זיך דער עולם געטראָפן און מען האָט צוזאַמען געפּראַוועט אַ מאָלצייט ביי אַ לאַנגן, ווייסן טיש. עס האָט געהערשט אַ פרייליכע שטימונג, אַפּעטיט האָט חברה געהאַט און מען האָט געביסן אויף ביידע זייטן ציין. מען האָט געמאַכט לחיים לכבוד די געסט, וואָס וועלן באַלד אָנקומען און באַזונדערס האָט מען צוגעוווּנטשן און געגומען אויף דער האַצקע די יונגעלייט, וואָס זענען געקומען אָפּוואַרטן זייערע יונגע ווייבלעך.

ווען מען האָט פאַרביסן מיטן קאָמפּאָט איז שוין דער עולם גע־זעסן אין אַ הייטערער שטימונג. עס האָבן זיך געהערט אַרום טיש בעזאַנגען און ניגונים, די הערצער האָבן זיך צעעפנט. די דערוואַרטונג האָט גענומען באַאומרואיקן — אין אַ שעה אַרום דאַרף די שיף אריינפאָרן אין פּאָרט.

צוזאַמען, צענויפגעלעבט און צענויפגעלייגט האָט זיך דער עולם געלאָזט צום ברעג פון ים, צו דער וואַסער־סטאַציע, ווו די שיף וועט באַלד קומען און ברענגען אויף איר דעק אייגן בלוט און פלייש — לעבעדיקע גרוסן פון דער היים, וואָס מען פאַרגעסט זיך אָן איר אין הור־האַ, און וואָס איז איצט אַלעמען, קוקנדיק ווייט אויפן וואַסער, אַזוי נאָענט און היימיש.

אַלע ווייסן שוין ווער צו וועמען עס קומט. מען האָט זיך באַ־זאָרגט מיט דערלויבענישן ארויפצוגיין אויפן שיף; די וואָס האָבן עס נישט באַוויזן זענען מקנא די אַנדערע — און מען שטייט ביים ברעג פון אַקעאַן, גלאַט ראַז־רטע מענער, ווער אין ווייסע הויזן, ווער אין ספּאָרט־קליידונג — דער שאַרפער ווינטל בלאָזט אין פּנים, די שוימיקע כוואַליעס קומען צו צום ברעג, שלאָגן זיך אָפּ אָן די באַר־יערן און פאַלן צוריק אָפּ, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען ברענגען אַ גרוס פון דער שיף, קומען זיי באַלד צוריק און שוימען ווידער ווייס־געל, רוישן אין די אויערן.

און אָט באַווייזט זיך ווייט־ווייט, טיף אין האָריזאָנט אַ פּינטעלע וואָס פֿלעקט זיך צווישן הימל און וואַסער. אַ מאַטראָס לויפֿט פֿאַרביי און זאָגט צו אַלעמען, ווי צו זיך אַליין — עס קומט די שיף.

דער עולם ווערט נערוועז און צעשטרייט. מען קען נישט איינשטיין אויף אַן אָרט, גייט מען הין און צוריק. מ"פּאַרציט שטאַרקער דעם סיגאַרעט, מען רויכערט איינעם נאָכן אַנדערן — און די אויגן זענען איינגעגראָבן דאָרט ווייט, וווּ עס באַוועגט זיך צווישן כוואַליעס די שיף, דער פּינטעלע, וואָס ווערט יעדע ווײַלע גרעסער און זעט זיך וואָס אַמאָל דײַטלעכער, ביז מען קען שוין אונטערשיידן דעם הויכן קוימען, וואָס שלײַדערט מיט קנוילן שוואַרצן רויך, פֿון דער ווײַסקייט פֿון דער שיף־געבײַדע.

און אָט זעט מען שוין די גאַנצע שיף כמעט, מען הערט שוין אַ שנײַדיקן פֿײַף פֿון אירע טרובעס און מען זעט אויפֿן דעק זיך באַוועגן סילועטן, מענטשן, וואָס קוקן פֿון דער ווײַטקייט צום ברעג און ציִען זיך מיט די בליקן געוויס וואָס גיכער צו זען זייערע נאָענטע.

איינגעהאַלטן איז דער אָטעם, פֿײַכט ווערן די אויגן. עס קלאַפּט אין האַרצן, עס ווילט זיך וויינען, צי לאַכן — צי וואָס, עפּעס ווייס מען נישט וואָס עס ווילט זיך. די צערודערונג דערגרייכט די העכסטע מדרגה ווען די שיף דערלאַנגט זיך אַ צי אַרײַן האַרט אין פּאָרט און מיט אַ געקלינגערײַ לאָזט זיך אַראָפּ די קייט פֿון האַנקער — די שיף בלײַבט שטיין.

עס צעפּאָכען זיך טײַכלעך און עס הויבן זיך הענט. צוערשט באַגריסן זיך אַלע מיט אַלעמען — און באַלד דערזעט יעדער זײַן קרוב, זײַנע פֿלייש און בלוט, מען דערפֿילט כמעט ווי דער ברודער אָדער שוועסטער, די פֿרוי אָדער מוטער שטייט — ווײַל דערקענען איז שווערלעך... געלאָזט האָט מען קינדער, וועוויריקעס — און דאָרט שטייט אַ גאַנצע פֿריילין, אַ גרויסער בחור; אוועקגעפֿאָרן איז מען יונג, צאַפּלדיק און דאָ זעט די מאַמע פֿון שיף אַראָפּ אַ מאַן אין ברילן און אויסגעפּוצט אין עסיק און האָניק...

— און מען קומט אַרויף אויפֿן שיף.

פֿון אומאַרמונגען און קושן זיך ווערט איין קנויל פֿון די מענטשן. מען געפֿינט נישט קיין ווערטער אין די ערשטע מינוטן, יעדער רעדט אַרויס עפּעס אָבער הערט נישט וואָס, די אויגן זענען מיט טרערן פֿאַרגאָסן, דאָס האַרץ הויבט זיך און קלאַפּט האַסטיק, האַסטיק; פֿאַלט

מען צו צו נאָענטע ליפּן, לייגט מען אַרויף האַנט אויף אַקסל, כּליפּעט מען און מען פרייט זיך, עס איז אַזוי וואַרים אויף דער נשמה און עס ווילט זיך אַזש טאַנצן פאַר פרייד....

* *
*

באַרואיקט פון ערשטן עמאָציאָנעלן איינדרוק צערוקט מען זיך מיט נאָענטע אין ווינקלען; מען קוקט זיך טיף אין די אויגן, מען פרעגט אויף דער היים און אויף די טייערסטע, וואָס מען האָט דאָרט; מען שיט מיט פראַגן און מען קושט זיך ווידער און מען נעמט זיך ווידער אַרום און מען גלעט אַזוי אומבאַמערקט די גרינע — און מען העלפט זיי אַרויסנעמען די געפּעק — און מען באַצאָלט פון דעם פּעקל אַסיגנאַציעס אָפּן און מיט פרייקייט דעם קאָפּ־שטייער, און מען לייגט אַריין פאַמעלעך דאָס געלט אין דער הויזן־קעשענע, כאַפּנדיק אַ בליק פון אַ זייט אויף די גרינע, צי זיי זען און צי זיי ווייסן וואָס דאָס מיינט...

אין אַ פּאָר שעה אַרום זיצט מען מיט די אייגענע אין די האָטעל־צימערן. אויסגעצויגן אויפן בעטל, הערט מען וואָס עס מאַכן עלטערן און וואָס עס זאָגן שכנים, און וואָס עס טוען דאָרט חברים אין דער אַלטער היים — און מען דערציילט די גרינע, אַז דאָ אין פּאָרט איז דער קלימאַט אַ שווערער, אַ הייסער, אָבער אין שטאָט איז אַ מחיה, לופטיק, אַ בלויער הימל אַ גאַנץ יאָר, שיינע גאַסן, ברייטע אַלייען, טראַמוואַיען, אויטאָס — און קיין ווינטער איז נישטאָ, קיין שנייען און אַזעלכע שיינע פּלעצער, וועלדער, טייכן, וועגעציע — מוועט שוין קומען מאָרגן, וועט מען זען.

רעכט פאַרנאַכט פירט מען די גרינע זען די פּאָרט־שטאָט. מען זיצט אין האָטעל־וועסטיבול אָדער אין קאַפע־הייזער ביי די טראַטואַרן און מען זופּט פון שטרוי קאַלטע געטראַנקען. מען שפּאַצירט ביים ים, מען לאַכט און מען רעדט; מען באַקענט זיך מיט די אַנדערע גרינע און די אייגענע באַקענט מען מיט די פריינט; און מען לאָזט זיך צוריק אין דושנעם האָטעל־צימער, ווו די פענסטער זענען אָפן, ווו עס הערט זיך דער גערויש פון די ימיקע וואַסער־וועלן.

לאנגע שעהן געדויערט איידער מען שלאפט איין. עס צעעפענען זיך אויפן געלעגער די הערצער — און מען פרעגט ווייטער און מען הערט, וואס דער גרינער דערציילט, וועגן שטעטל, וועגן שטוב, וועגן די מענטשן; ווי מען לייענט דארט די בריוו, ווי מען פרייט זיך ווען מען באקומט עטלעכע דאלאר, ווי מען איז מקנא דעם וואס מען נעמט אפ; ווער עס האט געשיקט גרוסן — און ווי אלע זענען אויס, ווער עס האט חתונה געהאט, ווער עס האט קינדער געהאט, וועמען גייט גוט און וועמען נישט אזוי — און ווי די גאסן זענען אנדערש געווארן פאר די 8 — 10 יאר, און נאך און נאך און נאך...

* *
*

אויף מארגן פארט מען מיט די גרינע מיט דער באן אין שטאט אריין. מען פארט בייטאג כדי צו ווייזן זיי דעם וואונדערשיינעם וועג, וואס שניידט זיך אריין אין בערג, אין וואלקנס, וואס קרייצט דורך גרינע טאלן, געל־באפלעקטע ישובים — און וואס איז אזוי שיין און ערלעך.

דער טאג גייט אדורך אין התפעלות, וואונדער איבער וואונדער זעט דער גרינער, נאכמער הערט ער; און מען נעמט אים צוגרייטן צו דער דערוואַרטונג אויף דעם וואקזאל. מען מאלט אים אויס די פריינט, וואס וועלן זיין, די פרוי ווי זי זעט אויס און מען גיט אים אנצוהער־רעניש, נישט צו זיין פארכמורעט, זיך פילן פריי, שמייכלען און באַ־גריסן אלעמען ליבלעך — און אזוי דערנענטערט מען זיך צו דער שטאט.

איינציקע פריינט קומען ארויף א פאר סטאציעס פריער אויפן באן. מען באגריסט זיך און מען מעסט אפ מיט די אויגן דעם גרי־נעם פון אויבן ביז אונטן, מפרעגט ווי עס איז געגאנגען די רייזע און מען רעדט עפעס אזעלכע ווערטער אין דעם יידיש, ווי בוענא, סי, סטא־ביען, וואס דער גרינער פארשטייט נישט — און הערט עס מיט גרויס חידוש.

און אז די באן בלייבט שטיין, מען הויבט זיך אויף אראפצוגייען, קומען צו פריינט און פריינדינס מיט בלומען, מען לאכט און מען רעדט אזוי פיל, און מען האלט אין איין פרעגן די גרינע, וואס ווילן

קיין זאַך נישט — נאָר פאַרבלייבן אַליין, שוין קענען זיך צולייגן אויף אַ בעט און אַריינפאַלן אין אַ שלאָף.

אָבער די גרינגע מוזן נאָך אַריינזעצן זיך אין קאַטשעס; מען הייסט נאָך דעם שאָפער מאַכן אַ קרייז איבערן שטאָט. און אַז מען קומט שוין אַהיים — זיצן ערשט נאָך פריינט און נאָך געסט, און לאַנדסלייט — און דער טיש איז געגרייט, עס איז ליכטיק און פרייד לעך, שאָקאָלאַד און טאָרטן שמעקן אַראָפּ; מען זעצט דעם גרינגעם אויבן אָן — און מען רעדט נאָך אַלע ווייטער, מען פרעגט גרוסן, מען וויל שוין וויסן אַלץ אין איין מינוט — און מען קען שיר חלשן, ביז —

— ביז עס פאַלט עמיצן איין צו זאָגן, אַז מען זאָל לאָזן די גרינגע זיך אָפּרוען, און זיי ווערן אין דער לעצטער מינוט געראַטעוועט...

# בלינדע

איך ווייס נישט צי איר האָט עס אויך באמערקט — די אומ־געהויערע צאָל בלינדע, וועלכע דרייען זיך ארום אין די גאַסן און עפנטלעכע פּלעצער פון מעקסיקע. איך האָב נישט אנגעטראָפן ביז איצט אויף קיין סטאטיסטיק, און ווייס נישט צי אַזאַ איז בכלל דאָ, אָבער מיר דוכט זיך אז מעקסיקע קאָן שלאָגן דעם רעקאָרד מיט איר צאָל בלינדע.

ווי אומעטיק עס דאַרף זיין — טראַכט זיך אָפּט — די מענטשן, וואָס זייערע אויגן זענען פארצויגן מיט דיקע ווייס־הייטלעך און קוקן אויס ווי פארקלעפּטע מיט מאטעריע־פּלאַסטערס. וואָס פילט אַזאַ מענטש ביי ווען עס איז צוגענומען די ראיה, וועלכער האָט נישט דאָס גליק צו זען די רחבותדיקייט פון מעקסיקעס בלויען הימל די ווייסע ליכטיקייט וואָס די אייביק גוטע זון שיקט מיט אַזאַ שטראַלן־שטראָם. — צו זען די ליכט פון טאָג און פון דער שטילער נאכט, וואָס הויבט זיך דאָ אָן מיטן צופאַלן פון דער פּלוצלונגדיקער פינסטערניש.

וואָס פילט אַזאַ מענטש, וואָס זעט נישט די ליכטער פון דער ביינאכטיקער שטאָט, דעם בייטאָגיקן געיעג פון מענטשן איבער אָנ־געפּראָפּטע גאַסן, וואָס זענען פול מיט בלישטשענדיקע און שימע־רירנדיק אויסשטעל־פענסטער, וועלכע רופן און רייסן דאָס מענטש־לעכע אויג מיט טויזנטער נייעסן, מיט אלע מיטלען פון דער פאַנ־טאזיע, וואָס זאָלן רייצן די אויג פונם גייער.

אזויפיל מענטשן אין מעקסיקע זעען נישט די וועלט; אָט גייט אַ פיין געקליידערטער מאַן און טאַפּט די ווענט. און אָט איז אַ בעט־לער, וואָס רייבט זיך צווישן עולם און מאכט זיך אַ וועג מיט זיין

אויסגעבויגענעם שטעקן; אַט איז אַ יונגער אַרבעטער אין אַן אַר־בעטס־קאַסטיום מיט אַ שטיקל געצייג אין האַנט. וואָס שאַרט זיך צווישן די זעעדיקע, וועלכע באַמערקן קוים אַז ער איז בלינד.

אויף טריט און שריט באַגעגנט מען בלינדע; דערוואַקסענע, אַלטע לייט און קינדער. ווי שרעקלעך און ווייטיקדיק דאָס איז — אַ קינד, וואָס איז בלינד, ווען מען יונגינקע אויגעלעך זענען פאַרצויגן מיט אַ דין הייטל און בלאָנדזשען אומרואיק צווישן די ברעמען, זעען ניט דעם אַרום.

פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ גרויסע צאָל בלינדע? אין שטאָט אַסאַ־באַקאַ איז דאָ אַ געגנט, וווּ כמעט אַלע איינוווינער זענען בלינד. עס געפינט זיך דאָרט אַזאַ פליגעלע, וועלכע זויגט אויס די זע־אָדערן ביי די קינדער אין עלטער צווישן זעקס און צען יאָר. מען האָט שוין — ווערט אַנגעגעבן — אָנגענומען פיל מיטלען קעגן דעם באַציל, אָבער דערווייל אָן דערפאָלג. די מענטשן זענען דאָרט בלינד, און אָט אַזוי לעבן זיי, אַרבעטן, האָבן חתונה, געבוירן קינדער, טרויערן, לאַכן, פאַרווײַלן זיך — און גייען שפּאַצירן אַפילו בלינדערהייט. עס פירט זיי די אינטואיציע.

* *
*

גרויס איז אויך די צאָל בלינדע אויסער דעם ספּעציעל בלינדן געגנט. עס זענען פאַרשפּרייט צווישן פאָלק פיל עפּידעמישע און קלעפּיקע קראַנקהייטן; די כללים פון היגיענע צווישן דער אָרימקייט זענען אַזוינע פּרימיטיווע, אַז עס איז גיכער אַ ווונדער, וואָס עס זע־נען דאָ אַ סך געזונטע מענטשן צווישן פאָלק. קראַנקע מיט די פאַר־שידנסטע מיחושים געבוירן קינדער אָן אויפזיכט, אָן זאָרג — און מען גיסט אין זיך אומריינעם אַלקאָהאָל, ביליקע פּולקע אָן אַ מאָס.

וואָס די סיבות זאָלן נישט זיין — אַ סך מענטשן זענען דאָ בלינד.

אין דער הויפּט־שטאָט איז דאָ אַ פאַך־שול פאַר בלינדע, פאַר דער בלינדער יונגוואַרג. איך באַמערקט אָפט בעת דעמאָנסטראַציעס אַט די בלינדע שילער, ווי זיי מאַרשירן אונטער זייער פאָן. זיי זע־

נען קלאַסן־באַוווסט און אויף מיטינגען מאַכן זיי שטורמישע צוויי־שנרופן, רעאַגירן מיט געשריי און געזאַנג.

איך האָב אַמאָל אויף אַ מיטינג זיך דערנענטערט צו אַזאַ גרופּע בלינדע, וועלכע האָבן דאָ, ווי שטענדיק, זיך געהאַלטן צוזאַמען — און האָב זיי געפרעגט: וואָס הערט זיך חברים? ווייסט איר ווער עס איז דער עולם אין זאַל, און ווער עס זיצט אויף דער בינע?...

און עס ענטפערט מיר איינער פון זיי: מיר פילן עס אין דער לופט, וואָס מיר זאַפּן איין; אין דעם גערויש, וואָס דערטראָגט זיך צו אונזערע אויערן, וואָס עס טוט זיך אַרום אונז.

און דאָס איז אמת אויך, ווייל אין זייער רעאַגירן, האָט איר דערקענט, אַז זיי דערפילן, דאָס, וואָס זיי דערזעען נישט.

איך האָב ביי אַ צווייטן פון די בלינדע געפרעגט צי ער ווייסט ווו עס זיצט אויף דער בינע דער רעדנער, ווען מען נאָמען ער האָט אומאויפהערלעך אויסגעשריען, וועלנדיק, אַז יענער זאָל רעדן — און ער האָט מיר דייטלעך אנגעוויזן מיטן האַנט די ריכטונג, ווו זיין באַליבטער רעדנער איז געזעסן. דורך די פאַרטפּלטע און פאַרצויגענע אויגן „זעען" זיי.

*  *
*

אַזויפיל בלינדע דרייען זיך אַרום אין מעקסיקע. אַזויפיל מענטשען, וואָס האָבן שוואַרצע לעכער אָנשטאָט אויגן; וואָס די אויגן זענען ביי זיי פאַרמאַכט אינגאַנצן, אָדער באַדעקט מיט אַ שליימיקער הויט; אַזוי פיל מענטשן פאַר וועלכע די שיין איז פאַרשטעלט.

אָפּטמאָל מאַכט עס אַ אַמהדיקן איינדרוק. באַזונדערס ווען דו באַגעגנסט אַ גרופּע בלינדע, וועלכע שלייכן זיך צוזאַמען, האַלטן זיך פאַר די הענט, כאַכאַטשען און לאַכן מגושמדיק, ווערנדיק געפירט פון אַ האַלב בלינדן; וועלכער גייט פאַרויס ווי אַן אַפּיציר.

די בלינדע אין מעקסיקע מאַכן אַ שווערן איינדרוק אויף אויסלענדער, אויף געסט, אויף טוריסטן. אַן אַמעריקאַנער האָט מיר איין מאָל געפרעגט, פאַרוואָס זענען כמעט אַלע מעקסיקאַנער... בלינד.

אין זיינע אויגן האָט עס אויסגעזען, אַז ער זעט אין מעקסיקע מער בלינדע ווי זעעוודיקע, ווייל אויף די לעצטע האָט ער געלייגט ווייני־קער אכט. פאר אים איז דער גרעסטער קוריאָז אין מעקסיקע געווען — די בלינדע, און ער וועט זיכער דערציילן זיינע פריינט, אַז אַלע כמעט אין מעקסיקע זענען בלינד....

אזוי שרעקלעך איז עס אָבער נישט. דער פּראָצענט בלינדע איז אין מעקסיקע גרויס, גרעסער ווי אין אנדערע לענדער. אָבער עס זענען נאָך דאָ געננוג „זעעוודיקע", וואָס זענען „בלינד", וואָס זיי האָבן אָפענע אויגן און זעען נישט...

און אָט צוליב די זעעוודיקע, וואָס זענען בלינד, און וואָס זייער צאָל איז אין דער געזעלשאפט פיל גרעסער פון אנדערע — זענען דאָ אזויפיל אמתע בלינדע, פאר וועלכע ס'שיינט נישט די זון, שימע־רירט נישט דער רעגן־בויגן, שווימט נישט די לבנה אויפן בלויען און גינגאָלד באשטערנטן הימל פון דער בארג־באפוצטער שטיק לאנד, וואָס איז די מעקסיקאנער א ירושה געבליבן פון די אצטעקן און אינדיאנער.

# די רעבעלדן

אין דער קאנטינע „דאס גאלד־גרוב“ אויף איינער פון די צענטראלע גאסן פון שטאט האבן זיך צענויפגעקליבן א צענדליק חברים און פריינט פון קאראנעל פיטשארדא. זיי האבן אלע געוואַרט אויף אים, זייער פירער און געווער־חבר, וועלכער האט קאנדידירט אויף גאבערנאדאר פון דער געגנט און איז דורכגעפאלן קעגן דעם אפיציעלן קאנדידאט, זיין יוגנט־חבר דעפוטאט פעדראסא.

פיטשארדא האט זיך דעם דורכפאל נישט געקענט שיינקען. ווען ער האט באקומען די אפיציעלע מיטטיילונג אז פעדראסא איז אנערקענט פארן גאווערנאדאר — האט ער געשיקט רופן זיין פליניצעהיטער פוענטעס. יענער האט אים געפונען אין פוריע משוגענער פארווילדונג. ער האט אים געטראפן שטיין אין דער דארפישער כאלופע מיט א פינף־און־פערציקער פיסטאליע אין האנט, אנגעטון אין א נאציאנאלן קאסטיום, איינגעצויגן די הויזן און די טשאמארע אויף זיין הויכן, שלאנקן גוף, ארומגערונגלט די פאכוועס מיט א ברייטן פאס קוילן — און אין דער אנדער האנט א פלאש טעקילא, האלב אויסגעזשליאקעט.

ווען פוענטעס איז אריינגעקומען האט אים דער „כעפע“ אויפגענומען מיט א קנאלעריי פון דער פיסטאליע אין סופיט און אין די ווענט פון דער הייזקע. א יונג א דורכגעטריבענער איז פוענטעס געווען האט ער דעם קאראנעל ארומגעכאפט ווי מען כאפט ארום א כלה פאר דער חופה־נאכט, האט אים גענומען קושן און גלעטן, איינגענעמען און באַרואיקן: וואס מאכסטו זיך דערפון — האט ער צו אים גערעדט, ווען ער האט אים אנידערגעלייגט אויפן באנק ביי דער וואנט, וואס זארגסטו זיך „כעפעסיטא“, מיר וועלן עס מאכן גוט, דער דעפוטאטל וועט א טאג אויך נישט זיצן אין פאלאץ פון דער שטאט רעגירונג. פיטשארדא האט זיך אויסגעגלייכט און די טעקילא איז

אים ארויסגעפלויגן פון קאָפּ. ער האָט פאַרשטאַנען וואָס פוענטעס מיינט און זיך דערפילט האָפערדיק. ביסט אַ בראַווער פריינט — האָט ער צו זיין באַשיצער געזאָגט — און דערביי אים אַ קלאַפּ געטון גוט־ברודעריש איבערן פּלייצע, אַ ציַ געטון צו זיך און אַ ביס געטון אין דער פליישיקער באַק זיינער.

מאַליטאַ, פּיטשאַרדאָס פּרויענצימער איז אַריינגעקומען, אַ צע־פלאַמטע און אויפגערעגטע. פייער האָט געשפּריצט פון אירע גרויסע אויגן, די הויכע ברוסטן אירע האָבן זיך געהויבן האַסטיק און די נאָזלעכער האָבן געבלאָזן מיט פּאַרע. אין גאַס האָט איר פּעדראָסאָס שוועסטער, פּעלאַיאַ, וואָס איז פריער געווען פּיטשאַרדאָס געליבטע ארויסגעהוזקט און נאָכגעשפּעט, וואָס איר מאַנספּערשוין איז דורכ־געפאַלן מיטן קנאַק; איצט וועט זי פועלן ביי איר ברודער דעם גאָ־ווערנאַדאָר, אַז מען זאָל איר דער ביטערער פרוי ארויסטרייבן פון דאַנען, אַז זי וועט לויפן צו אַלדי שוואַרצע טייוואָלים. פּיטשאַרדאָ האָט עס אויסגעהערט און פאַרביסן זיינע ברייטע, בלוטפולע ליפּן. זעט זיך — האָט ער באַפעלעריש אַ ברום געטון — צו מאַליטאַן, זי וועט לויפן פון דאַנען צוזאַמען מיט איר ברודער דעם עיפּושדיקן וואַנץ. אַ ווײַלע איז ער אַרומגעגאַנגען אַ נערוועזער איבערן ענגן צי־מערל, געביילט מיט די האַרטע פויסטן און געשפּיגן שטיקער טאַבאַק פונם גרויסן ציגאַר, וואָס האָט זיך געריבערט פון צווישן זיינע ליפּן.

— פוענטעס — האָט ער זיך שטעלנדיק אין אַ נאַפּאָליאָנסקע פּאָזע אַ זאָג געטון — וויפל פערד האָבן מיר? גיי אין קאַנטינע און זאָג די חברה־לייט, אַז באַלד קומען מיר. זאָלן זיי נעמען אין מויל אַריין דערווייל, איך וועל שוין אָפּגעבן דעם רעכנונג ביי דעם גאַסט־שופין דאָרטן.

ווען פוענטעס האָט זיך ארויסגערוקט פון שטיבל און פּיטשאַרדאָ איז געבליבן אַליין מיט מאַליטאַ האָט ער זיך צו איר אָנגערופן: אָט דאָ ,וועסטו, חיה איינע זען, ווי געטריי איך בין דיר און וואָס איך וועל טון. ווייַ צו דיר אויב דו וועסט נישט גיין מיט מיר אויף דער אַוואַנטורע, אַז איך זאָל דער זונה דער שוועסטערל מיט איר ברודערל צוזאַמען נישט אַריינשיסן אַ פולן מאַגאַזין פון מיין פינף־און־פערציקער. מאַליטאַ איז אויפגעשפּרונגען פון דער באַנק. זי האָט איינגעקלעמט אין אירע הענט דעם גרויסן גוף פון פּיטשאַרדאָ און זיך איינגעביסן מיט אירע שאַרפע ווייסע ציין אין זיינע ליפּן. זי

האָט געוווּסט, אַז ער וועט נישט שווייגן אַזאַ באַליידיקונג. ער האָט פאַרזעצט אַלע זיינע און אירע זאַכן, די קליידער, די צירונג, זיך פאַרשולדיקט ביז איבער די אויערן פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע פון זיין קאַנדידאַטור. און די חרפּה פאַר זיינע פריינט פון פאָלק פונוואַנען ער איז אַוועק מיט דער זיכערקייט, אַז אין זיין געגנט, דאָרט ווו ער איז געבוירן געוואָרן, וועט ער באַשטימט ווערן דער גאָווערנאַדאָר.

* *
*

פּיטשאַרדאָ און מאַליטאַ זענען אַרויסגעקומען ביידע פונעם שטי־בעל באַפליגלטע און מוטיקע. זיי האָבן זיך געלאָזן גיין צו דער קאַנ־טינע. אינעווייניק זענען געזעסן די חברים זיינע, געגאָסן אין זיך ווייסן ברענ־וואַסער און פאַרביסן מיט באַשמאַלצטע מעל־פּלעצלעך. ווען דאָס פּאָרל האָט אויפגעעפנט די טיר האָט זיי די חברה באַ־געגנט מיט אויסגעשרייען: זאָל לעבן דער גאָווערנאַדאָר און די פרוי זיינע. איינער האָט אַרויסגעצויגן זיין פּיסטאָלע און דערלאַנגט אַ קנאַל פון פרייד אין סופיט. די קאַנטינע איז געוואָרן אָפּגעליידיקט פון די פאַר שטאָט־געסט און דער גאַטשופּין איז געבליבן שטיין אַ צום טויט דערשראָקענער אונטערן באַרער אויף יענער זייט טיש.

מען האָט אָפּגערעדט, אַז נאָך איידער דער נייער מאַכער וועט איבערנעמען זיין אַמט זאָל געמאַכט ווערן דער אויפשטאַנד. לויטן חשבון זענען ביי אַלע געוועזן פערד פאַר הונדערט פופציק מאַן און אַן ערך אַזאַ צאָל ביקסן. פונעטעס און אַ פּאָר יונגען מיט אים האָ־בען זיך אַוועקגעלאָזט איינשאַפן קוילן און ביז ביינאַכט האָט פּי־טשאַרדאָ מיט זיין שטאַב, וואָס איז אויף אַן אָרט באַשטימט געוואָרן, זיך אונטערגענומען האָבן צוגעגרייט די הונדערט פופציק מענטשן. אויף אַן אָרט איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּלאַן פון דער רע־בעליע. פּיטשאַרדאָ אַליין מיט אַ גרופּע וועט גיין אויף דעם פּאַלאַץ, אַ צווייטע גרופּע וועט זיך לאָזן צום פּאָליציי־אַמט. ווי נאָר ביידע ערטער וועלן זיין באַזעצט וועט ער, פּיטשאַרדאָ זיך ווענדן צום קליי־נעם גאַרניזאָן, ווו ער האָט צווישן די מיליטער־לייט פריינט, אַז זיי זאָלן זיך אָנשליסן אָן דעם אויפשטאַנד און דערקלערן אים לע־גאַל פאַר דעם גאָווערנאַדאָר. אויפן פאַל פון אַ דורכפאַל איז באַש־

טימט געוואָרן, אַז מען וועט דעם קאַמף נישט אויפגעבן, נאָר זיך לאָזן אין די בערג פון דער געגנט און פון דאָרטן אַנפירן אַ פּאַרטיזאַנען שלאַכט מיט די פאַרפאָלגער.

פאַרנאַכט איז אַלץ געווען גרייט. מאַליטאַ האָט געבראַכט צו פּי־טשאַרדאָ די שליסלען פון דער שטאָטישער באַנק, ווו איר פאָטער איז געווען דער כערענטע, און אין אַ שעה אַרום האָט דער כעפע שוין געהאַט אין זיין באַזיץ די קאַסע מיטן געלט. מאַליטאַ איז שוין צו־ריק אַהיים נישט געגאַנגען, אויפן רוקן האָט זי אָנגעהאָנגען איר פאָטערס גרויסן מאַוזער און אָנגעלאָדענעם מיט קוילן. איר האַנט האָט נישט אַ ציטער געטון, ווען זי האָט געמאַכט אַ פּרוו ווי די כלי פונקציאָנירט. זי האָט געצילט אין אַ פּינטל אין וואַנט און גוט געטראָפן. פּיטשאַרדאָ האָט זי פאַר פרייד אַרומגעכאַפּט ווי דאָס ער־שטע מאָל ווען ער האָט זי געהאַלטן אין זיינע הענט, זיך אַ וויג גע־טון מיט איר איבערן צימער, אַ שליידער געטון אויפן באַנק צע־רייסנדיק דאָס קלייד אויף איר לייב און היהש זיך איינגעגראָבן אין איר זודיקן גוף.

פּוּענטעס האָט דעם כעפע געטראָפן אַ צעשוויצטן ווען ער איז אים געקומען מעלדן, אַז מען וואַרט אויף זיין סיגנאַל. מאַליטאַ האָט אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ פּאָר מענער הויזן, מיט אַ טיכל האָט זי אַרומגעוויקלט די קאָפּ צעפלאַשעטע האָר און אַ צעבליטע, מיט פינ־קלענדיקע אויגן האָט זי זיך געשטעלט ביי פּיטשאַרדאָס זייט.

— מיר גייען — האָט ער באַפוילן — און זיי האָבן זיך אַלע דריי אַרויסגעלאָזט מיט האַסטיקע טריט פון דער טיר. אויפן הויף זענען געשטאַנען גרייט געזאָטלטע פערד; זיי האָבן זיך אַרויפגעזעצט האַסטיק אויף די חיות, אַ שמיץ געטון יעדער זיין „קאַבאַיאָ" און אַרויסגעפאָרן אויפן וועג צו דער קאַנטינע „דאָס גאָלד גרוב".

אינעווייניק זענען איצט געזעסן דער שטאַב פונם אויפשטאַנד, פאַר־רוקט אין לעצטן צימער, ווו עס איז געווען אָנגערויכערט ווי אין אַ באָד; אויף די טישלעך זענען געשטאַנען פלעשער ביר און קאָניאַק, זיי האָבן געוואַרט אויפן „כעפע". אין די פאָדערשטע צימערן זע־נען געווען צעשטעלט 10 יונגען, שלאַנקע און הויכע, מיט רעוואָל־ווער־ביקסן ביי די זייטן; דער גאַטשופּין האָט זיי אַלע ווײַלע דער־לאַנגט גלעזער געלבלעכן וויין, ביר און בראַנפן ברויטלעך; ער האָט געציטערט אַ וואָרט אויסצורעדן פאַר די חברה, וואָס זענען געווען באַשטימט אַלס

די פארבינדונגס־אגענטן צווישן שטאב און די גרופן רעבעלן, וואס האבן געווארט גרייט אויפן באפעל אנצוהויבן דאס שפיל.

פיטשארדא איז אריינגעקומען אין באגלייטונג פון מאליטאן און פוענטעס; די פאדלאגע האט זיך געטרייסלט אונטער זייערע פיס; ער האט באפוילן און מען האט דעם גאטשופין געבונדן די הענט אויף הינטן און פארשפארט אין טואלעט־צימערל; איינער פון די צען איז אוועקגעשטעלט געווארן ביים בופעט אויפן ארט פון באלעבאס פון דער קאנטינע; מען האט איבערגעשניטן די טעלעפאן־דראטן — און מיט א שאס פון זיין פיסטאליע אין וואנט אריין האט פיטשארדא דערקלערט דעם אויפשטאנד פאר אנגעהויבן.

* *
*

א האלבע שעה שפעטער איז די שטאט ארומגעכאפט געווארן פון א גרויסער בהלה. פעדרא, פיטשארדאס בעסטער חבר איז מיט 50 מאן באפאלן דעם פאליציי־אמט און עס איז אים געלונגען צו ארעסטירן דעם קאמענדאנט און זיך באזעצן אין זיין צימער ווי דער פירער פון דער פאליציי. אין דער שיסעריי זענען פינף מאן געפאלן טויט פון ביידע צדדים. פיטשארדא איז אנגעקומען מיט א מחנה האלב נאקעטע רייטער אויף פערד, ביי זיין זייט מאליטא. מהאט פאר זיי ארויסגעטראגן פון פאליציי־הויף ביקסן מיט קוילן, ארויסגעפירט א פאליציי־וואגן מיט שטאכעטן אין וועלכן עס האבן זיך אריינגעזעצט פעדרא און פיטשארדא — און מען האט זיך געלאזט גאלאפירנדיק צום פאלאץ פון דער שטאט־רעגירונג.

דער נייער גאווערנאדאר פעדראסא האט אין דער צייט באוויזן ארויסצורופן דעם מיליטער־גארניזאן פון דער דערבייאיקער זאנע; דער פאלאץ איז געווען ארומגערינגלט פון סאלדאטן, מידע יונגען, אפגעברענטע און פארשוויצטע, נידעריקע, מיט שווארצע פנימער און לויפיקע אויגעלעך, מיט די ביקסן אין די הענט גרייט אויף דער קאמאנדע צו געבן א זאלפ.

עס האט זיך אנגעהויבן די שלאכט. די גאסן זענען כהרף־עין געווארן אפגעליידיקט פון מענטשן, מען האט פארהאקט טיר און טויער. פון די פענסטער פון פאלאץ האט גענומען טרעלן א מאשין־

ביקס און אונטער אירע קנאַלן זענען פּיטשאַרדאָס חילות פאַרהאַלטן געוואָרן, און עטלעכע זענען אַראָפּגעשאָסן געוואָרן פון די פערד ווי זאַנגען אונטער אַ קאָסע.

פּיטשאַרדאָ האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע; זיינע מענטשן האָבען זיך צעשאָטן איבער די הייזער פון דער אנטקעגנאיבערדיקער גאַס, אויפּברעכנדיק די טירן, און פון אינעווייניק, באַשיצט אונטער די ווענט האָבן זיי פון די פענסטער ארויסגעשאָסן צום לאַגער פון שונא, ארום פּאַלאַץ. מאַליטאַ איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ביי פּיטשאַרדאָס זייט. זי האָט פון איר מאַוזער געצילט אין פענסטער פון דער ביוראָ פון גאָווערנאַדאָר און יעדע ווײַלע אָנגעלאָדן פּיטשאַרדאָן זיין רעוואָלווער. פּוענטעס איז אריינגעלאָפן אַ פאַרוואונדעטער אין האַנט און אַנגעזאָגט, אַז פּעדראָ איז געפאַלן טויט אויפן גאַס און אַז מיליטער האָט צוריק באַזעצט דעם פּאָליציי־אַמט, באַפרייט דעם קאָמאַנדיר און לאָזט זיך אהער צוהילף דעם גאָווערנאַדאָר.

פּיטשאַרדאָ האָט קיין סך נישט געטראַכט און געהייסן זיך צעגייפּקומען דעם שטאַב. ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז עס וועלן נישט קלעקן קיין קוילן אויף אַ לאַנגער שלאַכט דאָ אויף אָן אָרט און באַשטימט, אַז מען זאָל באַשיסנדיק דעם שונא זיך צוריקציען און איינאָרדנען די אנטלויפונג צום „באַרג פון דער שוואַרצער נאַכט“, ווי עס איז פון פריער געוואָרן אָפּגערעדט.

דאָס מיליטער האָט זיך דערנענטערט צו די הייזער. פּוענטעס אַ פאַרוואונדעטער האָט איבערגענומען די באַשיצונג דורך באַשיסן די אנגרייפער און דער שטאַב מיט אַ פּאָר צענדליק מאַן אויף פערד בראָש מיט פּיטשאַרדאָ און מאַליטאַ האָבן דורך אַ זייטיקער גאַס זיך געלאָזן צום טראַקט, וואָס פירט צום וואַלד.

— מאַליטאַ — האָט פּיטשאַרדאָ זיך אָפּגערופן צו זיין טרייער געליבטע, איך וועל זיי דאָס נישט שיינקען. פּעדראָסאָ מיט דער שוועסטערל דער זונה מוזן פאַלן פון מיין האַנט, אַנדערש וועל איך זיך נישט באַרואיקן. העלפסטו מיר, דו הינטישע טאָכטער, איז גוט, אויב נישט וועסטו טיילן דעם זעלבן גורל, וואָס איך האָב אנגעחתמעט פאַר זיי.

זי האָט דערלאַנגט דעם צוים פון איר פערד איינעם פון די באַגלייטער און איז ארויפגעשפּרונגען אויף זיין פערד, זעצנדיק זיך ביי זיין שוים; ער האָט געקוקט אויף איר מיט ברענענדיקע ווי שטורקאַצן

אויגן, ארומגענומען איר טאַליע מיט דער פעסטקייט פון אַ וואַלד־גזלן און זי האָט אים לאַשטשענדיק געקושט ווי אַ קאַץ. — איך וועל מיט זיי קעמפן ביי דייַן זייט ביז מיין טויט, מיין הימלדיקער געליבטער, איך וועל מיט מיין ברוסט דיר פאַרטיידיקן, טייערער, — און זי האָט אים איינגענומען, בארויקט. זיי האָבן נישט באַמערקט ווי אין דער צוגעפאַלענער נאַכט איז מען אנגעקומען צום „באַרג פון דער שווארצער נאַכט“:

אַרום איז געווען פינסטער און וויסט. די גרופּע מענטשן זענען שווייגנדיק אראָפּגעקראָכן פון די פערד, צעגויפגענומען אַלע צוים־לייצעס און זיי פאַרבונדן און מען האָט זיך אַ לייג געטון אויף דער באַוואַקסענער גראָז־מאַכיקער ערד. פּיטשאַרדאַ מיט מאַליטאַן זענען אַרויף אַ ביסל העכער אויפן באַרג — דאָרט האָבן זיי זיך אַ לייג געטון שווערע פון מידקייט און אנטשריינגונג. פּיטשאַרדאַ האָט איינגענורעט זיין קאָפּ אין מאַליטאַס שויס, מיט איין האנט האָט ער ארומגענומען איר טאַליע און אין דער צווייטער האָט ער איינגעקלאַמערט זיין פּיסטאָליע — און ער איז איינגעשלאָפן.

* *
*

פאַרטאָגס איז צום „באַרג פון שווארצער נאַכט“ אָנגעקומען פּוענטעס אין באַגלייטונג פון פינף מאַן, וועלכע עס איז געלונגען קוים לעבעדיקע זיך ארויסצוראטעווען פון דער ארומרינגלונג דורכן מילימער. זייַן פאַרוואונדעטע האנט איז געווען פאַרבונדן מיט אַ שטיק פון זיין העמד און האָט נאָך געבלוטעט. ער האָט דערציילט, אַז אַ גוטע העלפט קאַמפּאַניעראָס זענען געפאַלן טויט און די רעשט, וואָס האָבן נישט געקענט אנטלויפן האָבן זיך אונטערגעגעבן. פּיטשאַרדאַ האָט אים גוטמוטיק געקלאַפּט איבערן פּלייצע און געלויבט פאַר זיין העלדישקייט; מאַליטאַ האָט אים איבערגעבונדן די וואונד און מיטן אנקום פון טאָג איז מען זיך צענויפגעקומען אויף אַ באַראַטונג וואָס ווייטער צו טון.

געווען איז אויפן באַרג ארום 30 מאַן און פּונקט אַזאַ צאָל פערד. קיין שפּייז פאַר זיך און פאַר די חיות האָט מען נישט געהאַט; קיין פאַרבינדונג מיט דער שטאָט אויך נישט, ווייל דער דורכפאַל איז

געווען אַ פּיל שרעקלעכער ווי מען האָט אויסגערעכנט — האָט פּי־טשאַרדאָ פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל זיך אַ מאָן צעו אַראָפּלאָזן אין דעם דאָרף וואָס האָט זיך פון באַרג געזען פונדערווייטן און דאָרט אָננעמען שפּייז פאַר די מענטשן און פערד. ער איז אַליין אוועק אין שפּיץ פון דער גרופּע.

אַ שאַרפע לופט אויסגעמישט מיט טוי האָט געהאַלטן איינגע־הילט דעם דאָרף ווען פּיטשאַרדאָ מיט זיינע מענטשן זענען אַנגעקו מען צו זיין ברעג. איינגעוויקלטע אין טיכער זענען פּויערימלעך נאָך געלעגן אויף די ערד־געלעגערס; פון די אָפענע טירן־לעכער האָט זיך געהערט אַ כראָפּען; דאָ און דאָרט האָבן איינציקע אינדיאַנער ארויס־געשלעפּט פון די שטעלכלעך די דאַר־ביינעקע אייזל־פערדלעך און זיך געקליבן אוועקצולאָזן אין פעלד אַריין.

רעבעלדן! — רעבעלדן! — האָט זיך פּלוצלונג פאַנאַנדערגעטראָגן אַ געשריי פון איין עק דאָרף ביזן צווייטן. דאָס זענען פּיטשאַרדאָס מענטשן אַריינגעפאַלן אין דער ערשטער הייזקע ביים עק פון דאָרף און גענומען קלויבן דאָס ביסל עסנוואַרג, וואָס זיי האָבן געפונען, דראָענדיק די צעשראָקענע דאָרף־מענטשן מיט זייערע ביקסן. עס איז געוואָרן אַ ווילדער געלויף איבערן דאָרף; פאַרשלאָפענע, נאַקעטע און צעשראָקענע האָבן זיך אַלע געלאָזט לויפן אין אַלע זייטן אין גרויס פּאַניק. די פּיטשאַרדיסטן זענען געגאַנגען פון הויז צו הויז און געפּאַקט אין טיכער און ליילעכער, וואָס זיי האָבן געפונען; צע־בערס מיט וואַסער האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט אויף אַ פורל; אַנגע־שטאָפּט די קעשענעס מיט קלייניקייטן, וואָס זענען אויף די ערדענע טישן געלעגן, אין די אויגן פון די צעשראָקענע ווייבער, וואָס זענען געבליבן ליגן פאַררוקטע אין די ווינקלען, ציטערנדיק פאַר שרעק.

אין איינער פון די הייזקעס איז פּיטשאַרדאָס אויג געפאַלן אויף אַ יונג מיידל, וואָס האָט זיך אַנגסטיק איינגעוויקלט אין איר שאַל, ווען ער איז אַהין אַריין; ער האָט זיך אינסטינקטיוו אַ ציי געטון אין יענעם ווינקל, אַ ריס געטון מיט רוגזה דעם שאַל פון דער מיידלס קאָפּ — און דערזען פאַר זיך פּעלאַיאַ, זיין פריערדיקע געליבטע, די שוועסטער פון זיין פּאָליטישן ריוואַל פּעדראָסאָ...

— קאָמפּאַנעראָס! האָט פּיטשאַרדאָ אַ קאָמאַנדעווע געטון, — לאָמיר גיין. מיר האָבן געכאַפּט דעם אמתן רויב, מער ווי איך האָב געוואָלט. איז אַ ווײַלע אַרום איז פּעלאַיאַ אַ צום טויט דערשראָקענע

און בלאַסע געזעסן צוגעפּעסטיקט צו פּיטשאַרדאָן אויפן זאָטל פון זיין פערד; ער האָט זי געהאַלטן פעסט ארומגענומען מיט איין האנט און זי האָט זיך צוגעדריקט צו דעם פערדס גושיווע, איינגעפלאכטן אין די לאַנגע פערדישע האָר אירע צאַרטע הענט, פילנדיק דערביי אויף זיך דעם הייסן אָטעם און ברען, וואָס האָט געשלאָגן פון פּיט־שאַרדאָ...

זיי זענען אָנגעקומען אין באַרג־הייל. פּעלאַיא האָט מיט אראָפּ־געלאָזטע אויגן דערציילט, אַז איר ברודער דער נייער גאָווערנאַדאָר פּעדראַסאַ, האָט זי אוועקגעשיקט צו א מומען אין דאָרף אויף דער צייט פון דער רעבעלדיע און זי האָט זיך געבעטן, אַז מען זאָל איר קיין שלעכטס נישט טון. די חוצפּהדיקע מאַליטאַ האָט א צעקאַכטע זיך צו איר די ערשטע דערנענטערט און אָן א פּאַרוואָס איר פּאַרפּאָרן א פייערדיקן פּאַטש אין פּנים; פּעלאַיא האָט געוועגדעט אירע שוואַרצע אויגן צו פּיטשאַרדאָ און זעענדיק, אַז ער שמייכלט שעלמיש ווי קיינמאָל נאָרנישט — האָט זי נישט פון ווייטיק, נאָר פון באַ־ליידיקונג זיך בייטער צעוויינט.

דער האַלבער טאָג איז אַריבער רואיק. די חברה האָט גענומען פּלאַנען אן איבערפאַל אויף ביינאַכט אין שטאָט. אנגעפּרעסן זיך מיטן אנגערויבטן אין דאָרף — האָט פּיטשאַרדאָ געהייסן די חברה זיך אָפּרוען, ווייל ביינאַכט וועט זיין א „טשאַמבאַ“, א וויכטיק שטיקל אַרבעט. און אַליין האָט ער גענומען אונטערן האנט פּעלאַיא און זיך געלאָזט מיט איר אין דערבייאיקן וואַלד...

איינגעקלעפּט אין זיין זייט איז פּעלאַיא אוועק מיט אים א צו־פרידענע און שטאָלצע, ווארפנדיק א בליק ווײַלעוויַיז אויף הינטן צו זען, וואָס די שפּין טוט איצט; די מענטשן פּיטשאַרדאָס האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט די בליקן, ארויסגעלאָזט קולות פון באַגייסטע־רונג פון זייערע העלדזער און געקוקט אויף מאַליטאַ...

זי איז געשטאַנען אויף א שטיין אין באַרג ווי א פּאַרוואונדעטע חיה; פון אירע אויגן האָט געשפּריצט פייער און איר ברוסטקאַסטן האָט מאַטאַריש זיך געהויבן, אראָפּגעלאָזט און געהויבן — דאָס בלוט איז בליציק געלאָפן אין אירע אָדערן אַז זיי האָבן שיר נישט געפּלאצט. אין איר מח איז מאַליטאַ דורכגעלאָפן א געדאַנק, אַז זי טאָר דערצו נישט דערלאָזן. פּעלאַיא וועט מיט איר פּיטשאַרדאָ אין וואַלד אַליין נישט זיין, זי וועט נישט דערגיין אַהין. ווי פּייל פון בויגן האָט זי א

כאַפּ געטון פֿיטשאַרדאָס אַנגעלאָדענעם ביקס, געקניט בײַם שטײַן און אָנגעמענדיק אַ שאַרפֿן ציל האָט זי אָפּגעפֿײַערט עטלעכע שאָסן אין דער ריכטונג, וווּ זײַ זענען בײדע געגאַנגען.

מאַליטאַ האָט באַוויזן צו זען, ווי פּעלאַיאַ האָט זיך אַ וואַקל געטון און איז געפֿאַלן ווי אַן אונטערגעשניטענע; ווי פֿיטשאַרדאַ האָט זיך אײַנגעבויגן צו איר, קוקנדיק מיט רציחה פֿון ווײַטן אויף מאַליטאַ; האָט זי זיך אַרויפֿגעזעצט אויף פֿיטשאַרדאָס פֿערד און אין אַ גאַלאָפּ זיך געלאָזט מיטן וועג אין שטאָט אַרײַן.

פֿיטשאַרדאָס מענטשן האָבן מאַליטאַן נישט געשטערט; אויך זײ האָט פֿאַרדראָסן, וואָס זײער „גאַוויאַ", דער פֿירער האָט זיך גלוסטיק באַצויגן צו פּעדראָסאָס שוועסטער, וואָס איר ברודער וויל זײ דאָך אַלע הרגענען. עטלעכע פֿון זײ זענען צוגעלאָפֿן צום אָרט, וווּ פּעלאַיאַ איז געלעגן אַ שטאַרבענדע; פֿיטשאַרדאַ האָט געקניט איבער איר; ער איז געווען פֿאַרוווּנדעט אין אַ זײַט און פֿון פֿאַרביטערונג האָט ער צו די מענטשן נישט גערעדט. זײ האָבן אים אָפּגעריסן פֿון פּעלאַיאַ לאַזנדיק איר ליגן אין גסיסה און געבראַכט צום באַרג; פֿונם בלוט אָפּפֿלוס האָט פֿיטשאַרדאַ זיך געפֿילט זײער אָפּגעשוואַכט; ער האָט נישט געפֿרעגט אויף מאַליטאַ — נאָר פֿאַרביסן געמורמלט: — אָט די קאַנאַליע, די בלוטיקע נבלה אײנע, זי וועט אונז איצט פֿאַרראַטן, די צוויג...

* *
*

מאַליטאַ איז אָנגעקומען אין שטאָט שפּעט נאָך האַלבן טאָג. זי איז אַראָפּגעקראָכן פֿון פֿערד, געלאָזט אים אויף גאָטס באַראָט און אײַליק אַוועקגעלאָפֿן צום פּאַלאַץ פֿון גאָווערנאַדאָר. פּעדראָסאָ האָט זי אויפֿגענומען בײַם זײַט מיט צוויי פּלײצע־היטער. ער האָט זיך געשראָקן פֿאַר דער פֿרוי און געוווּסט פֿון איר נקמה־דורשט. מאַליטאַ האָט דערציילט, אַז די רעבעלדן מיט פֿיטשאַרדאַ אין דער שפּיץ געפֿינען זיך אין „באַרג פֿון שוואַרצער נאַכט"; אַז זײ זענען באַפֿאַלן דעם דאָרף מיטן זעלבן נאָמען, געכאַפּט דאָרט פּעלאַיאַ, פּעדראָסאָס שוועסטער און מען האָט זי דערמאָרדעט. אַ פּאַרציטערטער האָט פּעדראָסאָ אויסגעהערט איר רייד און איז געווען גענויגט מאַליטאַן

צו גלויבן, אַז זי האָט אוים רחמנות צו פּעלאַיאַ איר אַמאָליקע שול־חברטע, באַשלאָסן אַרויסצוגעבן די באַנדע. אין זעלבן מאָמענט איז צום גאָווערנאַדאָר אָנגעקומען אַ באַריכט פונם דאָרף וועגן איבערפאַל און וועגן דעם אַוועקשלעפּן פון פּעלאַיאַ. וואָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זיין צוטרוי צו מאַליטאַס רייד, און ער האָט אָנגענומען איר אָנבאָט זי מיטצונעמען מיט די זעלנער, נאָכצויאָגן און כאַפּן די רעבעלן.

אין פעדראַסאַן האָט זיך דערוועקט אַ בלוטיקער נקמה־געפיל, די שאַנד און בלוט פון זיין שוועסטער האָט אים אויפגעקאָכט און ער האָט געהייסן אויך מאָנטירן אַ פערד פאַר אים, מיטפאָרנדיק מיטן פּלוטאָן זעלנער צום „באַרג פון שוואַרצער נאַכט". ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום באַרג האָט פעדראַסאָ פאַראָרדנט, אַז מען זאָל נישט שיסן; ער האָט געוואָלט כאַפּן פּיטשאַרדאָן אַ לעבעדיקן און דערביי האָט ער געטראַכט, אַז אפשר לעבט פּעלאַיאַ און מען דאַרף זי ראַטעווען.

פּיטשאַרדאָס מענטשן האָבן געזען, אַז די שפּיל איז פאַרן טייוול. קיין קוילן האָבן זיי כמעט נישט געהאַט, קליין אין צאָל זענען זיי געווען און דאָס מיליטער דערנענטערט זיך, רינגלט זיי אַרום — זענען זיי צוגעקומען צו אים און דערקלערט, אַז מען דאַרף זיך אונטערגעבן, ווייל אַנדערש וועט מען נאָך פאַרלירן די לעבנס אויך.

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו זיי מיטן רוקן; געהאַלטן זיך פאַרן זייט פון וואַנען עס האָט געטריפט ווי פון אַ ריטשקע דאָס בלוט און רעדנדיק ווי צו זיך אַליין האָט פּיטשאַרדאָ זיך אָנגערופן: מיין פּיסטאָלע ווו איז?

זיי האָבן נישט געכאַפּט זיך וואָס ער מיינט אין ערשטן אויגנבליק; אָבער באַלד האָבן זיי ווינקנדיק זיך פאַרשטענדיקט, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ, ווייל די זאַך איז אַ פאַרשפּילטע סיווויי. פון דערווייטן האָט זיך געהערט דער אָפּקלאַנג פון פערדישע טריט; אין טונקעלן שיין האָבן זיך ביי די באַרג־טאָלן געזען סילועטן פון די רייטער וועלכע האָבן אנגעהויבן אַרויפצוציען אויפן באַרג.

פּיטשאַרדאָ האָט דערלאַנגט אַ לעצטן בליק אין דער ריכטונג צום אָרט ווו עס איז געלעגן פּעלאַיאַ. מיט די בליקן פון זיינע רעזיגנירטע באַגלייטער האָט ער זיך נישט געוואָלט באַגעגענען — און געפילט האָט ער, אַז ער ווערט שוואַכער פון מינוט צו מינוט. ער האָט געד

מאכט אַ פּאָר טריט פאָרויס, זיך אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לײנג אויפן גראָז, צוגעשטעלט די פּיסטאָלע צום אויער, פאַרמאַכט די אויגן, — און אַ צי געטון פארן צינגל — — — —

— — — אַ שטראָם בלוט האָט א פלייץ געטון פון זיין מויל און נאָז; דער גרויסער גוף האָט זיך קאַנוולסיוו אַ דריי געטון און פּיטשאַרדאָ איז מיטן פנים צו דער ערד געבליבן ליגן אַ טויטער.

די מענטשן האָבן זיך איבערגעצלמט און אָפּגעטראָטן עטלעכע צענדליק טריט ווייטער פונם אָרט. דאָ האָבן זיי ארויסגעצויגן די פּיסטאָלעס, אַראָפּגעוואָרפן די ביקסן פון די אַקסלען, אויסגעשאָטן די קוילן — און זיך געזעצט ווארטן, אויפן אָנקום פון די זעלנער.

פּעדראָסאָ דער גאָווערנאַדאָר מיטן פלוטאָן מיליטער האָבן מיט פאַרוואונדערונג אויפגענומען די רעזיגנירטע רעבעלדן. נאָך גרעסער איז געווען דעם גאָווערנאַדאָרס פאַרוואונדערונג, ווען ער האָט געזען ליגן אַ טויטן פּיטשאַרדאָ. זיין בליק איז געפאַלן אויף מאַליטאַן און זי האָט זיך איינגעגראָבן מיטן קאָפּ אויף אַראָפּצו, געמאַכט אַ קרומע גרימאַסע, נישט געפינענדיק קיין אָרט וווּ זיך אַהינצוטון. מיט פאַרטרערטע אויגן איז פּעדראָסאָ געבליבן שטיין פאַרן טויטן קערפּער פון זיין שוועסטער. מען האָט זי איינגעוויקלט אין אַ מיליטערישן צודעק און מיטגענומען אין שטאָט אַריין.

פּיטשאַרדאָס מענטשן האָבן באַקומען פון גאָווערנאַדאָר אַ רעטונגס־פּאַס און זיי האָבן צוגעזאָגט זיך אומצוקערן צו פרידלעכער אַרבעט. קיינער פון זיי האָט נישט פאַרראַטן דעם סוד פון פּעלאַיאָס טויט. — אַלץ איינס איז שוין פּיטשאַרדאָ נישט ביים לעבן, טאָ זאָל עס גיין אויף זיין רעכענונג.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט איבער די דערפער און שטעטלעך פון דער געגנט זיך באַוויזן אויף די ווענט אַ רויט־געדרוקטע מעלדונג פון גאָווערנאַדאָר פּעדראָסאָ, אַז דער רעבעלן־אויפשטאַנד פון „קאַראַנעל פּיטשאַרדאָ“ איז איינגעשטילט געוואָרן און דער „גאַוויאַ“ אַליין איז דערשאָסן געוואָרן אין אַ צוזאַמענשטויס מיטן מיליטער, בעת זיינע מענטשן האָבן זיך אונטערגעגעבן דער מאַכט.

# די בלינדע קויל

ערגיץ זיצט אַ מאַמע און וואַרט אויף זיין בריוו — נאָר זי וועט זיך שוין נישט דערוואַרטן... דער יונגער בערעזין ליגט אַ גוססער אין שפּיטאָל כוּאַרעז, דאָס גאַנצע בלוט איז פון זיין קערפּער שוין אַרויסגעפּלאָסן און דער דאָקטאָר איז אַוועק פון דער בעטל מיט אַ קרומער גרימאַסע אויף זיין פּנים, אַ מאַך טועגדיק מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט געגעבן אַ צייכן, אַז דאָס לעבן פון דעם מענטשן איז פאַרלוירן.

ביי בערעזינס בעטל איז געבליבן זיצן אַ טיף נידערגעשלאָגענע און אַלטע פרעמדע פרוי; ער האָט ביי איר געוווינט אַ איינזאַמער און אינזיך איינגעשלאָסענער. געוווּסט האָט זי, אַז איר קוואַרטיראַנט האָט אין דער היים ערגיץ געלאָזן אַ מאַמע. דאָס איז געווען די איינציקע זאַך וועגן וועלכע ער האָט מיט איר אַמאָל גערעדט, דערמאַנענדיק, אַז זיין מאַמע פלעגט אויך אַזוי קרעכצן ווי זי, די אַלטע, אָפט ביינאַכט. איינמאָל איז ער אַפילו ביינאַכט אַראָפּ פון געלעגער, ווען זי האָט אַזוי ווי שטענדיק פון געוווינהייט געקרעכצט און געזאָגט צו איר: מאַמע, וואָס איז דיר? דאָס האָט זיך אים געחלומט, אַז ער איז אין דער היים און ער האָט געמיינט, אַז ער הערט זיין מאַמעס כאָרכלען. ער האָט זיך אויף מאָרגן אינדערפרי זייער שטאַרק אַנטשולדיקט פאַר דער אַלטער באַלעבאָסטע: אַ חלום, האָט ער געזאָגט, איר ווייסט, איך האָב נישט מער ווי מיין מאַמע און בין אַזוי ווייט פון איר, איז, פלאָנטערט זיך אין שלאָף אַלערליי געדאַנקען.

איצט איז די אַלטע געזעסן ביים גוסס צוקאָפּן. זי האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון, רעדן צום דאָקטאָר האָט זי נישט געקענט. איר שפּאַניש איז באַשטאַנען פון צוויי דריי ווערטער און מיט דעם פלעגט זי אויסקומען. צו איר טאָכטער, אַז זי פלעגט גיין איין מאָל אַ וואָך — האָט זי גערעדט איר מאַמעשן יידיש אַפילו מיט די אייניקלעך. זיי האָבן איר טאַקע נישט פאַרשטאַנען, אָבער זי האָט גערעדט צו

זיי ווי א באבע. אין איר איינזאמע דירהלע וואס דער איידים האט פאר איר געדונגען, כדי זי זאל נישט „מאלעסטירן" די אלטע, מיט איר ווארטשען און קרעכצן, איז קיינער קיינמאל נישט אריינגעקו־מען, אויסער דעם מילך־גוי. בערעזין, איר שכן, פלעגט קומען שפעט ביינאכט פון זיין ארבעט, וואס זי האט קיינמאל נישט געוווסט, וואס דאס איז פאר אן ארבעט, און רעדן פלעגט ער צו איר די פאר ווערטער אויף יידיש.

פארבראכן די הענט איז די אלטע געזעסן אן אויפגעקארטשעטע אין דעם ווייסן צימער פון שפיטאל כוארעז, ביז עס זענען אנגעקו־מען צוויי יונגעלייט, חברים פון בערעזין. זיי האבן אים שוין גע־פונען א טויטן. די אלטע האט זיי דערציילט, אז מען איז איר איינ־מיטן נאכט געקומען רופן פון שפיטאל, ווייל דער פארוווּנדעטער האט ארויסגערעדט איר נאמען און אדרעס, ווען מען האט אים געבראכט אין שפיטאל. וואס מיט אים האט פאסירט האט זי נישט געוווסט. ווען זי איז געקומען איז בערעזין געווען באוווסטלאז, געלעגן מיט פארגלאצטע אויגן און געקרעכצט, געכארכלט.

בערעזינס חברים זענען געבליבן שטיין צוזאמענגעבראכענע. צוועלף ביינאכט האבן זיי זיך מיט אים געזעגנט און ער איז אוועק אהיים. גערעדט האט מען וועגן דעם לעבן דא אין דעם ווייטן לאנד. בערעזין האט זיי דערציילט פון זיינע דערפארונגען אין דער טיפער פראווינץ, זיי פון זייערע — און ער, דער פארשטארבענער, האט עטלעכע מאל צו די חברים געזאגט, אז זיין איינציקע בארעכטיקונג פאר דעם וואגלערישן לעבן איז געווען דאס, וואס ער פלעגט שיקן עט־לעכע דאלאר זיין אלטע מוטער.

* *
*

מעקס און בערעזין זענען געווען שיפס־ברידער. זיי זענען גע־קומען פון א נארוועגישן פארט, ווו זיי האבן זיך באגעגנט, און כאטש מעקס איז געווען א רוסישער און בערעזין פון פוילן, האבן זיי זיך זייער גוט אויפגעלעבט און געווארן זיך טריי. מעקס איז געבליבן אין טאמפיקא, ווו ער האט געהאט א פעטער. ביים פעטער האט ער ארבעט געקראגן און האט נישט געדארפט טאפן אין דער פינסטער ווי בערעזין, וואס איז צו קיינעם נישט געפארן, האט קיינעם נישט

געהאַט, אויסער די אַלטע מאַמע וואָס ער האָט איבערגעלאָזן, אוועק־גייענדיק פון דעם לאַנד פון זיין געבוירן צו זוכן אַ בעסער לעבן ווי דעם האַלב הונגעריקן וואָס ער האָט געהאַט אין דער היים.

בערעזין איז געווען אַ יונגער בחור ביים אָנקומען אין מעקסיקע. קוים אריבער די צוואַנציקער — איז ער געווען אַ געזונטער און לעבנס לוסטיקער, אַן ארבעטס־זאַמער. מען האָט אים געראָטן צו פאָרן אי־בערן לאַנד מיט אַ פעקל. בערעזין האָט קיין סאך נישט געקלערט און איז געפאָרן. ער האָט גיך דערקענט די מענטשן אין די מיט זון באַשאָטענע שטעט. זייער שנעל האָט ער אויפגעכאַפּט דעם לשון זייערן און באַלד האָט ער אויך אָנגעהויבן פאַרדינען. ער האָט גע־פירט אַ שטילן לעבן, געשפּאָרט דאָס געלט און געדיינקט צו שיקן אויף לעבן דער אַלטע מאַמע.

אין דעם טראָפּישן שטעטל ווו בערעזין איז אין איינעם אַ טאָג אָנגעקומען אַ מידער פון זיין ארומרייזן, האָט ער באַגעגנט אַ יונגן יידישן בחור אזויווי ער, וואָס איז דאָרט געשטאַנען מיט אַ קליי־נעם אייזן־געשעפט. זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגערעדט און געוווּר גע־וואָרן, אַז זייער ביידנס לאַגע איז אַ ענלעכע. האָט מען זיך באַפריינ־דעט און בערעזין איז געבליבן אויף עטלעכע טעג ביים נייעם פריינט זיינעם — דעם קליינעם גילדער.

אין יענע טעג איז אין דער געגנט גראָד אויסגעבראָכן אַ רעבעלן אויפשטאַנד און בערעזין האָט ווייטער נישט געקאָנט פאָרן. איז ער געבליבן דאָרט שטעקן און צוגעהאָלפן גילדערן, וואָס איז דאָרט גע־ווען דער איינציקער אויסלענדער, אין זיין געשעפט. גילדער האָט געהאַנדלט מיט דער מיליטערישער קאָמאַנדע און פון דעם אויסגאַנג פון אויפשטאַנד איז געווען אָפּהייננגיק זיין ביסל סחורה און געלט וואָס ער האָט פאַרמאָגט. דער קאָראָנעל, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן גאַרניזאָן פון דער שטאָט איז געווען זיינער אַ פריינט, און אויף זיין חשבון האָט גילדער געגעבן סחורה די אָפיציאַלן און זעלנער. איז גילדער געווען זייער אומרואיק צוליב דעם אויפשטאַנד און האָט נישט אָפּגעלאָזן בערעזינען פון זיך

דער אויפשטאַנד האָט זיך געצויגן לאַנגע מאָנאַטן. שיסערייען זענען אָנגעגאַנגען אין און ארום שטאָט אַלע טאָג. מיט סכנות־נפשות האָבן ביידע חברים געמוזט ארבעטן אין געשעפט, זעענדיק אין יעדן קונה דעם מלאך־המות זייערן. יעדעס מאָל ווען זיי זענען

אַרויס אין גאַס זיך איינשאַפן עפּעס עסן, אָדער כאַפּן אַ בייס ביי אַ גאַסן־פּויסטע, איז דאָס לעבן געווען איינגעשטעלט. די טעג זע־נען געווען הייסע און פּוסטע. דער האנדל איז ווי אָפּגעשטאָרבן און זיי האָבן געטראַכט ווי אזוי זיך ארויסצובאַקומען פון דער אויפ־געבראָוויזטער געגנט אין צענטער פון לאַנד, אין דער הויפּט־שטאָט, ווו זיי זענען געווען זיכער, אַז עס איז רואיק און שטיל.

אָבער קיין באַן־פאַרבינדונג איז נישט געווען. די אויפשטענ־דיקע האָבן זיך געפונען אין די אַרומיקע ישובים און דערפער. אָפּט פּלעגן זיך גאַנצע גרופּן זייערע אַריינכאַפּן אין שטאָט. פאַרנעמען עטלעכע גאַסן און הערשן דאָרט מיט אכזריות, פאַרפאָלגנדיק די מענטשן, וועלכע זיי האָבן חושד געווען אין טרייהייט צו דער אָפּי־ציעלער מאַכט.

עס איז געווען אַ טאָג ווען גילדער און בערעזין האָבן געזען דעם טויט פאַר די אויגן. אין געשעפט צו זיי איז אַריינגעקומען אַ גרופּע זעלנער און דער אָנפירער האָט געהייסןביידן אַרויסגיין נאָך זיך אויפן גאַס. דאָס בלוט איז ביי גילדערן אַנטלאָפן, און אַ קוק טוענדיק אויף דעם טויט־בלאַסן בערעזין האָבן זיי ביידע זיך געזען ווי אין שפּיגל, ווי זיי זען אויס. זיי זענען אַרויס נאָך די זעלנער.

די גאַס איז געווען ליידיק. אַן אָפּהילך פון ביקסן־שאָסן האָט זיך געהערט פון דער ווייטן און רויט איז געווען דער הימל־האָרי־זאָנט; גילדער און בערעזין האָבן געזען דעם גהינום אין זייער פאַר־שטעלונג, און זיי האָבן געשטעלט די טריט ווי אונטערגעבראָכענע, נישט פילנדיק די פיס.

ביים ראָג גאַס האָט דער אָנפירער פון די זעלנער זיי געהייסן טון און זיך אנגערופן: — פאַר וועמען זענט איר?

בלייבן שטיין. ער האָט אויסגעצויגן דעם ביקס, ווילד אַ שמייכל גע־

זיי זענען ביידע געבליבן פאַרשטומט און נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן; די ליפּן האָבן זיך נישט געעפנט. מיט צעשראָקענע בליקן האָבן זיי זיך אָנגעקוקט און אין געדאַנק זענען דורכגעלאָפן טויזנטער רעיונות, געמישט זיך בליצאַרטיק און אָן צוזאַמענהאַנג.

די פראַגע האָט באַדייט זייער פּיל; עס איז פון איר געווען אָפּ־הייגיק דער לעבן. ביידע קעמפנדע מחנות האָבן אָנגענומען פאַראָלן און ווער עס האָט געזאָגט דעם פאַראָל פון דעם קעגנער איז אָן קיין שום איבערטראַכטונג דערשאָסן געוואָרן ווי אַ הונט.

— איר זייט פאר „מעקסיקע“ צי פארן „פאטערלאנד“ — האט דער זעלנער ברומענדיק נאך אמאל א פרעג געטון — און דער־ביי האט ער אנגעשטעלט דעם ביקס צו בערעזינס ברוסט.

איין גרופע האט איר פאראל א נאמען געגעבן „מעקסיקע“ און די צווייטע „פאטערלאנד“. און גיי ווייס וואס צו ענטפערן, צו וועלכער פון די גרופן די עטלעכע זעלנער געהערן. ביידע חברים, פארשטומטע און איבערגעשראקענע, וואלטן שיר פארפאסט מיטן לעבן, ווען עס קומט נישט אן צום גליק, רייטנדיק אויף א פערד דער קאראנעל, וואס איז געווען גילדערס באקאנטער. ער האט געזען ווי מען האלט ביידע חברים ביים פארטיק מאכן, און האט מיט א האסטיקן שפרונג פון פערד אפגעהאלטן די זעלנער פון אויספירן די עקזעקוציע.

— זיי זענען „אונזערע“ האט ער געזאגט צו די סאלדאטן און געהייסן זיי אפמארשירן. דער קאראנעל האט זיי ביידן בארואיקט, איז אריין מיט זיי אין געשעפט, ווו א פאר אפגעריסענע פארביי־גייער האבן דערווייל געבאלעבאטעוועט; האט ער זיי דורכגעטריבן מיט דער פיסטאליע אין האנט און געפרעגט גילדערן צי ער וויל בלייבן אין געשעפט, אדער ער וועט אים מיטן חבר מיטנעמען אין קאזארמע אריין, ווו זיי וועלן זיין זיכערער, ווייל מען וווארט, אז די רעבעלן זאלן היינט באפאלן די שטאט.

בערעזין האט געראטן גילדערן, אז מען זאל בעסער גיין אין קאזארמע אריין. האבן זיי געלאזן דעם געשעפט אויף הפקר כמעט, אויפהייענגדיק פון יוצא־וועגן א שלאס אויפן טיר, און זענען מיט־געגאנגען מיטן קאראנעל אין דער מיליטערישער קאזארמע, ביים עק פון שטאט.

אריינגעקומען, האט זיי דערלאנגט א זעץ א זויערער ריח פון שווייס און נאסקייט אין נאז. אויפן פאדלאגע זענען געלעגן אויס־געצויגן זעלנער, אנגעטועטע אין ווייסע הויזן און העמדער פון ליי וונטענעם שטאף. די פענסטער זענען געווען אן שויבן, פארקלאפט אויף האלב מיט ברעטער; אין א קופע זענען געלעגן ביקסן, לאנגע שניורן פון ברעזענט אנגעפילט מיט קוילן; פאפיראסן־שפיצן האבן זיך געוואלגערט אין אלע ווינקלען און א פול האט זיך געהויבן פון יעדן טראט, וואס מען האט געשטעלט.

ביידע חברים זענען געווען צופרידן, וואס זיי זענען כאטש דא,

און אויסער דער טויט־געפאַר, דער קאַראַנעל האָט זיי אַ ווײַלע שפּעטער אַרײַנגערופן אין אַ זײַטיקן צימער. דאָס איז געווען דער שטאַב. דאָ איז געווען ריינער און לופטיקער. אויף די ווענט זענען געהאַנגען בילדער פון רעגירונגס־מענער. אויפן טיש זענען געלעגן פּיסטאָלעס. לאַנגע, מיט גרויסע לופעס ווי פון ביקסן; עס זענען געזעסן עטלעכע שטאַב־מיטגלידער און היציק געשמועסט צווישן זיך. מען האָט זיך זיי געהייסן זעצן אין אַ ווינקל פון צימער. זיי האָבן געפאָלגט און געווען צופרידן פון דער גאַסטפריינטלעכקייט.

דאָס פענסטער פון שטאַב־צימער איז אַרויסגעקומען צום הויף פון דער קאַזאַרמע. אויך דאָרט זענען געלעגן זעלנער מיט שוואַרצע, פון זון אָפּגעבראָטענע געזיכטער; זיי האָבן געוואַרט יעדע מינוט אויף אַ באַפעל זיך אויפצושטעלן, אַנטון די ביקסן אויף די אַקסלען און אַרויסמאַרשירן קעגן די רעבעלן.

פון ווייטן אין הויף האָט מען אַרײַנגעפירט דריי פּויערים, יונגע, אין ווייסן אַנגעטון, מיט „גואַראַטשעס“ אויף די ביינערדיקע, בלאָטיקע פיס, מיט סאַראַפּעס אויף די אַקסלען און ברייטע שטרויענע היט אויף די שמאָלע קעפּ. זיי זענען געגאַנגען נאַכלעסיק, די אויגן צו דער ערד געווענדט און אַרום זיי סאָלדאַטן מיט אַנגעלאָדענע ביקסן. דער קאַראַנעל האָט געעפנט דאָס פענסטער און אָפּגענומען דעם ראַפּאָרט: דאָס זענען רעבעלן, געכאַפּט אונטערן שטאָט, קיין געווער האָבן זיי נישט געהאַט, געפרעגט זיי: פאַר וועמען זענט איר און זיי האָבן געענטפערט — פאַר „פּאַטריאַ“, (פאַרן פאָטערלאַנד), וואָס זאָלן מיר זיי טון?

איינער פון די דריי פּויערים האָט אויפגעהויבן פאַמעלעך דעם קאָפּ, געוואָלט עפּעס אַרויסרעדן — אָבער דער אַלטער גענעראַל, וואָס איז געשטאַנען ביים פענסטער אָנגעשפּאַרט מיט איין פוס

— דערשיסן! און דערנאָך וועט מען שוין אויספאָרשן!...

אָן טיש — האָט אייליק אַ זאָג געטון:

די זעלנער האָבן האַסטיק אַ נעם געטון די דריי פאַרשוין אונטער די אָרעמס און זיי אַוועקגעשלעפּט פון אונטערן פענסטער. דער קאַראַנעל האָט פאַרמאַכט דאָס פענסטער, געכאַפּט אַ זײַטיקן בליק אויף די צוויי פרעמדע געסט, אויף גילדער און בערעזין, און אין

פארלוירנקייט געגומען צו זיי רעדן, פרעגן צי זיי ווילן עפּעס ניט, צי וואָס...

— זיי נישט שעמעוודיק — האָט דער גענעראַל זיך געווענדעט צום קאָראָנעל, אַז די צוויי זאָלן אויך הערן. דאָס איז קריג, זיי זענען רעבעלן, און דאָ קען מען נישט האַנדלען מיט רחמנות. ווען זייערע כאַפּן אונז — לייגן זיי אונז אויך אַוועק ווי די הינט.

גילדער און בערעזין האָבן נישט געוווסט וואָס צו טון. זיי האָבן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ איןביידנס ריכטונג. דער גענעראַל מיטן קאָראָנעל האָבן פאַרפירט אַ געשפּרעך, דערציילט וועגן דערפאַרונגען מיט רעבעלן אין דער צייט פון דעם מאַרש פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער אַרמיי און נאָך דער דערמאָרדונג פון מאַדעראָ. דער אַלטער גענעראַל האָט דערציילט, ווי זיי זענען אַמאָל אַריין אין אַ שטאָט און גענומען געפאַנגען 10 טויזנט פאַנטשאָ־וויאיסטן; האָבן זיי אויסגעפונען, אַז זייער צייכן איז צו טראָגן פאַרקאַשערט דעם אַרבל פון דער רעכטער האַנט — און האָבן געשאָסן די אַלע, וואָס זענען געגאַנגען מיט די פאַרקאַשערטע אַרבל. שפּעטער, כדי דער ריח פון די פּגרים זאָל זיך נישט פאַנאַנדערטראָגן, האָט דער קאָמאַנדיר געהייסן באַגיסן זיי מיט בענזין און פאַרברענען. וואָס מיינסטו זיך, עס איז דאָך אומגעקומען אין די שלאַכטן פאַר דער רעוואָלוציע אַ האַלבער מיליאָן מענטשן.

בערעזין און גילדער האָבן געהערט די שטוינענדע געשיכטעס און געציטערט ווי בלעטער אין אלול. איין מיליטער־מאַן האָט דערציילט, אַז אַ געוויסער גענעראַל האָט אין 1916 פאַראָרדנט, מען זאָל אָפּהאַקן ביי די געפאַנגענע די אויערן, כדי מען זאָל זיי דערקענען שפּעטער, ווען זיי גיט זיך איין צו אַנטלויפן; זענען געווען צענדליקער טויזנטער מיט אָפּגעשניטענע אויערן.

דער קאָראָנעל האָט געפילט, אַז זיינע צוויי געסט האָבן ניט קיין הנאה פון דעם וואָס זיי הערן דאָ. עס האָט זיך געהערט אַ קאַוואַלעריי פון ביקסן טיף פון הויף. מען האָט דאָרט אויסגעפירט דעם גענעראַלס באַפעל. האָט ער זיי פאַרגעלייגט צו שיקן מיט אַ פּאַטרול איידער עס ווערט נאַכט אין דער ריכטונג פון אַן אַנדער שטאָט, וווּ עס זענען קיין אומרוען נישטאָ, און פון דאָרט וועלן זיי קענען נעמען אַ צוג קיין מעקסיקע. זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם ווי אָן אַ רעטונג. גילדער האָט פאַרגעסן איינגאַנצן אָן געשעפט זיינעם און

אָן די חובות, וואָס ער האָט דאַרט שטעקן אין שטאָט — און אזוי איז עס געשען.

---

שוין זייענדיק אין מעקסיקע האָבן זיי געהערט, אַז דער אויפ־שטאַנד איז אונטערדריקט געוואָרן, אָבער פאָרן צוריק אין פאַר־װאַרפענעם געגנט האָט שוין גילדער נישט געוואָלט. האָט ער זיך איינגעאָרדנט אין שטאָט, בעת בערעזין איז אַוועק צוריק איבערן לאַנד און פאַרגעזעצט זיין האנדל.

* *
*

אין זיבן יאָר אַרום האָבן זיך די חברים באַגעגנט אין דער הויפּט־שטאָט. בערעזין האָט קומענדיק געטראָפן גילדערן און מעקסן, די איינציקע צוויי פריינט, וואָס ער האָט געהאַט. מיט זיי האָט ער זיך אויפגענומען, אויסדערציילט פון זיין וואַנדער־לעבן, פאַרטרויט זיי וועגן די פּאָר פּעזעס, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט, און זיך באַ־ראַטן צו וואָס זיך צו נעמען. ער האָט געהאַט פּלענער צו ברענגען אהער זיין מאַמע, התונה צו האָבן, און וועגן דעם האָט ער אָפּט גע־רעדט מיט זיינע חברים.

אזוי זענען אַוועק לאַנגע וואָכן. כמעט יעדן אָוונט האָבן זיך אַלע דריי באַגעגנט. בערעזין האָט דערווייל צוגעהאַנדלט מיט צופעל־ליקע זאַכן. ער האָט זיך אַריינגעצויגן ביי דער אַלטער פרוי אין אַ צימער און קומען פּלעגט ער נאָר איבערנעכטיקן. אין יענעם אָוונט האָבן גילדער און בערעזין זיך געטראָפן ביים ערשטן אין געשעפט. זיי זענען אַרויס צוזאַמען נאָכן צומאַכן און געטראָפן מעקסן זיי אַנטקעגנגיין. זענען אַלע דריי חברים אַריין אין אַ קאַפע־הויז. מען איז געזעסן און געטרונקען קאַווע, געשמועסט, דערמאָנט זיך אָן איבערלעבונגען פון לעצטע יאָרן. מעקס, וואָס האָט דורכגעמאַכט זיין אויסגרינען זיך ביים רייכן פעטער אין טאַמפּיקאָ האָט מיט נייגערי־קייט אויסגעהערט, וואָס די חברים האָבן דערציילט. די דערינערונ־גען זענען געווען אַנגענעם, ביידע חברים האָבן מיט הנאה זיך דערמאָנט די און יענע פרטים פון די ערשטע יאָרן; די איבערלע־

בונגען, די צווייפלען, האפנונג און פארביטערונג. עס איז געווארן שפעט — און מען האט זיך געזעגנט און אוועק יעדער אין זיין ריכטונג.

בערעזין איז צוגעגאנגען צום ראָג-גאַס און זיך אפגעשטעלט ווארטן אויף א טראמוואי. די גאַס איז געווען שטיל, האלבנאכטיק. קיין מענטשן האט מען שוין פארבייגיין נישט געזען. ווינטיק איז געווען די לופט, פיל שטערנדיק דער הימל. א האלב־רונדיקע לבנה איז געפלאָסן אין מיטן און געוווּנקען, געטונקען זיך אין העלן וואל־קען־חלל. קיין טראמוואי האט זיך נישט באוויזן — בערעזין האט זיך פארקוקט אויפן הימל, אויף דער לבנה, ער איז געווארן טרוימע־ריש און געבליקט פארגאפט; די זעלבע לבנה — האט ער געטראכט — שווימט איצט איבער יענעם הימל, וואס באדעקט מיין מאמעס שטעטעלע; אפשר קוקט זי איצט אויך אויף דער לבנה פון פענס־טער ארויס און טראכט וועגן מיר...

* *
*

... ער האט דערפילט א טיפן שטאך אין הארצן און עס האט אים א בליץ געטון פאר די אויגן. געדוכט האט זיך אים, אז ער האט געהערט א שאָסן־קנאל. האט ער זיך א כאפ געטון ביים הארץ, א ווארף געטון מיט די אויגן הין און צוריק — און איז אנידערגע־פאלן ווי א שטיין אויפן אספאלט.

אויף דער צווייטער זייט גאס זענען מיט שנעלע טריט אוועק דריי יונגען, קוקנדיק אויף הינטער זיך און כאכאטשענדיק; ער איז טויט... גוט געטראפן... האסט א ריכטיקן פריצעל...

דאס האט זיך זיי פארגלוסט צו זען, צי דער חבר זייערער, וואס האט געקויפט א נייע פיסטאלע קען שיסן. האבן זיי זיך געריי‍צט מיט אים, געטשעפעט, און ער האט ארויסגעצויגן דעם רעוואל־ווער, אנגעשטעלט אים אנטקעגן דעם פארטראכטן צום הימל מענ־טשען פון יענער זייט גאס, וואס איז געשטאנען און געווארט אויף א טראמוואי — און... ער האט געטראפן.

ווען מען האט בערעזין א צום טויט־פארוווּנדעטן געבראכט אין שפיטאל איז ער געווען האלב־באוווסטלאז. בלויז דעם נאמען

פון דער אַלטער פרוי און איר אדרעס האָט מען פון אים נאָך גע־קענט אַרויסקריגן. יעדע רעטונג איז געווען אוממעגלעך. די קויל האָט אים דורכגעלעכערט דאָס האַרץ און ער איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט.

עלנט ווי ער איז געווען בערעזין — זענען נאָך זיין אָרון נאָכ־געפאָרן זיינע איינציקע צוויי פריינט מעקס און גילדין. די אַלטע פרוי האָט אַנשטאָט דער מאַמען באַוויינט דעם קוואַרטיראַנט אירן.

— אַזאַ שטילער איז ער געווען — און אַזאַ גוטער — האָט זי געכליפּעט; וואָס פאַר אַ ווונד אין האַרצן דער מאַמען. עטלעכע יידן זענען געשטאַנען צוזאַמען מיט די דריי נאָענטע באַגלייטער פון בערעזינען ביי זיין קבורה. אַ פרוי האָט געחלשט הערנדיק וועמענס לויה עס איז. אויפן בית־החיים האָט געוויייעט מיט מער אומעט און טרויער ווי שטענדיק. דער קברות־מאַן האָט געזאָגט קדיש און האָט נישט געוווסט ווי עס איז געווען דער נאָמען פון בערעזינס פאָ־טער. מען האָט פאַרשאָטן דעם קבר — אַריינגעשטעקט אַ ברעטל אין דעם פריש־צעגראָבענעם זאַמד און אָנגעשריבן מיט קרייט דעם נאָמען פון דעם אומגעקומענעם.

* *
*

אַלע זענען שטיל אַרויס פון אייביקן אָרט. מעקס און גילדין האָבן געהאַט פאַרשטיקטע העלדזער. די אַלטע פרוי האָט נאָך אַלץ געכליפּעט און ווי צו זיך אַליין גערעדט:

— ערגיץ זיצט אַ מאַמע און וואַרט אויף אַ בריוו — נאָר זי וועט זיך שוין נישט דערוואַרטן...

# נאַטור - ווונדער

— פּועבלאַ איז אַ שיינע שטאָט — זאָגט מען אייך איידער איר פאָרט אַהין — און דער וועג קיין פּועבלאַ איז גאָר אַ פאַרכאַפּנדער, איר וועט זען עס וועט אייך געפעלן, עס איז זייער געשלענגלט, און צווישן בערג, אַ וווּנדער צו קוקן.

האָב איך זיך אין אויטאָ, ספּעציעל געזעצט ביים פענסטער, און צוגעגרייט זיך מיט שאַרפע, אויסגעשלאָפענע אויגן אָנצוקוקן די ווונדער פון דער נאַטור, לאָמיר טאַקע זאָגן — גאָטס ווונדער — און, פון מענטשלעכער מי.

אויפן פערטן צענדליק קילאָמעטער הויבט זיך עס אָן. דער מאָ־טאָר פון אויטאָ־פּולמאַן הויבט אָן צו קרעכצן און די רעדער נעמען זיך שלעפּן פּאַמעלעך; באַרגיק ווערט דער וועג מיט יעדן שפּאַן און שווערער איז אַפילו פאַר דער מאַשין זיך צו דראַפּען אויפן באַרג.

דער שאָפער, וואָס פאָרט אויף דער ליניע און איז איצט דער רעדל פירער פון „מיין" אויטאָ, איז אַ מאַן מיט שאַרפע שטריכן אויפן פּנים. מיר געפעלט די פעסטקייט פון זיין געבוי און פון זיין האַלטונג, די זיכערקייט מיט וועלכער ער קערעוועט דעם רודער און איך באַקום צוטרוי צו זיינע פעיאיקייטן; אָפּגעוועגדעט די אויגן פון דעם מאַן, וואָס פירט די עטלעכע און צוואַנציק מענטשן אויף זיין אחריות — נעם איך זיך באַקוקן די אויסטערלישקייט פון דעם וועג.

פאַר די אויגן באַווייזט זיך אַ ערלעכע ווונדערשיינע פּאַנאָראַ־מע; ווייט און נאָענט זענען טיפע טאָלן, עס שטאַרטשען אַרוים פון די ווייסטע טיפענישן ווילד צעוואַקסענע נאָדל־ביימער און ברייטע משופּעהדיקע קוסטעס. די וואַלקאַנס זענען נאָענט איבער די בערג

און ציען זיך איבער זיי ווי ווייסע לײַלעכער, פאַלדעווען זיך אין בלוי און קוילערן זי ווי געדיכטער רויך. —

— און האָט ציט זיך שוין די מאַשין אַ שמאָלן וועג, איינגעשניטן אין אַ הויכער בארג וואַנט, וואָס איז אויסגעהאַקט און אויסגעהאַמערט געוואָרן פאַר אַ טראַקט; די וואַנט איז גלייך און געלבלעך זאַמדיק, און איך קוק איר נאָר אָן אַ ווײַלע פון נייגעריקייט; דער אַפּענער זייט פונעם וועג שלעפּט די אויגן צו זיך און רופט צו קוקן אין דעם תהומיקן חלל, וואָס איז אַ פּאָר טריט פונעם אויטאָ; עס דערמאָנט נישט ווילנדיק אָן דער געפאַר אויף וועלכער די רייזע איז אויסגעשטעלט ביי דער מינדעסטער אומפּאַרזיכטיקייט פון דעם מאַן ביים רודער.

עס הויבט זיך אָן דער געשלענגעלטער וועג; די וואַלדיקע טאָלן זענען דאָ געדרייט קרום און קרומער און דער טראַקט פירט זיי נאָך דער רונד און רונדיקער ליניע, וואָס פאַרנעמט זיך שאַרף קאַנטיק דאָ רעכטס און דאָ לינקס; דער מאַן ביים רודער זיצט איינגעפּעסטיקט און אָנגעשטריינגט, קערעוועט פּרעציז אַהער און אַהין און דער אויטאָ לויפט אַט אַ אויפן ראַנד פון יממיקן וואַלד, ווו עס צווישטשערן די ווילדע בוימער בלעטער ווי אומבאַקאַנטע פייגל; דער ווינט ברומט און פייפט און די וואָלקנס פונוויטן גלייכן זיך אויס מיט דער ערד, מישן זיך צענויף און פאַרוויקלען הימל און ערד אין איין ווייסקייט, וואָס פאַרבלענדט די ראיה.

איך כאַפּ אַ קוק אויפן וועג דורכן פענסטער פאַרן שאָפער און זע ווי שמאָל און געדרייט ער איז; אַנטקעגן לויפט אָן אַ צווייטע מאַשין און ביידע פאַרפאָרן אַזוי נאָענט איינער ביים אַנדערן ווי זיי וואָלטן זיך אָנגערירט און באַגריסט מיט אַ האַנט דרוק; עס ווערט אַ סעקונדע קאַלט אין אַלע אברים פון, דער פאַר אַלע מיטפאָרער, געוויינלעכער באַגעגעניש — און איך כאַפּ זיך, אַז איך בין דער איינציקער „טשודאַק" אין פולן אויטאָ, וואָס קוקט אַרויס דורכן פענסטער אויף די טיפע שוואַרצע טאָלן און ווייסע וואָלקנס, און וואָס האָט אין זינען דעם צאַפּ־געדרייטן וועג...

עס איז בלוי געוואָרן דער נאַכטיקער הימל, ווען מיר זענען צור־

ריקגעפאָרן; רויט פינקלדיקע שטערן זענען געהאנגען איבערן קאָפּ און ווען דער אויטאָ איז געקומען אויף צוריקוועגס צו די בייגל גע־דרייטע וועגן, צווישן בארג און טאָל, האָט זיך אַ מיידל צוגעזעצט צום שאָפער און דוקא איצט מיט אים געפירט אַ הייסן געשפרעך... עס איז געווען קאנטיק, אַז זיי קריגן זיך נישט, אַז זיי שושקען זיך אין די אויערן זיסע ווערטער און זיי ווילן אדורכקומען... די לייכטע פּראָטעסטן פון אַ פּאָר מיטפאָרער האָבן קנאַפּ וואָס געווירקט, דאָס פּאָרל האָט געשמועסט און דער שאָפער האָט פון צייט צו צייט דאָך געמוזט אַ קוק טון אין די שווארץ קוילנדיקע אויגן פון דער בחורטע...

האָב איך אַרויסגעקוקט פון פענסטער; טונקל איז געווען אין תהומיקן וואלד און אַ קעלט האָט פון אים געיאָגט. די ליכטער פון אויטאָ האָבן פון צייט צו צייט געוואָרפן אַ העלן פּאַס שיין איבערן אָפּגרונט, און עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס קוקן פון אים ארויס פאנטאסטישע פיגורן אין ווייסן געקליידעט.

— אַ גוטע נאכט — האָב איך געווונטשן דעם שאָפער און זיין בארעדעווודיקער באגלייטערין, ווען איך האָב זיך ארויסגעריקט פון אויטאָ, און מיט האסטיקע טריט זיך געלאָזט גיין אַהיים אויף גלייכן באָדן...



# שמאי דער גרינער...

(אַ פּעקל בריוו פון אַ גרינעם צו זיין ווייב אין ביטרישטשע
און אירע ענטפערס צו אים אין מעקסיקע).

צו מיין טייערער פלונית שרה־ברײַנדל אין ביטרישטשע, לעבן זאָל, אויף יענער זייט ים.

ערשטנס קאָן איך דיר שרייבן, אַז איך בין אָנגעקומען אין דער מדינה מעקסיקע אינגאַנצן געזונט און מיט אַלע פּעקלעך, דאָס זעלבע פון דיר צו הערן. צווייטנס קאָן איך דיר שרייבן, אַז דעם פעטער נח האָב איך געטראָפן אויך אַ געזונטן, מיט דער גאַנצער משפחה זיינער. איך וועל דיר נאָך מירצעשעם וועגן זיי אויסשרייבן באַריכות אין די ווייטערדיקע בריוו, וועלכע איך וועל דיר מיטן אויבערשטענס הילף און מיט דער הילף פון דער פּאָטשט שיקן יעדע וואָך.

דריטנס קאָן איך דיר שרייבן, אַז דער וועג איז מיר דורכגעגאַנגען אָן עין־הרע זייער גוט. די שיף האָט זיך נישט דערטרונקען און מיר זענען דערפאָרן גאַנצע צום פּאָרט, ווי די קענסט עס פאַרשטיין פון מיין בריוו, וועלכער איז דאָך געשריבן מיט מיין אייגענער האַנטשריפט. איך האָב אַפילו אויפן וועג אַביסל געבראָכן אין ים אַריין, אָבער פון די ברעגעס איז דעם ים נישט אַרויס, ווייל איך האָב געגעסן זייער ווייניק. דו ווייסט דאָך שרה־ברײַנדעלע, אַז אויפן שיף קאָרמעט מען די פּאַסאַזשירן מיט טרפות. נו, וועט דאָך דיין שמאי נישט גיין זיך מטמא זיין, בפרט נאָך, אַז מען פאָרט אויף אַזאַ געפערלעכן וועג, וואָס מען דאַרף דאַנקען דעם בורא יעדער מינוט, אַז עס גייט אַלץ גלאַטיק איבערן שטורעמדיקן וואַסער. בין איך אָפּגע־

קומען דעם גאנצן וועג מיט אייער און אַ בולקע און פאַרטרונקען מיט אַ גלאָז טיי.

שרה־ברײַנדל — איך האָב נישט קיין כוח דיר אויסצושרייבן דעם כוח פון ים. איך זאָג דיר, דאָס וואסער האָט אזוי שטאַרק גע־טראָגן אונזער שיף, אַז עס איז נאָר אַ וווּנדער וואָס דער וועג האָט אזוי לאַנג געדויערט. איך בין דיר איצט נישט אימשטאַנד אויסצו־שרייבן אַלע פּרטים פון מיין ים־רייזע, ווייל איך בין נאָך נישט אויס־געדוּט פון וועג און אגב וועט עס מיר בלייבן אין זכרון מיין גאנץ לעבן און איך וועל די ים־איבערלעבענישן האָבן צו דערציילן אויף יאָרן און יאָרן.

נאָר איינמאָל ביינאַכט — האָבן די באַדינערס אונז אויפגעוועקט פון שלאָף און האָבן עפּעס געשריען אויף זייער לשון, געמאַכט מיט די הענט און עס איז געוואָרן אַ גרויסער ליאַרם. פּלוצלונג איך זע, דער עולם כאַפּט פון די פּאָליצעס די גומענע גאַרטלען און מען וויקלט זיך ארום אין גרויס בהלה און אַלע לויפן אין דער הויך אויפן דעק.

שרה־ברײַנדעלע, עס האָט זיך מיר אָפּגעריסן אין האַרצן, אַז איך בין געבליבן אָן לשון. עמיצער האָט מיר אויך אָנגעטון אַ גאַרטל און ארויפגעשלעפּט אויפן דעק. די מענטשן זענען געשטאַנען דער־שראָקענע און צעטומלטע. די שיף האָט זיך געוואַקלט ווי אַנטאָן דער שיכור פון ביטרישטשע און איך האָב געמיינט שוין! עס איז עק וועלט. איך האָב אָנגעהויבן זאָגן ווידוי און בין שיר נישט אַראָפּ פון זינען פון געדאַנק, אַז מען דאַרף שפּרינגען אין ים אַריין און גאָט ווייס צי איך וועל שוין אַמאָל זען מיין ווייב און קינדערלעך...

האָט גאָט געהאָלפן און עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז עס איז גאָרנישט; דאָס איז מער נישט געווען אַ פּראָבע־אַליאַרם, דאָס הייסט, מען האָט געלערנט דעם עולם, אַז טאָמער חלילה ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָלן זיי וויסן ווי אָנצוטון די גאַרטלען. איך זאָג דיר, האַרצעלע מיינע, אַז דאָס האָט נאָר מיין זיידע דער צדיק זאָל אים ליכטיק זיין אין גן-עדן, זיך געמיט פאַר מיר. איך בין אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. נישקשה, עס איז דאָ אַ גרויסער גאָט אין הימל — איך בין ניצול געוואָרן פון אַראָפּגיין אין שאול-תחתיה, אין אָפּ־גרונט אריין.

אוי, וואָס איך האָב שוין געהאַט אָפּגעזאָגט ווידוי? איז מילא, וועל איך פאַרשפּאָרן זאָגן איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר.

ביים שיף, אישתי היקרה, האָט מיך אָפּגעוואַרט דער פעטער נח. אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ בוקעט בלומען און אויסגעסטרויעט איז ער געווען אין עסיק און אין האָניק. נאָך דעם זעלבן טאָג זענען מיר אוועקגעפאָרן מיט דער באַן אין מעקסיקאָ אַריין און זענען אָנגעקומען ווי דו זעסט אהער נעכטן באַגינען. מילא, וואָס איך האָב געטראָפן ביים פעטער נח פאַר אַ שטוב, און ווי ער זעט אויס מיט דעם ווייב און קינדער זיינע זאָלן געזונט זיין — קאָן איך דיר גאָר־נישט אויסשרייבן איצט. פון באַן זענען מיר געפאָרן אין אַ גלאַנציקן אוטאָמאָביל. דער פעטער נח האָט אַליין געדרייט דאָס רעדל און עס האָט זיך גאָרנישט געטרייסלט. משמעות די גאַסן זענען דאָ אָן שטיינער. איך האָב נאָך נישט געזען. אַ צווייטן מאָל וועל איך דיר אַלץ אויסשרייבן.

דער אוטאָמאָביל, זאָגט דער פעטער נח, איז זיינער אן אייגע־נער און די שטוב ווו ער וווינט אויך. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דיר און אויף די קינדערלעך, און נאָכדעם ווי מיר האָבן אָפּגעגעסן אַ מלכותדיקן עסן — האָבן זיי מיר געמאַכט אַ וואַנע און געלייגט שלאָפן. איך בין איצט אויפגעשטאַנען און ווייס נאָך גאָרנישט אויף וואָסער וועלט איך בין.

מאָרגן איז שבת און דער פעטער נח האָט מיר געזאָגט, אַז דאָ איז פאַראַן אַ שול „נדחי ישראל", ווו איך וועל צונויף קומען צום מנין. היינט וועל איך טאַקע גיין אין שול און איך וועל בענטשן גומל, אַז דער אויבערשטער האָט שוין יאָ געהאָלפן און מען איז איבערגע־קומען בשלום די רייזע איבערן ים.

אויפן גאַס בין איך נאָך נישט געווען. נאָר דורכן פענסטער זע איך, אַז מעקסיקאָ מוז זיין אַ גרויס שטעטל. איבערן גאַס פאָרן געלע באַנען און עס לויפן האַסטיק קליינע שוואַרצע אוטאָמאָבילטשיקעס. דאָ קאָנען אפשר אַריינגיין צען בימרושטשעס.

דערווייל מיין טייערע שרה־בריינדעלע, זיי מיר געזונט, קוש די קינדערלעך אין קעפּל אַריין און לאָז גריסן פון מיר דער גאַנצער פאַמיליע, אַלע באַקאַנטע און דאָס גאַנצע שטעטל. איך וועל דיר

קרוין מיינער, שיקן יעדע וואָך אַ בריוו און שרייב מיר דו אויך. איך זע, אַז איך וועל דיר האָבן פיל צו שרייבן וועגן מעקסיקע און דו וועסט פון מיינע בריוו הנאה האָבן. דערווייל ענדיק איך און ווינטש דיר אַלדאָס גוטעס. דער אויבערשטער זאָל דיר מיט די קינדערלעך באַשיצן און באַשירעמען דאָרטן און מיר דאָ און כל־ישראל אומעטום.

— פון מיר דיין געטרייען מאַן שמאי.

* * *

צו מיין אויסגעביינקטער שרה־ברײַנדל לעבן זאָל מיט די קינדער ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר.

איך בין ברוך־השם געזונט אַזוי ווי אין פּאַריקן בריוו און ווינטש דיר אויך דאָס אייגענע נאָך מיט מער שטאַרקייט.

ראשית־כל וויל איך דיר הונדערט מיט איין מאָל איבערבעטן, וואָס איך האָב דיר גלייך נאָך מיין ערשטן בריוו אַ וואָכן דריי נישט געשריבן. איך האָב נאָך חלילה אָן דיר נישט פאַרגעסן און איך געדענק דיר מיט די קינדערלעך אַזוי ווי איך וואָלט אייך איצט געזען פאַר די אויגן. מיר דוכט זיך, אַז איך הער ווי דו רעדסט, ווי דו שיקסט מיך אין דער ערד אַריין, ווי דו שרייסט — שלימזל מיינער און ווי עס פליט מיר אַ קאָכלעפל אין קאָפּ. ניין, איך האָב דיך חלילה נישט פאַרגעסן...

איי וועסטו דאָך פרעגן, ווי דיין געוווינהייט איז, אַ קשיא: פאַרוואָס האָב איך דיר פאַרט נישט געשריבן? איז דער תירוץ: עס איז געווען פינסטער. נאָר הער מיך אויס מיט קאָפּ וועסטו אפשר פאַרשטיין.

אָט אַזוי ווי איך בין געקומען אויף דער צווייטער וואָך האָבן זיך די אַרבעטאָרער וואָס מאַכן לעקטערי מישב געווען און האָבן געמאַכט אַ זאַבאַסטאָווקע. אין גאַנצן שטאָט איז געוואָרן פינסטער און אַזוי ווי דאָ איז דאָך אַלץ איינס ווי אין אַמעריקע, דאָ גייט אַלץ

פֿאַ לעקטעריטשעסקי — איז אַלץ געבליבן שטיין אויף אַן אָרט אַפֿילו דעם פֿעטער נחס פֿאַבריק אויך.

מיך האָט די פֿינסטערניש נישט געאַרט. ווייל ביי אונז אין ביס־טרישטשע איז נאָך קיין מאָל אַזוי ליכטיק נישט געווען ווי דאָ אין דער פֿינסטערניש; נאָר די מענטשן פֿון דאַנען און אויך אחינו בני ישראל האָבן געקלאָגט מיט ביטערע טרערן, באַשער עס איז נישט געווען קיין לעקטרי. אַזוי זענען זיי געוווינט געוואָרן.

קורץ דערפֿון, שרה ברײַנדל, אין דער פֿינסטער האָב איך דיר ניט געקאָנט שרייבן און איצט, אַז סאיז שוין מיטן אויסבערשטנס הילף צוריק ליכטיק, שרייב איך דיר אַ בריוול און זיי נישט חס-ושלום ברוגז, איך וועל דיר מירצעשעם שרייבן אַלע צוויי וואָכן.

שרה ברײַנדעלע — דאָ איז אַ טריפֿהנע לאַנד. ווען איך האָב אויף אַ שיפֿס־קאַרטע וואָלט איך באַלד געקומען צוריק. ווי איז צו שמאַי ביטרישטשער, אַז ער דאַרף עס זען מיט די אויגן. שטעל זיך פֿאָר, אַז אום שבת האַלטן אחינו בני ישראל אָפֿן די קראָמען און זונטיק איז ביי זיי דער טאָג פֿון מנוחה. זאָל מיר דער וואָס אין הימל נישט שטראָפֿן פֿאַר די רייד, נאָר מיר דוכט זיך, אַז איך האָב געזען דעם פֿעטער נחס קינדער עסן בשר־קוויטש. איך האָב געפֿרעגט ביי זיי וואָס דאָס איז? האָבן זיי געזאָגט: כאַמאַן. מיר האָט זיך דאָס אויס־געוויזן ווי יענע חזיר־פֿלייש (פֿו, פֿו,) וואָס פֿלעגט ליגן ביים גויאישן קאַלבאַסניק אין פֿענסטער ביי אונז אויפֿן גאַס. נאָר אַז זיי זאָגן כאַ־מאָן — מסתמא ווייסן זיי. מיר האָבן זיי אויך געוואָלט מכבד זיין מיט אַ פֿעניצל, אָבער פֿון אָפּגעהיטקייט, ביז איך ווייס נישט צי דאָס איז כשר, האָב איך געזאָגט, אַז איך עס נישט קיין פֿעטע זאַכן.

אָבער דאָס איז נאָך, מיין טייערע גאָרנישט. איך האָב מורא, מיין זיווג, אַז ביי דער מומע גיטלען איז די קיך אויך אַ טריפֿה. אַלע געפֿעסן שטייען צוזאַמען און די שיקסע קאָכט. קיין פֿייער לייגט מען נישט, נאָר מען שטופּט אַריין אַ קנעפּל אין וואַנט און דאָס אויוועלע ווערט רויט ווי פֿייער. דאָס מוז אויך זיין אויף לעקטרי, איך שעם זיך צו פֿרעגן, זיי זאָלן פֿון מיר נישט לאַכן. קיין זאַלץ־קאַשיק זעט מען נישט אין קיך; די געקווילעטע עופֿות וואָס מען ברענגט, זענען אָן פֿלאַמבעס, גאָט ווייס צי זיי זענען כשר, — נאָר געשמאַק זענען זיי.

אין בעסמעדרעש האָט מען מיר דאָ צוגענומען ווי אַן אבן־טוב.

איך זיץ ביים דאַווענען ביים מזרח־וואַנט, אויבן אָן. מגיט מיר די בעסטע עליות. אַז די יידן האָבן דערהערט, אַז איך בין אַ לוי — איז ביי זיי געוואָרן אַ גרויסע שמחה. ביז מיר איז קיין לוי נישט געווען און די צווייטע עליה האָט מען געמוזט געבן אַ פּשוטן ישראל. איצט, אַז איך בין געקומען גיט מען מיר די ערשטע צוויי עליות, כהן און לוי, ווייל קיין כהן איז אויך נישטאָ. אויסער דעם האָב איך נאָך הגבה אויך, ווייל פון גאַנצן מנין ווייס קיינער נישט ווי מען מאַכט צורעכט די הייליקייט נאָכן לייענען...

נאָכן דאַווענען מאַכן מיר אַלע שבת אַ סעודה, מען טיילט שטיקלעך היימישע קישקע און סטרודל און מען זינגט צו אַ זמרל. איך זאָג תורה־ווערטלעך און דער עולם שטייט מיט אָפענע מיילער און הערט זיך איין. צי זיי פאַרשטייען — ווייס איך נישט.

אנומלט זונטיק בין איך מיטן פעטער נח געפאָרן אין זיין אווטאָמאָביל־טשיק. עס איז געפלויגן סכנות־נפשות און עס האָט זיך גאָרנישט געהאַצקעט. דער פעטער האָט מיר אריינגענומען צו אים אין געשעפט און ער זאָגט, אַז איך וועל ביי אים ווערן דער סאַמע אופראוולאיושטשי. אַ מלאכה, זאָגט ער, פּאַסט דאָ נישט צו טון, ווייל פון אַזעלכן האַלט מען דאָ נישט. דאָ דאַרף מען גיין אין ביזנעס. איך פאָלג אים אַלץ, דעם פעטער, וואָס ער הייסט מיר און איך האָף, אַז פריער דער רבונו של עולם און נאכער דער פעטער נח. וועלן מיר העלפן זיך ארויפצוארבעטן און ווערן אַ שטיקל מענטש.

איך פאַרענדיק מיין שרייבן און ווינטש דיר, מיין איינציקע ווייב, אַז דער בריוו זאָל דיר טרעפן אין בעסטן געזונט מיט די קינדער און מיט אַלע גוטע פריינט און כל־ישראל. שרייב מיר אַ תשובה, וואָס איר מאַכט און לאָמיר בעטן דעם, וואָס אין הימל, אַז עס זאָל אונז גוט זיין אויף דער ערד און מיר זאָלן אויפגעפירט ווערן צוזאַמען, ווי אין פּסוק שטייט: לא טוב להיות האדם לבדו... אַ מענטשן איז נישט גוט צו זיין אַליין, בפרט נאָך אַ יידן.

זיי מיר דערווייליע געזונט און פאַרגעס מיר נישט, מאַנישעם גלייך צו שרייבן, אַזוי ווי עס טוט

דיין שמאי.

* *
*

צו מיין ליבן און עוויגן באשערטן, דעם טאטן פון מיינע קינ־דערלעך שמאי, זאל זיין געזונט און לעבן מיט מיר אין איינעמען:

איך האב נעכטן דערהאלטן דיין געשריפטס און די הענט האבן מיר געציטערט ווי א בלאט אין אלול ביים אויפרייסן דעם קאנווערט.

שטעל זיך פאר שמאי־לעבן, אז די גאנצע צייט, וואס דו ביסט געפארן אויפן ים האב איך קיין נעכט נישט געשלאפן. עס האט זיך מיר רק געדוכט, אז באהיטע גאט די שיף דיינע גייט אונטער און איך האב נישט געקאנט צומאכן מיט קיין אויג.

היינט שטעל זיך פאר מיין גרויסע שמחה, ווען נעכטן דינסטיק אין א מזלדיקן טאג, האט זיך געעפנט די טיר און אויפן שוועל האט זיך באוויזן דער געשטופלטער „ראזנאשטשיק" און האט מיר דער־לאנגט א קאנווערט, אויף וועלכן איך האב באלד דערקענט דיין האנט־שריפט. אז איך האב גענומען לייענען, וואס דו שרייבסט וועגן די וואסער אין ים און וועגן דיין רייזע, האט זיך מיר געגאסן טרערן פון די אויגן און איך וויין נאך ביז איצט. דער אויבערשטער זאל מיר נישט שטראפן דערפאר.

דאס וואס דו שרייבסט מיר, אז מעקסיקע איז א גרויסע שטאט מאכט עס נישט אויס. נאר איך פארשטיי נישט, ווי איז דאס א שטאט זאל נישט האבן קיין שטיינער און קיין ברוקן? און ווי וועט זיין טאמער וועט גיין א רעגן? עס קאן דאך נאך ווערן א גרויסע בלאטע און איך האב דיר פארגעסן מיטצוגעבן די קאלאשן. האב רחמ־נות, שמאי, אויף זיך אליין און זע דו זאלסט גיין נאר אויף די גאַ־סען וואס האבן שטיינער. ווארום פון נעץ קאן מען זיך חלילה, צו־קילן....

אז איך האב שוין איבערגעלייענט אז דו ביסט אלץ אריבערגע־קומען בשלום און דו ביסט מיט א סך מזלות אנגעקומען אויף אן ארט, האב איך גלייך אוועקגעשיקט אנציינדן אין בעס־מעדרעש צוויי

ליכטלעך. דאָס וואָס דו שרייבסט מיר, אַז עס איז דאָרטן פֿאַראַן אַ
שול, וווּ צו דאַוונען בין איך גאָר נתפּעל, וואָרום דאָס איז דאָך עפּעס
אַמעריטשקע — אַ קשיא אויף זיי, קען דאָרטן אַמאָל דאָס אויך
נישט זיין. נאָר אויב עס איז שוין יאָ דאָ, טאָ גיב דאָרטן אַ פֿרעג
ביי די יידן פֿון שול, צי עס איז פֿאַראַנען אַ בית־החיים, וואָרום
מיין טאַטע זאָגט, אַז אין אַ שטאָט, וווּ עס איז נישטאָ קיין בית־
הקברות, טאָר אַ ייד נישט וווינען.

אויסער דעם בין איך נשתומם פֿון דיין באַשרייבן, סאַראַ עשי־
רות דו האָסט אָנגעטראָפֿן ביים פּעטער נח. אוי־וואַ! אַזאַ גביר איז
ער? נו, זאָג אַליין שמאַי, דאַרף מען פֿרעגן קשיות ביים רבונו של
עולם? און אין דער היים איז ער געווען אַזאַ פּראָסטער חי־יוקים
אַ באַלמעלאָכע און אַ קאַפּצעניוק אין זיבן פּאָלעס. נאָר מסתמא איז
דאָך זיין מזל אַזאַ, אפשר וועט דיר גאָט העלפֿן און דו וועסט אויך
ווערן דאָרטן אַ גביר. הלוואי. מען קען גאָרנישט וויסן.

אויב דו ביסט געוואָרן אַן אופּראַוולאַיושטשי ביים פּעטער נח,
זאָלסטו זען שלימזל מיינער גוט אַכטונג צו געבן אויף זיין געשעפֿט
און נישט פֿאַרטאַכלעווען חלילה גאָרנישט. איך האָב דיר אָבער גע־
זאָגט, אַז דו זאָלסט אַוועקפֿאָרן אין דער וועלט, האָ? דאָ אין ביט־
רימשע וואָלסטו אין טויזנט יאָר אַרום אויך קיין אופּראַוולאַיושטשי
נישט געוואָרן...

אַזוי ווי איך זע, איז דאָרטן, ביים פּעטער נח, איז פֿאַראַן אַ
וואַנע אין שטוב, וויל איך דיר פֿאַרזאָגן, דו זאָלסט זיך צו אָפֿט
נישט באָדן, וואָרום איך קאָן דאָך דיר — דו קענסט דאָך נאָך אַרויס־
גיין מיט די נאַקעטע פֿיס און קריגן חלילה אַן אינפֿלוענציע מיט אַ
הוסט. זאָלסט מיר זיין אָפּגעהיט. גלייכער וועט זיין, אַז דו וועסט
מיט די וואַנעס דיינע צוווארטן אויף מיר, ביז איך וועל מירצעשעם
קומען צופֿאָרן אַהין...

דאָס וואָס דו שרייבסט מיר, אַז מען האַלט אָפּן שבת די קראָמען
— איז טאַקע נישט גוט, אָבער וואָס אַרט עס דיר? דו האָסט דאָך
דאָרטן דערווייל נישט קיין קראָם און אויב דו וועסט אַמאָל האָבן,
וועלן מיר דינגען אַ גוי אויף שבת און ער וועט פֿאַרקויפֿן. טאָ ווי
פֿאַלט עס דיר איין, חכם מיינער, אַז צוליב דעם זאָלסטו טראַכטן
וועגן אַ שיפֿס־קאַרטע אויף צוריקצופֿאָרן. זאָלסט זיך מיר דאָס

אַרויסשלאָגן פון קאָפּ, דו הערסט! אַז איך וועל קומען אין מעקסיקע, וועל איך דאָרט אַלץ מאַכן אין אָרדנונג...

דאָס וואָס דו שרייבסט מיר ווידער, אַז ביי דער מומע גיטלען איז קען זיין די קיך נישט קיין כשרע — איז אויף איר די עבירה און דו עס זיך דערפון נישט אָפּ דאָס האַרץ. זעסטו, די געשיכטע מיטן פליישיקן עסן, וואָס די קינדער האָבן דיר געוואָלט געבן און וואָס מען רופט עס, ווי דו שרייבסט, כאַמאָן — איז מיר אַריין אין נאָז. איך בין געווען אַ בעלן און בין אַוועק צום אַפּטייקער אויף וואַרשע-ווער גאַס און געפרעגט אים, וואָס איז דאָס פאַר אַזאַ וואָרט אויף שפּאַניאָלישן לשון — כאַבאָן. האָט ער אַרויסגענומען אַ דיקן בוך פון אַ פּאָליצע און נאָך לאַנגע זוכעניש האָט ער מיר געזאָגט, אַז דאָס איז — זייף...

שמאי! גאָט איז מיט דיר. זאָלסט זיך דאָס נישט דערוועגן צו עסן. אויסער דעם וואָס זייף איז טרפות, קען מען זיך דאָך חלילה־וחס פאַרסמען דערמיט אויך...

איך גיי פאַרענדיקן מיין שרייבן ווייל איך דאַרף גיין צושטעלן וואַרימעס. אין ביטרישטשע איז קיין נייעס פאַר דער צייט נישט פאַרלאָפן. אַלע דיינע באַקאַנטע פרעגן זיך נאָך אויף דיר און איך גיב זיי אָפּ די בעסטע גריסן. די קינדער זענען געזונט און איך אויך אַזוי, און מיר ווינטשן דיר, אַז דו זאָלסט אויך זיין געזונט און מיר זאָלן דערלעבן אַלע צו זיין געזונטערהייט צוזאַמען און דערציילן אַלץ אין פריידן. שמאי, דו זאָלסט מיר שרייבן אָפטע בריוו און איך דיר אויך דאָס זעלבע. און דו זאָלסט מיר גוט אין זינען האָבן, וואָרום מיר גייסטו נישט פון זינען אַרויס ביי־טאָג און ביינאַכט.

זיי געזונט נאָכאַמאָל, ווי עס ווינטשט דיר דיין עוויגע ווייב און בעסטער פריינט —

שרה ברײנדל

---

*

* *

צו מיין ליבער און געטרייער פלונית שרה־ברײַנדל זאָל געזונט און שטאַרק זיין מיטן אויבערשטנס הילף.

שרהניו, איך האָב דערהאַלטן דיין בריוו און האָב אים געלייענט מיט ביטערע טרערן אויף אַלע זייטן. ווי נאָר איך בין געקומען אַהיים האָב איך זיך אנידערגעזעצט און האָב גענומען דעם פעטער נחם אַ פעדער, וואָס שרייבט אָן אַ טינטער, און איך זיץ איצט און שרייב דיר אַ תשובה.

אָבער, באַשערטע מיינע פון הימל, איך קען דיר איצט נישט ענטפערן אויף קיין זאַך, וואָס דו פרעגסט מיר אין דיין זיסן בריוו, ווייל איך בין זייער פאַרנומען און פאַרדרייט. ערשטנס, איז איצט סאַמע ערב ראש־השנה און איך מוז זיך מכין זיין כדבעי צו שטעלן זיך צום משפט. וואָרום וויסן זיין זאָלסטו, אַז פאַר די פּאָר חדשים, וואָס איך בין דאָ געזונט, האָב איך זיך אַרומגעזען, אַז דאָ זענען פאַראַן קנאַפּ צדיקים און אויב מען וויל אויסבעטן אַ גוט יאָר, מוז מען עס טון אַליין, נישט פאַרלאָזנדיק זיך אויף קיינעם.

איך האָב מיר טאַקע געדונגען אַ שטאָט אין סאַמע מזרח און היינט וועל איך גיין פועלן, אַז מען זאָל מיר לאָזן אַליין דאַווענען פאַרן עמוד. איך האָב אַ גרויסע משפחה, וועל איך זיי זאָגן, אַז איך קאָן זיך נישט פאַרלאָזן מיט אונזער „מי יחיה" אויף בעלי־תפילות, וואָס איך קען זיי נישט און ווייס זיי נישט...

איך האָב איינגערעדט דעם פעטער נח און ער האָט אויך גע־דונגען אַ שטאָט. ער זאָגט, אַז שוין 12 יאָר, זינט ער איז פון דער היים, איז זיין פוס נישט אַריין אין קיין מקום־קדוש — ווי איז מיר. נאָר ער וועט מיר צוליב טון און ער וועט צופאָרן ראש־השנה מיט

זיין „קאַטשע“ אויף כעסום־מאַריאַ, ווייל ער וויל מיר נישט פאַר־שאַפן קיין צער.

דער פעטער נח האָט מיר היינט אָנגעדרייט אַזאַ וואַנט־מאַשינקע מיט 5 נומערן און איך האָב גערעדט מיטן רב דורך אַ דראָט. איך האָב אים אָפּגעגעבן שלום און געפרעגט צי איז פאַראַן אַ מקוה וווּ צו נעמען טבילה און ער האָט מיר געזאָגט — אַז יאָ.

איך האָב מיט אים אָפּגערעדט, אַלץ דורכן וואַנט, אַז איך וועל קומען צו אים ערב ראש השנה אהיים און ער וועט מיך פירן אין מקוה אַריין. איך האָב מורא, אַז זינט ער איז רב בין איך דער ערשטער ייד אין דער מדינה, וואָס פרעגט זיך נאָך אויף אַ מקוה און טבילה און דערפאַר וויל ער אַליין פאַרדינען די מצוה און מיך פירן אהין...

פאַרשטייסטו דאָך מיין זיווג, אַז איך קוק איבער איצט דעם מחזור און גרייט זיך צו דאַוונען מיט גרויס כוונה, ווי שמאַי קען עס. נו, קען איך דיר איצט נעמען שרייבן אַן ענטפער אויף דיין חכמהדיקן בריוו?

אָבער שרה־לעבן, דאָס איז נאָך גאָרנישט. איך האָב אַזאַ פאַר־דרייטן קאָפּ, אַז איך שטעל די אותיות אויפן פּאַפּיר און זיי שפּרינ־גען פאַר מיינע אויגן ווי די ציגן ביי זעליג דעם גביר אין גאָרטן — אין ביטרישטשע.

דו ווייסט דאָך, אַז איך בין ביים פעטער נח געוואָרן דער גאַנ־צער מאַכער אין געשעפט. דאָ רופן זיי דאָס — כערענטע. ער טרויט אויף מיר אָן אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט, איינגנס און פרעמדס...

דאַרף זיך מאַכן אַ מעשה פאַר שבתדיקע וואָך און איינער אַ ייד האָט אָנגעצויגן דאָס שטריקל צו שטאַרק און איז געגאַנגען געבראָכן — אָט אַזוי ווי ביי אונז אַמאָל דער שטעטלשער גביר. דו געדענקסט דאָך דעם, וואָס האָט געמאַכט אַ זעץ און פאַרטאַכלעוועט געלט פון כלות און אַלמנות, קניפּלעך פון ווייבער און פראָצענטניקעס און האָט אָרים געמאַכט דאָס גאַנצע שטעטל.

איז אָט דאָ אויך געשען אַזאַ מעשה און דער פעטער נח איז אַריינגעלאָפן אין שטוב אַ צעקאָכטער מיט אַ צעשפּילעטער מאַרינאַר־קע, אַ פאַרשוויצטער און פאַרסאָפּעטער און האָט אַ זאָג געטון: שמאַי עס האַלט שמאָל. איך האָב געשריבן און זשירירט און האָב דאָרטן אַליין אויף פאָנדעס און ווער ווייס צי מען קען זיך ראַטעווען?

דעם פעטער נחס ווייב האָט עס דערהערט האָט זי שיר נישט

געחלשט און איך אליין בין אויך געוואָרן בלאַס ווי די וואַנט — אָבער באַלד האָבן מיר זיך אַלע געכאַפּט, אַז מען דאַרף זען שוין טון וואָס מקען. דער פעטער נח האָט אויסגעשריבן די טשעקס, מיר האָבן זיך אַלע דריי מיט זיי פאַרטיילט און מיר האָבן זיך געלאָזט אַהין.

מיר קומען אָן און עס איז אונז שוואַרץ געוואָרן פאַר די אויגן. שטעל זיך פאָר מיין אוצר, אַז עס איז געשטאַנען אַ „אַטשערעד" אַזוי ווי דעם ערשטן יאָר, ווען דער דייטש איז אריין צו אונז אין שטעטל. אַלע האָבן געהאַלטן אין האַנט טשעקס מיט גרויסע ציפערן און מיט אַ סך נולן. מען האָט זיך געשטופּט צום פענסטערל און געליאַרעמט, עס האָבן זיך געהערט קולות און זידלערייען, עפּעס האָט מען געשריגן, אקציעס, פאַנדעס, רעסיבעס, לעטרעס און נאָך אַזעלכע ווערטער, וואָס איך ווייס נישט וואָס מען מיינט מיט דעם, אָבער איך פאַרשטיי, אַז דאָס מוז זיין אַזעלכע געלט.

פון יענער זייט פענסטערל זענען געשטאַנען די מענטשן און האָבן נישט געוווסט וואָס צו טון. איינער האָט אַרויסגעשריגן צום עולם: וואָס האָט איר אָנגעשריבן אויף די טשעקס אַזוי פיל זעראָס? איר וועט דאָך נאָך מאַכן, אַז מער ווי צוויי זעראָס וועט קיינער נישט קריגן!...

איז דער ליאַרם געוואָרן נאָך גרעסער און עס האָט אפילו גע־האַלטן ביי פאַטשן זיך; אָבער מיר האָט מען נישט געטשעפּעט. ווייל נישט איך בין אין פאַרוואַלטונג און נישט איך האָב דאָרטן געלט און ווען נישט דער פעטער נח, וואָלט איך דאָרט מיין פוס נישט אריינגע־שטעקט. אָבער אַז דער פעטער נח שטעקט דאָרט מיטביידע פיס, בין איך דאָך אויך אין זעקל — האָב איך געמוזט שטיין.

אָבער אַנדערע יידן, גייען ארום אָן קעפּ. מען זאָגט, אַז דער עסק וועט אָפּקאָסטן שטאָט אַזוי פיל אַלפים, אַז מען וואָלט געקאָנט אויס־בויען נאָך אַ ישוב פאַרן געלט, און איינער אַ ייד האָט מיר געזאָגט, אַז מען וועט אלצאיינס מוזן אָנהויבן בויען דעם ישוב פונדאָסניי, וואָרום ביז איצט האָט מען עס געבויט אויף שטרוי און סשטייט אַלץ אויף הינערישע פיסלעך...

נו, פרעג איך דיר, זאָג אַליין — קאָן איך דיר אין אַזאַ סומאַ־טאָכע גיין ענטפערן אויף דיין בריוו, וואָרט ביי וואָרט, ווען דאָ איז אַזאַ בהלה און עס איז פונקט ערב ראש־השנה. איך לויף שוין צום רב און מיר וועלן גיין נעמען טבילה. דאַרפן וואָלטן גדאַרפט איצט גיין

צו טבילה אַ סך יידן, ווארום מען שטעקט דאָ אזוי אין זינד, ווערליק איך הער, אַז גאָט זאָל שומר־ומציל זיין. נאָר, איך האָף, אַז מען וועט זיך נאָך גוט טובלען...

בינו לבינו פאַרענדיק איך מיין שרייבן און איך זאָג דיר צו, גלייך נאָך יום־טוב צו שרייבן ווידער און שיקן דורך דער לופטן דעם בריוו. דער פעטער נח זאָגט, אַז ער ווייס ווי מען קען שיקן בריוו דורך דער לופטן. דו שפּילסט זיך מיט מעקסיקע — וואָס דאָ קאָן מען אַלץ מאַכן פאַר אַ לופט זאַכן?...

טאָ גריס זשע מיר אַלעמען און זיי מיט די קינדער געזונט ביז איבער אַ יאָר — און נאָכער וועל איך דיר ווייטער ווינטשן.

דיין שמאי.

---

* *

*

טייערער שמאי, געזונט זאָלסטו זיין אזוי לאַנג ווי ווייס דו ביסט פון מיר.

דיינע בריוו האָב איך דערהאַלטן און עס הויבט מיר נאָרנישט אָן צו געפעלן. ערשטנס געפעלט מיר נישט, וואָס דאָרטן אין דיין מדינה קומען פאַר אַזעלכע זאַכן ווי ביי אונז מיטן שטעטלדיקן נגיד. וואָס פאַר אַ גבירים זענען עס דאָרטן אין דיין מעקסיקע, אַז איבער נאַכט ווערן זיי אויס קאַנע־גיסער און בלייבן שטיין אזוי ווי די מאַ־מע האָט זיי געהאַט. זע נאָר דאָרטן, אַז מיטן פעטער נח און מיט זיין עשירות וואָס דו האָסט מיר באַשריבן, זאָל זיך אויך נישט אויס־לאָזן די זעלבע מעשה און דו זאָלסט נישט בלייבן אויס „אופראַוור־לאַיושטשי" חלילה.

וואָס עס געפעלט מיר יאָ — איז דאָס, וואָס דו האָסט אויסגע־

פונען, אז עס איז דאָרטן דאָ אַ גוטער אָרט איבער הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, הלוואי זאָל מען נישט דאַרפן.

איצט וועסטו מיר טויזנט מאָל מוחל זיין וואָס איך וועל דיר פרעגן אַ נאַרישע קשיא. איך בין דאָך נישט מער ווי אַ יידענע. עפּעס געפעלט מיר נישט וואָס דער פעטער נח האָט דיר, חכם מיינער, גע־מאַכט פאַר אַ פראַוויטעל פון זיינע געשעפטן. ווייל איך גיי מיר מיט מיין געדאַנק. איז דער פעטער נח אַ רייכער מאַן און האָט אַ סך געלט? — דאַרף ער דאָך האָבן שכל אויך; טאָ ווי קומט עס, וואָס ער האָט דיר דווקא אויסגעקליבן אָנצופירן מיט זיין עשירות? קיין גרעסערן אָנפירער ווי דו האָט ער שוין נישט געפונען דאָרטן? האַ?

אויב ווידער ער האָט דיר יאָ געמאַכט פאַרן גאַנצן קנאַקער? וואָס איך בין דיר מחויב צו גלויבן, ווייל דו שיקסט דאָך מיר צו די פאַר־דינטע דאָלאַרטשיקעס — איז מסתמא האַלט עס מיט זיינע געשעפ־טן שמאָל און ער וויל אַלץ אַרויפוואַרפן אויף דיר...

ווײַלע וואָס האָט ער דיר עפּעס מיטגענומען אַרויסצוכאַפּן טשעקס ווען סאיז געוואָרן דאָרטן ביי אייך אַ בהלה? און וואָס עפּעס פירט ער דיר אַרום, ווי דו שרייבסט, אין אַן אָטאָמאָביל איבער די גאַסן? ער וויל מסתמא, אַז אַלע זאָלן דיך זען, מען זאָל מיינען, אַז די ביסט אַ שותף זיינער און נאָכער ווען ער וועט געבן אַ זעץ — וועט ער זאָגן, אַז דאָס איז נישט ער, נאָר דו?...

דו זעסט שמאי, אַז איך פאַרשטיי זיך אויף אַ זאַך אפילו פון דערווייטנס? דעריבער זאָלסטו מיר דאָרטן אַזוי גוט זיין און זען וואָס דו האָסט צו טון. דו מיט קיין טשעקס און אונטערשרייבעכץ דוק זיך נישט, וואָרום מיין טאַטע זאָגט, אַז מען האָט דערפון, אַזוי צי אַזוי, נאָר צרות. און טאָמער וועסטו זען, אַז דער פעטער נח האַלט ביים מאַכן אַ טראַסק, זאָלסטו אים אַזוי גוט זיין און זאָגן: האַ גנבא והאַ טראַסקאַ... דאָס הייסט, כמיין, אַז דו ווילסט אויך נישט אַרויסגיין טרוקן פון דער זאַך. און אויב ער וועט דיר וועלן פירן אין באַד אַריין — זאָלסטו זיך נישט לאָזן. ער איז דאָך נישט קיין פרעזידענט, איז ער...

זאָלסט וויסן זיין שמאי, וואָס איך פאַרזאָג דיר און זע ווו דו ביסט אין דער וועלט. דאָס איז אפילו נישט איינגאַנצן על פי דין און על פי יושר צי וועלן געניסן פון אַזאַ עסק, נאָר ביי אייך דאָרטן,

ווערליק איך פארשטיי, האלט מען קנאפ וואס פון דינים און פון יושר און אגב, האסטו דאך עפעס א ווייב מיט קינדער — און וואס טוט נישט א ייד פאר א ווייב?.

איך האב שוין אנגעגרייט האלץ מיט קארטאפל און פארענדיק מיין שרייבן. אלע זענען געזונט און לאזן דיר גריסן. די קינדער קוש־ען דיר. שיק מיר צו מער געלט איך זאל זיי קענען מאכן מאנטע־לעך אויף ווינטער. גיב אכטונג אויף דיין לעבן, ווארום די קינדער דארפן א טאטן, איך דארף דיר נישט — שרייבן מער, ווייל דו פארשטייסט אליין אלץ גוט, שרייב מיר אויסעט אלע דיינע קליינ־קייטען און עס זאל זיך הערן איינער פון אנדערן נאר גוטס.

דיין געטרייע

שרה ברײנדל

---

*

* *

צו מיין הארץ און נשמה אויף יענער זייט פון די ימען, שרה ברײנדל, זאל לאנג לעבן מיט אלע יידן אינאיינעמען.

דאס ערשטע זיי מיר מוחל, וואס איך האב דיר אזוי פיל וואכן נאכאנאנד נישט געשריבן קיין בריוולעך. איך האב דיר צוגעזאגט, אז גלייך נאך יום־טוב מירצעשעם וועל איך דיר שרייבן און אט טאקע איצט, ווי דו זעסט, האב איך גלייך חול־המועד זיך אוועקגעזעצט און איך דערפיל מיין צוזאג, אזוי ווי אבער איך האב זיך פארשפעטיקט מיט מיין שרייבן, וועל איך דיר דעם בריוו שיקן דורך דער לופט און זע, אז דו זאלסט אים דארטן גוט דערהאלטן.

ערשטנס, מיין געטרייע, קען איך דיר מיטטיילן, אז איך האָב אַ גאַנצן יום־טוב ביים דאַוונען דיר געהאַט אין זינען און האָב געבעטן גאָט פאַר אונז און פאַר די קינדער אויך. עליות האָב איך געהאַט פון די בעסטע. ווער/ען מען האָט אויפגערופן, האָב איך פאַר אַלעמען געמאַכט די ברכות און די מצוות זענען געבליבן פאַר מיר. דער פעטער נח האָט יום־כיפור געקויפט מפטיר־יונה און איך האָב געמוזט זאָגן פאַר אים אַלצדינג מיטן ניגון. איינער אַ ייד, וואָס האָט זיך צו־געהערט ווי מען האָט געדאַוונט און געלייענט — האָט מיר געזאָגט, אַז מיין נגינה געפעלט אים זייער. דער איבעריקער עולם האָט די גאַנצע צייט פון דאַוונען געפירט שטאַרקע וויכוחים און פלפולים. מסתמא איז זיי עפּעס געווען קשה אַ זאַך, וויבאַלד זיי האָבן די גאַנ־צע צייט זיך געהאַלטן אין איין אַמפּערן.

נו, און איצט דאַנקען גאָט, אַז מיר זענען שוין איבערגעקומען די יום־טובים און מיר האַלטן שוין ביי הושענה־רבה איז מיר שוין אַביסל גרינגער. הער מיך אויס מיין חכמה, איך וועל זיך מיט דיר האַלטן אַן עצה:

דער פעטער נח וויל, אַז ווען איך גיי פאַר אים ערגעץ אַ שליחות, זאָל איך פאָרן אויף די גלעלע וואַגנס, וואָס איך האָב דיר געשריבן, אַז זיי לויפן דאָ איבער די גאַסן מיט די מענטשן. טענה איך צו אים — וואָס טויג מיר צו פאָרן, אַז איך האָב ברוך־השם אַ פּאָר געזונטע פיס און קען טרעפן אַליין. איי, וואָס עס געדוי/ערט אַביסל לענגער? איז וואָס? צו וואָס דאַרף מען זיך איילן און יאָגן, וואָס מאַכט עס אויס, אַז עס וועט דויערן נאָך אַ פּאָר שעה? האָט ער מיר אָבער געקויפט אַזאַ צעטעלע, וואָס מען קען מיט אים פאָרן אויף אַלע וועגענער און ער וויל דורכאויס איך זאָל פאָרן. איך האָב אים געזאָגט, אַז נאָך יום־טוב וועל איך זען.

איצט האָב איך זיך ארומגעזען, אַז דאָ וואַקסן נישט קיין הושע־נות. און איך ווייס גאָרנישט, וואָס זאָל איך דאָ איצט טון. ווען איך וואָלט געוווסט, וואָלט איך געבראַכט פון דער היים אַ פּעקל הושע־נות. כאָטש זיי וואָלטן אפשר דורך דער צייט פאַרוויאַנעט געוואָרן, אָבער אַלץ בעסער ווי גאָרנישט.

קיין אָפּגעקלאַפּטע הושענות פעלן דאָ גראָד נישט. עס קומען נאָך צו אַלע טאָג פרישע. אָט נעכטן איז מען נאָך געווען סאַמע

שמעקעדיקע בלעטלעך — און היינט איז מען שוין אן אפגעקלאפטע „הושענה“...

און איצט, מיין גאלד, וועל איך דיר ענטפערן אויף דיין אנפרעג כּכוח א גוטן אָרט. שטעל זיך פאר, אז דאָ איז גאָר פאראנען א בית־החיים פערווי סארט. ערב יום־כּיפּור בין איך אראפגעפאָרן אהינצו און איך האָב באלד דערקענט, אז דאָ מוז עס זיין דער גוטער אָרט. איך האָב באטראכט דעם פּלאץ און ער איז מיר גראד געפעלן, אזוי, אז פאר דעם האסטו זיך נישט וואָס צו שרעקן, דו מעגסט קו־מען צו פאָרן... מען מעג דאָ וווינען און לעבן לויט דין.

ווייטער גלייך נאָך יום־טוב וועל איך זיך נעמען סטארענען ווע־גען דיר, דער פעטער נח האָט פון יענער מעשה מיט די משעקס, וואָס איך האָב דיר געשריבן, אפגעשפּילט מיט גליק און ער איז ארויס א גאנצער. ער פאָרט נאָך אין זיין אייגענעם אויטאמאָביל און דאַרף אים נישט פארזעצן אָדער פארבאהאלטן. זייער אַפּט נעמט ער מיר אויך מיט און איך זאָג דיר, אז עס איז א מחיה. אנומלטן זענען מיר אראפּגעפאָרן צו איינעם א יידן צו גאסט און מען האָט אונז דאָרט אויפגענומען כּיד המלך, מען האָט געגעבן צו עסן און צו טרינקען פון שענסטן און פון בעסטן. איך האָב, ווי מיין שטייגער איז, זיך נישט געלאָזט בעטן און האָב אַלץ גענומען צו צוויי פּאַרציעס. לאָז זיך זיי דוכטן איך בין געקומען מיט דיר... פארוואָס זאָלן זיי האָבן אזא שאנס, וואָס דו ביסט נאָך נישטאָ?

נאָכדעם האָבן זיי זיך אנידערגעזעצט צו שפּילן אין קאָרטן. שרה־ברײנדל, שטעל זיך פאר, אז די מומע האָט אויך געשפּילט און די אידענע, ווו מען איז געקומען צו גאסט אויך. דערביי האָבן זיי גערעדט מאָדנע ווערטער און זיך געהיצט, ווי עס וואָלט זיי געגאנ־גען אין לעבן.

פארשטייסטו דאָך, אז פאר מיר איז דאָס נישט קיין עסק — האָב איך זיך צוגעלייגט אויפן סאָפקע און געכאפּט א דרעמל.

דו ווילסט דאָך אוודאי, מיין אוצר וויסן, ווי עס גייט מיר אזוי. קאָן איך דיר זאָגן, אז נישט שלעכט. דער פעטער נח זאָגט, אז דאָ איז א גאָלדענע מדינה, דאָ איז בעסער ווי אין אמעריקע, נאָר וואָ־דען, אנדערע יידן מאכן זיך אליין קאליע. אָבער איך בין נישט פון די — ביי מיר גייט צו אַלץ ערלעך און כּשורה און איך וועל נאָך

אמאָל זיין דער אמתער גביר, וואָס מען וועט מיר מעגן געמרויען א גאנצע באנק.

איצט בעט איך דיר מיין צווייטער לעבן, דו זאָלסט אַרויסשרייבען אַלץ. וואָס דו מאַכסט און ווי דיר גייט און צי דו האָסט ערב יום־טוב דערהאַלטן די דאָלארס, וואָס איך האָב דיר אַרויסגעשיקט און ווי דו פילסט זיך אין געזונט און בכלל, וואָס דו מאכסט און די קינדערלעך וואָס מאַכן און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס אינטערעסירן מיר גאָר שטאַרק צו וויסן, ווייל פון אַלע גליקן בין איך דאָ זייער עלנט און איינזאַם און סאיז מיר גוט בעטער אויפן האַרצן און סאיז מיר צייטנווייז אומעטיק אויך —

טאָ זיי זשע דו פריילעך און לוסטיק און שרייב מיר אַרויס אַלץ געגנוי מיט די סאַמע קלייניקייטן און פאַרבלייב דאָרט א געזונטע, ווי עס ווינטשט דיר

דיין שמאי.

---

*

* *

אָסור מיר, שרה ברײנדל, אויב איך וויים ווי מען הויבט אַן זיך צו פאַרענטפערן פאַר דיר, וואָס איך האָב דיר אַזוי לאַנג געלאָזט אָן א שטיקל בריוול. דער אמת איז, אַז איך האָב דערויף טויזנט תי־רוצים, נאָר איך וועל אַרויסשרייבן די זאַך אַזוי ווי זי איז און דו וועסט אַליין פאַרשטיין, אַז איך בין נישט שולדיק.

ערשטנס זיי וויסן, אַז איך בין געוואָרן א מעמבער, דאָס הייסט א „טשלאָנעק" אין א טוץ פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס. דאָ קומען אָפט אַריין צום פעטער נח יידן פון עקזעקוטיוועס, האָבן זיי מיר

געזען, עפּעס אַ נייער מענטש, בין איך זיי מן־הסתם נעפעלן געוואָרן און זיי האָבן מיר פאַרשריבן. דער פעטער נח האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיך איינשרייבן, ווייל עס פּאַסט נישט אָפּצוזאָגן און איך האָב זיך פאַרשריבן צו צאָלן אַלע חודש. נאָכדעם ווי זיי זענען אַוועק האָט מיר דער פעטער נח געזאָגט אַ סוד, אַז וואָס אַרט עס מיר, וואָס איך האָב זיך פאַרשריבן און וועל אויך שטיין אויפן צעטל מיט לייטן גלייך, צאָלן — זאָגט ער — וועסטו זיי אַזוי ווי איך...

איז מה־דאָך דער פעטער נח, וואָס איז אַ ייד אַ גביר און שטייט מיט אַזאַ געשעפט, האַלט נישט פון צאָלן, מעג איך דאָך אוודאי. — פאַרשרייב איך זיך טאַקע ביי אַלעמען ווער עס קומט.

היינט, דאָס פאַרשטייסטו דאָך, שרה־בריינדל, אַז וויבאַלד איך האָב זיך איינגעשריבן אין אַזוי פיל פאַריינען און אויף אַלע ליסטעס בין איך דאָ (און אַלע בארימען זיך, אַז זיי האָבן הונדערטער מעמ־בערס) רופט מען מיר אַלע ווײַלע אויף זיצונגען און פאַרזאַמלונגען. וואָלסטו זען, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ? אויף איין פאַרזאַמלונג האָב איך זיך אָנגעהערט אַזעלכע מעשיות, אַז די האָר אין קאָפּ האָט זיך מיר געשטעלט. די אָראַטאָרס האָבן דערציילט, אַז מען האָט זיי שיר נישט באַראַבעוועט די קאַסע און נאָך אַזעלכע זאַכן. אויף אַ צווייטער פאַר־זאַמלונג האָט מען זיך געכאַפּט שיר צו די בענקלעך און אַזוי ווי דו ווייסט דאָך, אַז איך האַלט פונם כלל, אַז ווו מען גיט קלעפּ זאָל איך זיך נישט רוקן — בין איך כהרף־עין אַוועק און ביי מיר איז רעכט מער נישט צו גיין.

אָבער זיי ווייסן, אַז אויסער פאַרזאַמלונגען פעלט מיר אויך נישט ווו צו גיין. אַלע זונטיק האָב איך עטלעכע שמחות, דאָ גיי איך צו אַ באַקאַנטן אויף אַ ברית, דאָ ביים פעטער נחס אַ פריינט אויף אַ בר־מצוה און אויסער דעם האָב איך אַלע זונטיק ביינאַכט אַ חתונה און אַמאָל צוויי. דער פעטער נח זאָגט, אַז פון אַזעלכע איינלאַדונ־גען טאָר מען זיך אויך נישט אָפּזאָגן, ווייל מען קען זיך דעם בעל שמחה נאָך קויפן פאַר אַ שונא. און דאָ דאַרף מען זען זיך איינשפּאָרן שונאים, וואָרום אַז מען גייט יאָ אויף שמחות און פאַרזאַמלונגען האָט מען זיי אויך געגוג...

איצט קען איך דיר אָנזאָגן, אַז אַנומעלטן בין איך געווען אויף אַ שמחה פון אַ ספר־תורה און בין דאָרטן געווען פון די ראש־המד־ברים. איך האָב אפילו אויסגעבראַכט אַ משל מיט אַ פּסוק און דער

עולם האָט געלעקט די פינגער, מער ווי פון מאַלצייט, וואָס מען האָט דאָרטן דערלאַנג. ווי דו זעסט, שרה ברײנדל, גייט דאָ נאָך יידישקייט נישט אונטער, גאָט איז אַ פאָטער און אומעטום זענען יידן — יידן. שטעל זיך פאָר, אַז דאָ איז געקומען אַ משולח פון דער סאַמע אמתער אַמעריקע, צו קלייבן געלט פאַר אַ ישיבה, נו, איז עס נישט אַ סימן. אַז דאָ זענען דאָ פרומע יידן? טאָ זאָג דאָרטן אין ביטריטשע, אַז מען זאָל מיר נישט באַדויערן, איך וועל דאָ נישט פאַרגויעשט ווערן.

אוסער דעם בין איך שטאַרק פאַרנומען ביים פעטער נח אין פאַבריק. איך גיב אַכטונג ווי עס דרייען זיך די מאַשינען און די מענטשן און טו אויף גרויסע זאַכן.

ווי איך זע, שרה־ברײנדל, קריכן דיר מיינע מעשׂיות נישט אין קאָפּ. אָבער דערפון קענסטו זען, אַז איך בין דאָ פאַרדרייט מיט טויזענטער זאַכן און האָב דערפאַר אַזאַ לאַנגע צייט דיר נישט געשריבן.

אַז דער אויבערשטער וועט העלפן און איך וועל זיין געזונט, וועל איך דיר שרייבן אָפטער. גרים אַלעמען אין שטעטל, איך האָב דיר ארויסגעשיקט אביסל געלט, זאָלסטו עס געזונטערהייט פאַרנוצן.

און דו מעגסט אין כלל אריינשרייבן, וואָס דאָרטן טוט זיך, ווי גייט עס צו אין דער היים אָן מיר. מיט וועמען איך בעט דיר איבער טויזנט מאָל, קריגסטו זיך?...

קוש און זאָג, אַז איך האָב דיר געהייסן, די קינדער און גיב אויף זיי אַכטונג, ווארום דאָ קיין אנדערע האָב איך נאָך נישט. פאַרבלייב געזונט ביז דו וועסט דערהאַלטן אַ צווייטן בריוו און שרייב מיר אויך דאָס זעלבע — פון מיר דיין באַשערטן פון הימל ביז הונדערט צוואַנציק יאָר.

דיין שמאי.

---

שטעל זיך פאָר שרה־ברײנדל אַז איך האָב איצט די אמתע דאגה. דער פעטער נח זאָגט מיר יענע וואָך אָן אַ בשורה, אַז די היימישע אונזערע, אזוי ווי ביי אייך די פאַליאַקן, נו — ווילן נישט ליידן די אויסלענדישע מענטשן, און אין יעדער געשעפט מוזן ארבעטן 90 פראָצענט זייעריקע. מאָל דיך, אַז מען שרייבט דאָ אין די בלעטער שונאי

ישראלדיקע שטיקלעך און אפילו אין די הויכע פענסטער האט מען געזעהן
געזען... — כמיין א גאט אין

זאג איך צום פעטער, דאגהט נישט, ערשטנס קאן איך באשטיין צו ארבעטן די איבעריקע 10 פראצענט און אויף די 90 זאל ער טאקע נעמען א זייעריקן. און צווייטנס איז עס נאך נישט אזוי סטראשנע ווי מען מאלעוועט עס און דריטנס רעדט מען אויף יידן זינט די וועלט שטייט און מען האט זיי נאך די נעז נישט אפגערעדט און פערטנס איז נאך דא א האנדלס־קאמער אויך... — כמיין א גאט אין הימל און ער וועט זיך מיען פאר אונז אויב מיר וועלן ווערט זיין.

דערווייל מיין טייערער זיווג, בין איך פארנומען ביז איבערן קאפ. איך האב אפילו נישט קיין צייט צו לייענען דיינע בריוו.

ביז וואס ווען בין איך זיך עוסק אין קהלשע זאכן און געלט האב איך דיר דאך געשיקט וויפיל איך קען נאר אפשפארן פון מיינע עסקים. זע היט דיין געזונט דארטן, ווארום ביי אונז איז איצט אן אנגאנג אויף גריפע און קאטארס. און איך אליין האב אזא שטארקען קאטאר, אז איך בין הייזעריק אויפן האלז. קיין אנדערע נייעס איז ביי מיר איצט נישטא און איך גיי פארענדקן מיין שרייבן צו דיר. האב נישט קיין פאריבל, וואס איך בין אזוי קורץ, א צווייטן מאל וועל איך דיר שרייבן לענגער.

גלויב מיר, שרה בריינדעלע, אז איך האב נישט קיין צייט. עס האבן זיך געעפנט נייע קלובן און מארגן איז די פארזאמלונג פון באנק. דעם פאדער האט מען ביי מיר צוגענומען און זיי וועלן דארטן מאכן, וואס זיי ווילן. דער פעטער נח זאגט, אז איך זאל זיך נישט רייסן, ווארום עס וועט מיר נישט העלפן. עס געשעען, זאגט ער גרעסערע עוולות. און ווי זיי וועלן זיך אויסבעטן, אזוי וועלן זיי שלאפן.

טא שלאף זשע מיר געזונט, טאמער וועסטו דעם בריוול דערהאלטן ביינאכט, און קוש טויף די קינדער און זייט אלע געזונט און שרייב מיר בריוולעך, וועל איך דיר שטענדיק ענטפערן אנטקעגן, ווי די טבע איז — פון

דיין ש מ א י.

*

* *

צו מיין ליבן מאַן לעבן זאָל ער אין מעקסיקע זייער לאַנג און געזונט זיין.

איך האָב דערהאַלטן דיין בריוו און איך שרייב דיר שוין אַן ענט־פער דורך דער לופטן, ווייל עס האַנדלט זיך לויט מיין מיינונג וועגן גאָר אַ וואַזשנער זאַך און איך האָב מורא, אַז איך זאָל נישט פאַר־שפּעטיקן, חלילה.

ערשטנס וויל איך דיר בעטן, אַז דו זאָלסט שרייבן מער ווי ביז איצט. אין דער היים פלעגסטו קאָנען רעדן פאַר פייער און פאַר וואַ־סער, טאָג און נאַכט. און איצט, אַז דו דאַרפסט שרייבן אַ בריוול, איז אַזוי ווי עס וואָלט דאַרטן געוועזן ביי אייך אַ רענדל אַ וואָרט. און צווייטנס וויל איך דיר שמאַי־לעבן בעטן, אַז דו זאָלסט זיך מיר נישט מישן אין קיין קהלשע זאַכן. איך בין דיר מוחל דיינע גליקן. דער סוף וועט זיין, אַז דו וועסט אריינפאַלן און מען וועט דיר נאָך שרייבן דורכן בלאַט די אמתע געשיכטע און דו וועסט נאָך האָבן חר־פּות. אמת, קאָן זיין, אַז אין מעקסיקע נעמט מען זיך פון אַזעלכע זאַכן נישט איבער, און מען איז זיך ווייטער עוסק און מען בלייבט נאָך אַ שיינער מאַן. אָבער איך וויל דאָס נישט, לאָז דאָס פאַר אַנ־דערע און דיר וועט דער וואָס אין הימל אַזוי אויך העלפן.

איצט קום איך צו צו דיין עיקר, וואָס איך וויל דיר אויסשריי־בען און פאַרוואָס איך האָב זיך אַזוי געאיילט מיטן בריוו. דאָס איז צוליב דער געשיכטע מיט אַ באַנק, וואָס דו האָסט מיר געשריבן.

שמאַי — דו זאָלסט נישט גיין!

זאָג מיר נאָר, דו האָסט שוין פאַרגעסן די געשיכטעס מיטן בענקל אין דער אַלטער היים? ווערליק ווי איך פאַרשטיי, איז דאָך דאָס די זעלבע זאַך, נאָר וואָס ביי אייך רופט זיך עס מיט אַן אַנדער נאָמען און עס איז פאַראַן מער געלט און במילא מער נעמערס. בעט איך דיר ווי נאָט איז דיר ליב — און אפשר נאָך איך אויך — מיש זיך ניט. דו געדענקסט דאָך אין ביטרישטשע, אַז די עטלעכע, וואָס שטייען ביים שיסל, זיי זשליאָקען זיך אָן און לעקן אָפּ דעם אמתן ביין. און די איבעריקע, די „טשאָמנע מאַסע", וואַרפט מען אַמאָל צו אַ ביינדל צום דערוועגן זיך און מען פאַרשטאָפּט זיי דעם האַלז.

דו געדענקסט דען נישט ווי סאיז געווען אין ביטרישטשע? איך דארף דיר דערציילן א מעשה? דו וועסט נאך אנמאכן א צרה דעם פעטער נח אויך. טאמער קריגט ער דארטן מעות, וועט מען אים אויך נעמען דערגיין די יארן. — בעט איך דיר שמאי. מיש זיך נישט אין קיין בענק, אויב מען וויל דיר מאכן פאר א קאסירער (ווארום איך רעכן, אז קיין גרעסערער ארנטלעכער מאן ווי מיין שמאי איז אין מעקסיקע נישטא) — איז אדרבא, מעגסטו עס ווערן. טאמער נישט? זאלסטו זיך נישט מישן. הלמאי הונדערטער יידן ווייסן אלע עוולות און גיבן נישט א פיפס? דו איינער דארפסט זיך נישט ארויס־שטעלן. ביז דער עולם וועט קומען צום שכל.

איז אויב מיין ברייוול איז געקומען צו שפעט און דו האסט זיך יא געמישט, טא גיי גלייך אריבער און זאג זיי דארטן די אויסגעקלי־בענע, אז דו האסט גארנישט געמיינט, זאג זיי אז דו האסט געקריגן מיין בריוו צו שפעט און דו האסט נישט געוווסט, וואס פאר א שטע־לונג צו פארנעמען... אז דו וועסט זיי ווייזן מיין בריוו און זיי וועלן זען, אז איך פארשטיי די זאך, וועלן זיי דיר ווייטער געבן הלוואות.

שמאי, איך האב דיר נאך צו שרייבן עטלעכע שטיקלעך, נאר איך אייל זיך זייער מיטן אפשיקן דעם בריוו. ביי אונז איז איצטער גרויסע פרעסט, שנייען און זאוויערוכעס און איך וווּנדער זיך גאר־נישט, וואס דו ביסט פארקאטערט און הייזעריק. לייג זיך צו א גאר־טשיצע און קיי מאנדל־צוקער, אויב מען קריגט עס ביי אייך, א נים וועל איך דיר שיקן.

אזוי ווי עס איז שוין באלד ערב פסח, קענסטו מיר שוין אנהויבן שיקן וואס מען דארף. אין ביטרישטשע זאגט מען, אז דו שיקסט מיר איבער גאנץ מעקסיקע און דו שארסט געלד אין די גאסן. זע, אז דו זאלסט זיך נישט פארשטעכן די האנט אן א שטיין, מען קאן נאך, חלילה קריגן א „זאראזשעניע“ און באהיטע גאט גיין פון דער וועלט. נישט דא געדאכט און נישט דארטן אין מעקסיקע געדאכט.

די קינדער שיקן דיר גרוסן און מיר קושן דיר אלע גאר ווייט. פארגעס נישט אן אונז און שרייב אפטער און זיי געזונט ביז א צווייטן בריוו גאר אינגיכן.

שרה ברייִנדל

---

*
*   *

שרה בריינדל. איך בעט דיר מחילה פארן לאנגן שווייגן. איך האָב אָנגעוואָרן דעם חשק צו שרייבן. נאָר איצט האָב איך אַזאַ זאַך, וואָס איך מוז דיר אויסשרייבן. איך האָב דיר צו דערציילן אַ פּאַר־לויפעניש, וואָס איז דאָ פּאַרלאָפן מיט אַנטיסעמיטן און יידן, און מיט אַ געשמדטן, וואָס ביי אַ צרה איז ער נאָך אַלץ אַ ייד. דאָס איז — שרה בריינדל — אַ געשיכטע פון טויזנט און איין נאכט, מען שרייבט וועגן דעם אין די גוישע גאַזעטן און נאָכמער אין די יידישע און איך מוז דיר דאָס דערציילן באריכות, לייג איך עס אָפּ אויף נאָך פסח.

דערווייל מוז איך דיר שרייבן, אַז איך האָב דורכגעמאַכט די ערשטע טעג מיט גרויס ערגערניש. איך האָב מורא אַז איך וועל ווערן אין כעס, וועל איך אַ קלאַפּ טון מיטן טיר און פאָרן צוריק אהיים.

שטעל זיך פאָר, שרה בריינדל, אַז נישט גענוג, וואָס איך בין געוועזן אויס מלך און דו מיין מלכה, ביסט אַזוי ווייט פון מיר, האָב איך פון די סדרים גאָר קיין הנאה נישט געהאַט...

אַ יום־טוב האָט מען ביים פעטער נח אנגעגרייט פון כל־טוב. ווי די מאַכלים רופן זיך קאָן איך דיר נישט אויסרעכענען, ווייל איך בין נאָך אַלץ נישט שלום מיט דער שפּראַך, וואָס מען רעדט דאָ. מצות איז אויך געווען אין קעסטלעך מיט אַ הכשר. דער עיקר אָבער וואָס איך וויל דיר דערציילן איז וועגן סדר.

ווי איז מיר און ווינד איז מיר; אַזוי, דוכט זיך, זענען דאָך עס יידן. דו רעדסט מיט מענטשן און מען ענטפערט דיר. ווער עס רעדט גאַליציש, ווער ליטוויש אָדער אוקראַיניש — אָבער יידיש איז דאָך דאָס. איז געקומען צום סדר, מען האָט זיך ארומגעזעצט ארום טיש, עס איז געווען ליכטיק פון די עלעקטרי ווי אין מיטן העלן טאָג און פלוצלונג האָט עס מיר געטראָפן ווי אַ דונער אין אַ פינסטערער נאכט.

דער פעטער נח דערלאַנגט אַ זאָג צו זיין זונדל, אַ בחורעץ פון אַ יאָר 10, ער זאָל אים פרעגן די קשיות. שטעלט זיך עס אויף דער תכשיט און נישט מיר, נישט דיר דערלאַנגט ער אַ שאָט ארויס אויף זייער גויעש אַ פולן מויל מיט ווערטער:

— פרימערא — זאָגט ער — פּאָרקע נאָס העטשאַן אגוא סאַ־לאַדאַ, אי אגוא אַל אועווא...

איז מיר, שרה ברײַנדל פינסטער געוואָרן און ביטער ווי בעת איך פלעג פאַרזוכן דײַנע אמתע זאַלצוואַסער, וואָס דער טעם דער־פון ליגט מיר נאָך איצט אין מויל...

דו האָסט געהערט אַ לשון — אגוא אַל אועווא. פרעג איך דאָך דעם פעטער נח, וואָס איז דאָס אזוינס? זאָגט ער, אויף זייער לשון מיינט עס טאקע אייער אין זאַלצוואַסער. און מאַל זיך, אַז די אַנ־דערע דריי קשיות האָט ער אויך אָפּגעזאָגט אזוי און עס האָט גע־האַט אַ טעם ווי גאָרטשיצע. שרה ברײַנדל, טרערן זענען מיר געקומען אין די אויגן. איך האָב זיך דערמאַנט ווי אונזער זונעלע האָט עס פּאַ־ראַיאָרן אַ פרעג געטון די קשיות, ווי דו האָסט פון נחת געווישט מיטן פאַרטוך די אויגן און ביי מיר האָט אויך געקוואָלן דאָס האַרץ.

איך האָב זיך דערמאַנט אָן די כשרע פּסחים אין דער היים. אָן די אמתע הכשרים פון די גרויסע גאונים און יראַ־שמימדיקע משגי־חים, אָן די מצה שמורה, וואָס דער שווער פלעגט באַקן און אָן די אמתע סאַמעראָדנע כרמל־ווײַן, נישט גלאַט מיט... עטיקעטן; איך האָב זיך דערמאַנט אָן אונזער ליבן פּסח און אָן דיר — און איך האָב זיך פאַרבענקט אַהיים...

בין איך דאָך אָבער אין גלות, האָב איך זיך געמוזט זעצן און נע־מען אין מויל אַרײַן. נאָר דער „אגוא אַל אועווא" איז מיר פון קאָפּ נישט אַרויס. איז דאָס נאָך מסתמא ווייניק, רופט זיך פלוצלונג אָן דעם פעטער נחם טאָכטער, אַ מויד אָן עין־הרע פון 16 יאָר אַ בגרת

— פּאַפּאַ, זאָגט זי — איך האָב אַרויסגעגנבעט דעם אַפּיקורס!

שרה ברײַנדל — דאָס בלוט איז מיר געקומען אין פּנים ווי אַ פייער וואָלט מיר געטראָפן. דו הערסט? זי האָט אַרויסגעגנבעט, נים דעם אַפּיקומן, נאָר דעם... אַפּיקורס.

פרעג איך דיר, מיין טײַערע, איז דאָס פאַר מיר אָן אָרט? איז דאָס אַ יידישע מדינה? זענען דאָס שולעס און תלמוד־תורהס און מלמדים און זענען דאָס יידישע קינדער? אַז דער קשיא־פרעגער זאָגט — פּאָרקע קאָמעמאָס גאַיעטאַס טאַדאַ לאַ נאָטשע" און די טאָכטער גנבעט שוין באַצייטנס דעם אַפּיקורס... עס איז דאָך אַ חרפּה צו דערציילן.

איז אַ וווּנדער, אַז דער אויבערשטער שיקט אָן שונאי־ישראל

און מען רעדט דאָ אין די בלעטער אויף יידן לשון הרע שוין אויך.

איצט, שרה בריינדל, שיק איך דיר אַוועק דעם געשריפטס און מער וועל איך דיר שרייבן נאָך פּסח. קיין פּסחדיקע טינט האָב איך נישט געקריגן און דעריבער שרייב איך דיר מיטן פעטער נחס פעדער, וואָס מיט איר דאַרף מען נישט איינטונקען...

איך בעט דיר, דו זאָלסט מיר שרייבן, ווי איז ביי דיר אדורך פּסח און וואָס עס האָבן געמאַכט די קינדערלעך, צי זיי האָבן גאָר־נישט געמאַכט?...

עס טוט מיר עפּעס ווײ אַ פּוס אָפּטער און דער פעטער נח האָט געזאָגט, אַז ער וועט מיר אַרויסשיקן אין אַזאַ שטעטל, וואָס איז דאָ פאַראַן, וואָס האָט וואַסער מיט אַ ספּעציעלן ריח, און וואָס דאָרטן לאָזן אַלע יידן איבער זייער ווייטיקן. איך וועל פאָרן נאָך פּסח און אַז איך וועל צוריקקומען, וועל איך דיר אויסשרייבן די גאַנצע זאַך אין אַ בריוול.

דו קענסט מיר דערווייל זיין געזונט און אויך שרייבן אַ בריוו, וואָס איז ביי מיר שטענדיק אָנגעלייגט, ווי דו ווייסט עס אַליין —

דיין שמאי.

---

* *

*

צו מיין ליבן מאַן אויף יענער זייט ים, זאָלסטו געזונט און שטאַרק זיין.

שמאי, מיט אַן אָנגעפילטע האַרץ גיי איך דיר שרייבן דעם איצטיקן בריוו. איך האָב דערהאַלטן די דאָלאַרס, וואָס דו האָסט מיר געשיקט

אויף פסח — אָבער וואָס קומט ארויס אַז איך האָב געהאַט, אַ פּאַר־שטערטן יום־טוב. שטעל זיך פאָר שמאַי, אַז איך האָב איבערגעלייענט דיין בריוו, וואָס פאַר אַן אומעטיקע סדרים דו האָסט געהאַט און וואָס פאַר אַ גוים עס זענען דאָרטן ביי אייך די קינדער — איז מיר געוואָרן זייער טרויעריק, אָט אַזוי ווי דעמאָלט ווען דו ביסט נישט היינט גע־דאַכט, געלעגן קראַנק אויף טיפוס און די דאָקטוירים האָבן דיר אָפּ־געזאָגט דעם לעבן.

ווייי איז מיר — האָב איך געטראַכט, וווּ האָב איך דאָס דיר פּאַר־שיקט, און צוואָס ביסטו אַוועקגעפאָרן פון דער היים? ווען נישט איך, וואָס בין דיר דערגאַנגען די יאָרן, וואָלסטו דאָך אפשר גאָרנישט גע־פאָרן דאָרט אין דער נארישער מעקסיקע און מיר וואָלטן זיך געלעבט בשלום ביז דער אויבערשטער וואָלט אונז געגעבן כוחות און געגוג.

וואָרן, וואָס מישטיינס געזאָגט האָב איך געהאַט פון דיר? וואָס איז מיר די פעולה, אַז דו שיקסט מיר צו די פּאָר דאָלערס, אַז מיר איז דאָ אומעטיק אָן דיר אַזוי ווי יום־כיפור און דיר איז דאָרט טרויעריק אָן מיר אַזוי ווי תשעה־באב. איך האָב, מיין שמאַי גרויס צער פון דיין גאַנצן עסק, וואָס דו ביסט געפאָרן און ביסט אריינגעפאַלן אין אַזאַ גוישע לאַנד, ווו קינדער קענען אפילו די קשיות נישט פרעגן.

נאָר איך וויל דיר שמאַי פרעגן אַן אנדער קשיא: דו ביסט שוין דאָרטן אין דיין מדינה באַלד אַ קיילעכיקן יאָר — האָסטו גאָרנישט געקענט זען מאַכן דאָרט אַן אָרדנונג מיט די יידן. וואָס האָסטו זיך אַנידערגעזעצט ביים פעטער נח און וואָס וועסטו דאָרטן אויפטון ביי אים? פאַרוואָס זאָלסטו נישט זען עפּעס ווערן אַליין אַ שטיקל מענטש און זיך ארויפאַרבעטן און טאַקע האָבן אַן אייגענעם אוטאָמאָביל אויך. ערשטנס וועסטו פאַרשפאָרן גיין צופוס אין בעסמעדרעש און צווייטנס וועסטו, אויב עס וועט דיר נמאס ווערן דיין מעקסיקע, זיך אַנידערזעצן און קומען צופאָרן אַהיים. איך רעכן, אַז מיט אַן אוטאָ־מאָביל, ווען דו וועסט פאָרן איינער אַליין וואָלסטו געקומען גיכער, ווי מיט אַ גאַנצע כאַליאַסטרע מענטשן און מאַטראָזן אויף אַ שיף.

איך וועל דיר געבן אַן עצה פון דער וויטן: שמאַי, דו מאַך זיך אריין דאָרטן אין די קהלשע ענינים. איך האָב דיר טאַקע געהאַט גע־שריבן אנומלט, אַז דו זאָלסט זיך אין קהלשע זאַכן נישט מישן, נאָר איך האָב זיך איבערגעלייגט אויף דער צווייטער זייט און בין געקומען צום טעם, אַז זיצנדיק ביים פעטער נח וועסטו גאָרנישט אויפטון.

איז דעריבער — ווו מען קען, שמאַי רוק זיך אַריין. מאַך אַן אָנשטעל, אַז דו מיינסט עס מיטן גאַנצן האַרצן, בכל לבבך ובכל נפשך, ווי עס שטייט דאָרטן ביי מיר אין גראָבן סידור. און נאָכער, אַז דו וועסט שוין זען, אַז דער עולם געטרויט דיר, זאָלסטו נעמען הלוואות אויף רעכטס און אויף לינקס — מאַך זיך אַ געשעפט מיט גוטע באַלאַנסן און ווער אַ גביר. איך האָב מורא, אַז דער פעטער נח האָט אויך אַזוי געטון. נאָכדעם, שמאַי לעבן, וועסטו זען ווי עס האַלט. אויב עס וועט דיר גיין גוט — איז דאָך עס מן השמים. זאָלסטו נישט זשאַלעווען קיין נדבות, ווער עס וועט קומען זאָלסטו געבן. רעכטע, לינקע, מיטעלע — עס וועט דיר צונויץ קומען. סיי ווי גיסטו נישט דיינע — און דערווייל טרויט מען דיר מער און דו קענסט נעמען נאָכמער, וויפיל דו ווילסט.

טאָמער, חלילה, דו וועסט זען, אַז עס האַלט שמאָל — זאָלסטו שמאַי, נישט זיין קיין גרינער. די ערשטע זאַך זאָלסטו מיר אַריבערשיקן אַ פּעקל געלט און איך וועל שוין מאַכן דעם אמתן קניפּל. צווייטענס, וועסטו דאָרטן זען דורכקומען מיט דיינע גוטע ברידער און זיי וועלן דיר נישט לאָזן פאַלן. יידן זענען נישט קיין גזלנים און אַ געפאַלענעם העלפט גאָט. וועסטו זיך אַביסל אַרויסרוקן פון די חברות, מאַכן אַ נעבעך־פּנימל — און אין אַ שטיקל צייט אַרום וועסטו ווערן צוריק אַ חשובער ייד און מען וועט דיר נאָך מאַכן פאַר אַ פּרעזידענט אין די חברות אויך. וואָרום אויב איינער קאָן זיך אין אַ קורצער צייט אַרויסדרייען — איז ער דאָך אַ בריה, טאָ דאַרף ער טאַקע זיין אַ פּרעזידענט...

הכלל, שמאַי, איך וויל פון גאָרנישט וויסן, זאָלסט מיר ווערן אַ גביר. אַקער מיטן נאָז די ערד, גנבע, גזל, אַבי קיין מענטשן זאָלסטו נישט הרגענען און ווער רייך. בוי שאָסייען, שיק וואַגאָנעס, מאַך סטראַכאָווקעס — טו כל דבר אָסור, נעם אויף פּראָצענט, צאָל נישט דעם קערן, נאָר אַ גביר זאָלסטו מיר ווערן.

אַז דו וועסט זיין אַ גביר, איז מיר כדאי דער גאַנצער עסק. ווייבאַלד אַז קיין יידישקייט נישט, פירן זיך ווי אַ ייד אין דעם היים קענסטו נישט — טאָ מאַך כאָטש אַביסל געלט. איי, וועסטו דאָך זאָגן — ווי קומען צו מיר אַזעלכע רייד? וועל איך דיר ענטפערן ווי מיין שטייגער איז — קיינמאָל נישט צו פאַרשווייגן: דו האָסט אַ ווייב מיט קינדער, דו האָסט זיך אונטערגענומען זיי מפרנס צו זיין, דער דין

זאָגט, אַז דו דאַרפסט אָנלייגן מיטן קאָפּ מוזטו פאַרזאָרגן דיין ווייב און קינדער — איז כדי מקיים צו זיין אזא מצווה מעגסטו אפילו טון אַן עבירה.

בפרט נאָך שמאַי, אַ ווען דו וועסט זיין אַ רייכער ייד, וועסטו זיך דאָך קאָנען אויסקויפן איינס צוויי פון אַלע עבירות. וועסט געבן אַ נדבה אויף אַ שול, און מען וועט דיר אַריינשרייבן אין פנקס אויך.

און דער עיקר זאָלסטו נישט פאַרגעסן צו קויפן אַן אווטאָמאָביל. איך האָב געהערט זאָגן, אַז ביי אייך ווער עס האָט נישט אַן אייגענע מאַשין איז גאָר קיין מענטש נישט. זאָלסטו מיר דעריבער זען ווערן אַ מענטש. נאָר גיב אכטונג מען זאָל דיר נישט איבערפאָרן, מחמת דו קענסט נאָך אַמאָל אַרויסגיין אַ צעניזוקטער, אָדער, די שעה זאָל ניט זיין, גאָר אומקומען. זע, שמאַי, וואָס גיכער פאַרסטראַכיר זיך פון מויט אויף מיין נאָמען און אויף אַ גרויסער סומע...

איצט, אַז דו ווייסט שוין מיין מיינונג ווי צו באַגיין זיך, וויל איך דיר זאָגן דעם אמת, אַז איך וועל אָפּוואַרטן און זען ווי דו וועסט דאַר־טען אַלץ מאַכן און בלייב דעריבער אין דער היים. אויפן חשבון פון דיין עשירות, וואָס דו וועסט מאַכן פון מיין עצה — קענסטו מיר דער־וויל שיקן עפּעס מער געלט און אָפּטער, ווייל מיין הוצאה איז גרעסער, איך האָב גענומען אַ מענטשן צו די קינדער און דאַרף אַליין אויך אַרויסגיין ווי אַ מענטש מיט מענטשן.

אַזוי איז אין ביטרישטשע אַלץ אין בעסטן אָרדנונג, דעם לעצטן הודש האָט מען קיין יידן נישט געשלאָגן, און פסח־צייט היינטיקס יאָר איז קיין בלוט־בלבול נישט געווען. מיין טאַטע זאָגט, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס עס זענען שוין געווען גענוג בילבולים אַ גאַנץ יאָר.

זידל דאָרט אוים דעם פעטער נח אין מיין נאָמען, וואָס ער האָט דיר איינגאַנצן אַראָפּגענומען פון מיר און געדענק צו ווערן אַליין אַ מענטש. זאָלסט זען, אפשר איז גאָר אַ פּלאַן, אַז דו זאָלסט עפענען אַ פאַבריק? שמאַי דער פאַבריקאַנט — אַ גאַנץ שיינער נאָמען...

איך פאַרענדיק מיין אויסשרייבן און שיק דיר גרוסן פון מיר און פון די קינדער און פון אַלע דיינע באַקאַנטע. איך האָב זיי זיך געשעמט צו דערציילן ווי דו מאַכסט דאָרט אין מעקסיקע, ווייל דאָ מיינט מען, אַז דו האָסט זיך שוין אַרויפגעאַרבעט — און צום סוף ביסטו נאָך אַזא שלימזל.

טאָ געדענק שמאַי, וואָס איך האָב דיר אַלץ אָנגעזאָגט אין בריוו

און שרייב מיר איינגיכן אן ענטפער, כדי איך זאָל וויסן ווי און וואָס דו האָלטסט דאָרטן.

פאַרבלייב געזונט נאָכאַמאָל ביזן צווייטן בריוו און גרים פון מיר דעם פעטער נח און זיין משפחה. וואָרן נאָך אַלעמען זענען זיי דאָך נישט שולדיק, וואָס דו קענסט נישט אַנדרייען ווי אַנדערע. נאָר מיר וועלן זען וואָס ווייטער וועט זיין. איך האָף, אַז מען וועט נאָך הערן פון דיר אַ סך מער, און פאַרבלייב

דיין שרה בריינדל.



# אויף א חתונה...

אויף א חתונה — מיינט נישט, אז אלע זענען אויפגעלייגט און פריילעך. נישט אלעמען איז פריי דאס הארץ.

אויף א חתונה איז אין מעקסיקע צווישן אנדערן דער ארט ווו מען קומט ווייזן די טעכטער — זען די זינדלעך. אן פלאגענישן גייט עס נישט אין יידישן לעבן — איז דא אין מעקסיקע דאס גרעסטע פלאג — דאס אויסגעבן די טעכטער:

נישטא קיין „באים“ וועט איר זיך הערן קלאגן די מאמעס. יונגע יידישע מאמעס, קוים באגוידערטע, מיט נישט באמערקבארע קנייטשן — און אזוי פיל פארשטיקטע זארג צוליב די טעכטערלעך.

אלע וואך ווערט „באגלייט“ אן אנדערנס א קינד. מען לייענט מיט קנאה די ווינטשעוואניעס, מען רעדט וועגן די קליידער וואס מען האט דארט געטראגן און די „קוביערטאס“ וואס זענען דארט געווען; מען דערציילט זיך, וואס פאר א געשעפט „ער“ האט, וואס מען האט אים געגעבן און ווי זי זעט אויס.

— טאך א קינד...

מען רעדט וועגן טויזנטער אנדערע קלייניקייטן און מ'איז נעבעך אזוי באזארגט; אזוי באזארגט, דאס קינד זאל חלילה נישט האלט ווערן צוואנציק יאר...

* *

*

וואס ליגן נישט אריין די מאמעס אין די טעכטער? וואס חלומען זיי נישט אויס פאר זיי און וואס זענען זיי נישט גרייט צו טון, אז עס זאל שוין אונטערקומען א באוואנסלטער יונגערמאנטשיק. אז זי זאל ארויסגיין אין די וואכן טעג אין סינע און זונטיק אין א

קאַטש; ווי זיי שטעלן זיך עס פּאַר דעם „גליק“, ווי זיי ווילן שוין דערלעבן דאָס ביסעלע פרייד.

און פאַרוואָס טאַקע נישט?

* *
*

שטייף פאַרריסן האַלטן זיך די מאַמעס וואָס האָבן זכרים. אַ רענדל אַ לעק איז ביי זיי דער צעלאָזנסטער תכשיט און פון אויבן אַראָפּ קוקן זיי אויף די געשטראַפטע מיט טעכטער. נישט מיט יעדער פון זיי שטייט זיי אָן צו רעדן. זיי זאָלן אַמאָל נישט מיינען אַז זיי מיינט עפּעס ווענן איר זון... און זיי גייען ארום שטאָלצע אויפן „מאַרק“ אויף אַ שמחה און אויפן שפּאַציר.

* *
*

געווען איז עס אין אַ באַלויכטענעם זאַל, אַלץ האָט געלויכטן און געבלאַסקעט; ביים טיש וווּ די מאַמע איז געזעסן איז צווישן אַנדערע געסט געזעסן נאָך אַ מאַמע, אַ גליקלעכע; און די ערשטע האָט מיט אַנגעשטריינגטע בליקן געקוקט אין דער געדיכטעניש פון עולם, געזוכט איר טאָכטערל, וואָס האָט זיך געדרייט אין טומל מיט אַ „מאַן“. ווייל מענערישע בגדים האָט ער זיכער געטראָגן, דאָס האָט מען געזען...

ביי יינגווארג איז דער טומל געווען גרויס. מ'האָט זיך געשאַרט און געבויגן — דאָס הייסט מאָדערן געטאַנצט; די מוזיק האָט זיך צעטרעלט און געריטשעט, אין אויערן האָט מען זיך געשעפּשעט, וואַרימע אָטעמס זענען אַרויס פון מיילער און זיך דורכגעריסן דורך נאָזלעכער; אין געצווימטע אַנצוגער צום טאַליע און שטייפע העמדער־קאָלנערס האָבן זיך ווי פּלאָקנס אויסגעצויגענע געדרייט די קינדישע יונגעלייט; אין זייד און גין־גאָלד באַפּוצטע קליידער, בעפּאָלדרעוועטע, סאַמעט־באַנייטע, האַלדז מיט פּוטער פּאָרדעקטע — האָבן זיך געלאָזט נאָכלויפן און „פאַרהערן“. די יינגעטשקע, נאָר וואָס פון דער מאַמעס שויס אַראָפּגעקראָכענע „דאַמיטאַס“. די אויגן זויעס לאַנגע פּון שוואַרצן שמירעכץ; די נעגל צונטער־רויט און

גלות־לאנג — און די אומבאשטימטע פארלאנגען גרויס ווי די מאַ־מישע הערצער.

די טאטעס ביי די טישלעך האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט ווער־טער און וויצן; די מאַמעס האָבן נאָר צו די ליפּן צוגערוקט די האַל־בע גלעזעלעך — און איינגעגראבן די אויגן אין די פּאָלדן צווישן יונגוואַרג.

איז די טאָכטער פון דער מאַמע־איינס צוגעקומען צום טישל; אונטערן אָרעם האָט איר געהאַלטן אַ בחורל מיט אַ פּאַרסאַפּאַניעט פּנימל, און די מאַמע האָט אַנגעקוואָלן.

ווער ווייס וואָס פאַר אַ מחשבות און דערינערונגען עס זענען איר דורכגעלאָפן אין געדאַנק. זי האָט פאַרלירנדיק זיך עפּעס אַרויס־געמורמלט, געכאַפּט דאָס טיכעלע אָפּצווישן דעם שווייס פון קינדס פּנים.

געוואָלט האָט די מאַמע־איינס, אַז די מאַמע־צוויי זאָל אויך כאַ־פּען אַ בליק אויף איר גערעטעניש אָן עין־הרע. נאָר די מאַמע צוויי איז געזעסן קאַלט ווי אייז און געקוקט אין אַלע ווינקלען, אויפן סו־פיט און אויפן וואַנט, נאָר נישט דאָרט וווּ די מאַמע איינס האָט געוואָלט זי זאָל כאַפּן אַ קוק.

אַ קרענק וועט זי איר פאַרשאַפן אַזאַ פאַרגעניגן...

און אַז דאָס יונגע פּאָרל האָט זיך אָפּגערוקט, האָט זי מיט אַ נצחון־בליק זיך צוגערוקט נעענטער צו דער מאַמע־צוויי.

עס האָט איר איצט הנאה געטון צוויי זאַכן: ערשטנס, וואָס איר קינד איז באַגלייט געוואָרן פון אַ „קאַוואַיעראַ" און זאָל זיך די מאַ־מע צוויי מיט איר תכשיט נישט איבערנעמען; זי איז נישט איינע אין שטאָט און אוודאי נישט ביי גאָט...

און צווייטנס האָט די מאַמע־צוויי בעל כרחך, קעגן איר ווילן, זיך איינגעקוקט ווען דאָס פּאָרל איז צוגעקומען צום טיש. געווים האָט זי געמוזט זען גוט דאָס קלייד אויפן צאַרטן גוף פון דער טאָכ־טער, דאָס קלייד, וואָס די מאַמע האָט דעם לעבן אַריינגעלייגט אין דעם, גענייט עס ביי דער בעסטער פירמע און באַצאָלט מער ווי זי האָט איר מאַן אַמאָל נדן געגעבן...

דער מאמישער נחת־רוח האָט מער נישט געקענט רוען און זי האָט זיס אַ מורמל געטון צו דער מאַמע צוויי:

— ווי געפעלט אייך מיין מארגאריטאַס קלייד? האַ? וואָס זאָגט איר?

און דאָס קלייד איז דוקא געווען אַ פיינס; איר אויסזען האָט גערופן; טאליעדיק האָבן זיך געוויגט די בליציקע האפטן און שי־מערירנדיק האט זיך אין די סאַמעט אָפּגעשלאָגן דאָס ליכט; די רוי־טע קנעפּ האָבן געשריען—קוק אויף מיר; קורץ—עס איז געווען פיין.

אָט אָבער די מאַמע־צוויי אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אָנגעבלאָזן דעם גוידער, פריי אַ זיפץ געטון און שעלמיש, אַזוי אין זיסן און אין זויערן, אַ זאָג געטון:

כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת — מיר געפעלט נישט דאָס קלייד, עס האָט נישט קיין „וויד" און די געניי איז אויך אַ צו ביליקע...

מאַמע־איינס האָט שוין ווייטער נישט געהערט. ס׳איז איר ניטגוט געוואָרן אויפן הארצן און גראָד האָט זיך פאַרבייגעדרייט אין קאדריל דער זון פון מאַמע־צוויי איינגעפּראקט און צוגעקראָכ־מאַליעט, מיט עפּעס אַ מיידל ארומגענומען — נאר, ווער, האָט זי שוין נישט געזען...

* *
*

מאמעס זענען דאָך גוט און נאריש — האָט איר דער מאַמע־איינס, די „אַטפּראווע" פּאַרדראָסן מער ווי די מלחמה־קאטאסטראָ־פע — און זי האָט שוין רואיק איינזיצן נישט געקענט.

פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך ארויסגערוקט פונם חתונה־גע־טומל, איז געווען אָט די מאַמע און בשום אופן האָט דער מאן ביי איר נישט געקענט דערגיין, וואָס זי האָט אים אַזוי פרי ארויסגע־שלעפּט פון זאַל און פאַרוואָס זי איז פאַרכמורעט געוואָרן.

אַריינגעלייגט דאָס לעבן; פאַרמאַטערט דער שניידערין; באַ־צאָלט אַ פאַרמעגן; אַ האלבן טאָג האָט זי דער טאָכטער געפּוצט און געשפּיגלט ביז זי האָט איר אָנגעטון — קומט זי די גרויס־האַלטערין און דערלאנגט איר אַזוי אַ זעץ אַראָפּ...

— וואס איז? זי האלט זיך גרוים מיט איר זונדל? א וואזשנע מציאה?

אזוי איז מאמע־איינס געלעגן שלאפלאז אין בעט און האט זיך אויסגעדארט דעם קאפ וועגן איר טאכטער. אט ווערט זי באלד צוואנציק יאר און עפעס קיין רעכטע זאך מאכט זיך נישט. — פארטאגס איז דאס טאכטערל אנגעקומען פון דער חתונה. די מאמע איז אראפ איר עפענען, אנגעצונדן דאס ליכט און באטראכט דאס קלייד פון אלע זייטן.

האט עס טאקע נישט קיין „וויד" — האט זי געטראכט, נאר געפרעגט האט זי ביים „קינד", ווער עס האט מיט איר געטאנצט און ווער עס האט איר באגלייט צום שטוב.

און אז זי איז געוויר געווארן, אז דער „שאטין" איז פון איר א גאנצע נאכט נישט אפגעטראטן — האט זי ווייטער געפרעגט; ווער עס האט איר אפגעפירט אהיים.

מאמא — האט מארגאריטא זיך אנגערופן — זיי נישט אומרויִק, איך בין אליין נישט געגאנגען. איך האב די לעצטע צוויי טענץ געטאנצט מיט יאסיפן און צוזאמען מיט אים און זיין מאמא זענען מיר אהיים געפארן.

מאמע־איינס האט אויסגעשטרעקט א פאר גרויסע אויגן — ווייל יאסיפס מאמע איז דאס געווען יענע, וואס מיר רופן מאמע־צוויי, — און די טאכטער האט פארענדיקט:

מאמא, פאר מיין קלייד זענען אלע געווען אנטציקט. יאסיף האט מיר געזאגט, אז זי געפעלט אים זייער און איך האב זיך אויסגעטיילט אין זאל; און זיין מאמא (די מאמע־צוויי, געדיינקסט) האט מיר אין קאטש געזאגט, אז איך האב אויסגעזען וואונדערבאר, די שענסטע אויף דער חתונה און מיין קלייד איז איר אזוי געפעלן, אז זי האט זיך נישט געקענט אפלויבן...

* *
*

א שטיין איז דער מאמע־איינס אראפ פון הארצן. זי האט אויפגעוועקט דעם מאן אין מיטן כראפען און אים דערציילט די געשיכטע.

זוי די מאמע־צוויי האָט איר אויף דער חתונה דאָס בלוט פארצאפּט...

האָט דער מאַן, א פארשלאָפענער אויסגעבייטלט אלע בייזע חלומות צו זייערע ביידנס קעפּ.

דער צער־גידול־בנות האָט אים גענוג געמאטערט, (כאָטש ווייניקער ווי דער מאמען), אז ער האָט אָפּט חרטה געהאַט, וואָס ער האָט אליין חתונה געהאַט...

# מאגנס...

דער מאָגן...

נו, אוודאי פירט אוים דער דאָזיקער אָרגאַן אַ וויכטיקע פונקציע אין קערפּער פון יעדן מענטש, אָבער וואָס פאַר אַ סאָרט מאָגן־קראַנקהייטן עס זענען אַלץ פאַראַן אויף גאָטס וועלטל, דאָס זאָלט איר זיך פרעגן ביי מעקסיקאַנער יידן.

אַלע ליידן זיי אויפן מאָגן. געקומען איז מען געזונטע, מיט אייזערנע מאַגנס און לונג און לעבערס — און דאָ איז מען געוואָרן חולאים, מען האַלט זיך אויף דיעטעס, מען היט זיך אָפּ, מען עסט נישט און מען טרינקט נישט. מען קוועטש זיך און מען דרייט זיך אויפן מאָגן.

אין די ערשטע צייטן, ווען די ציינער זענען געווען אייגענע און זענען נאָך געזעסן פעסט אין די יאַסלעס, ווען פון די אויגן האָט געשפּריצט אַ פייערל און מען האָט געוווינט אין הינטערגאַסן, ווען עס איז געווען אַ יום־טוב דאָס אראָפּכאַפּן זיך זונטיק אין טשאַפּולטעפּעק, ארייננציען אין זיך אַ שטראָם פרישע לופט און זיך אויסציען אויפן גראָז און קוקן מיט אָפענע אויגן צום בלויען מעקסיקאַנער הימל וואָס פלעגט דערמאַנען אָן דעם וואַלד און זיין הימל־דעק אין שטעטל זומער־צייט — אַ, דאַן איז מען געווען גרויסע מאַדימס. דער אַפּעטיט איז געווען גוט און די געווירצטע מעקסיקאַנער מאַכלים האָבן געררייצט דעם נאָז און דעם גומען. האָט מען געשלונגען „טאַקאָס" אָנגעפּילטע ווי בלינצעס מיט אַלטע פאַרדרויכערטע פליישן, מיט ביטערניש און זויערקייט, וואָס האָט געביסן דעם צונג און מען האָט געפילט אַ טעם גן־עדן...

אויף דער רייזע איבערן לאַנד איז מען איינגעשטאַנען אין אָפּגעלאָזענע איינפאַר־הייזער, וואָס רופן זיך האָטעלן און אַז מען איז

צוריקגעקומען פון דער אַרבעט, אָדער אין מיטן דעם באַאַרבעטן די קונים, האָט מען געכאַפּט אַ נאַש, אַ שלונג אַ „טאָקאָ" אָדער טאַקע אַ "טאָרטע", ווו די פאַרשוואַרצטע פאַרקויפערין פון דעם גאַס־רעסטאָראַן האָט אַריינגעלייגט אַלע מינים בשר און געוויקסן, באַשאָטן מיט זאַלץ און באַשמירט מיט פּריכאַלעס, קאַשע. מען האָט פאַרדרייט דעם קאָפּ, כדי נישט צו זען די פּראָצעדור פון מאַכן און צוגרייטן דעם מאכל און כדי דער אַפּעטיט זאָל נישט אַוועק פון דער שיינקייט און ריינקייט וואָס האָט געשלאָגן פון דער גאַסן־קוכאַרקע — און מען האָ אַריינגעשטעקט טיף די ציין אין דער בולקע, און געקייט מיט הנאה איינע און נאָך איינע.

די לופט אין שטאָט איז שיטער. מען געפינט זיך אַ פּאָר וויאָרסט נענטער צום הימל און מען האָוועט און לויפט און מען יאָגט זיך פילט מען נישט, אַז עס ציט זיך שווערער דער אָטעם, אַז עס אַרבעטן אנגעשטריינגט די נאָז־לעבער און באַוועגן זיך האַסטיקער די לונגען. עס ווערט עפּעס שווערלעך אַמאָל אויפן האַרצן, עפּעס דריקט און קוועלט און מען דערפילט זיך אָפּטער און גיכער מיד.

דערביי איז מען לעבעדיקע מענטשן; מען שטעקט זיך אָן מיטן אַרום און מען נעמט איבער פון די שכנים זייערע פּאַטראַוועס. עסט מען זונטיק „מאָלע" און צו יעדער מאכל ווערט מען געוווינט צו שמירן „טשילע", וואָס דעם טאַטנס כריין ביים טשאָלנט־פליייש איז געווען צוקער אנטקעגן דעם...

ביז מיט אַמאָל דערפילט מען, אַז עפּעס איז דער מאָגן נישט אין אָרדענונג און מען פאַרטרויט דער ווייב אַ סוד, וועלכן זי האָט שוין סיי ווי באַמערקט אין דער אַפּעטיטלאָזיקייט. דאָ הויבט זיך אָן די קענטעניש פון מעקסיקאַנער יידן אין מאָגן־קראַנקהייטן. אסור, אויב אַ מעקסיקאַנער גופא ווייס די נעמען פון די דאָקטוירים און קאָן אַרויסרעדן די אַלע מעדיצינישע טערמינען, וועלכע זענען ביי די יידן די פשוטע אומגאַנגס־שפּראַך.

ווער עס ליידט נישט פון אַ מאָגן־קראַנקהייט איז דאָ גאָר קיין ייד נישט. אויף יעדן פאַל איז ער אויסגעשטעלט נאָך האָבן צו טון מיט מאָגן. ער וועט נאָך טרינקען זויערע וואַסערן און מיטטראָגן מיט זיך פילן און קאַפּסולקעס אין דעספּאַטשע און אין קינאָ, און דאַן וועט ער שוין נישט לאַכן פון די מאָגן ליידנדע... אגב, טרינקט ער

שוין איצט אויך „סאַל דע אוואַס“, וואָס זאָל אים אָראָפּזועצן יעדן פּעטן ביסן, וואָס שטעלט זיך אין אויבערשטן מאָגן און דריקט ווי אַ באַגעניש איבערן האַרצן, וואָס מען וויל וואָס גיכער זי איבערקומען...

דער אויבערשטער האָט געהאָלפן און מען לאָזט נישט צו גאָר ווייט; עס שפּילט נישט קיין ראָלע אַ פּופּציקער אויפן דאָקטאָר און אויף מעדיצין, וואָס האָט נאָך דוכט זיך דערווייל קיינעם נישט גע־האָלפן אַזוי, ווי די דאָקטוירים און פאַרמאַצעווטן... און דערביי שטור־פּען זיך אַלע צו די סאַמע גדולים, צו די גרויסע גויאישע דאָקטוירים, אַז נאָר זיי זאָלן פאַרשרייבן דאָס ביסל זאַלץ־וואַסער. מען קלערט זיך, אַז אויב ער נעמט אַן ערשט אויפן פערטן טאָג ווי מען פאַר־שרייבט זיך און הייסט זיך באַצאָלן אַזוי טייער — מסתמא איז עס ווערט....

אין אַ פרייע מינוט וועט איר הערן יידן צוהאַקען אויף זייער מאָגן־קראַנקהייט; עס איז שוין באַלד געוואָרן ווי אַ זאַך פון דער מאָדע, פון גוטן טאָן... די פרויען אויפן מאַרק, אָדער להבדיל, ראש־השנה אין שול פאַרטרויען זיך וועגן דעם מאַנס מאָגן און מען רע־קאָמענדירט איינע די אַנדערע מעדיצינען און דאָקטוירים, וואָס נעמען אַוועק די ליידן מיטן האַנט ממש...

עס איז גוט צו דער הולאַת דאָס באָדן זיך אין קואַוטלאַ — פאַרט מען אַלע ווילע אַהין און מען שווינקט זיך ווי אין אַ מקווה; עס איז גוט דערצו צו זיין אַ ביסל נידעריקער, ווו די לופט איז פרישער און בעסער — איז מען אַלע זונטיק אין קווערנאַוואַקאַ. מען געניסט אַפילו וויניק פון דער לופט, ווייל קיין פינף העגט צום האַלבן מנין פעלן נישט אין די אַפּרו־ערטער, און מען זיצט ביים טישל אין אַ פאַרשטיקטן צימער פון דעם פּאַפּיראָסן און ציגאַרן־רויך, וואָס ראָס איז שוין איינמאָל אַ סגולה צום מאָגן... עס טרעפט, אַז עס גיט אַזאַ דריי אין די קישקעס, אַז אָן מאָגן פאַרגעסט מען אינגאַנצן...

אַמבעסטן איז אָבער פאַר דעם דער ים; און אחינו־בני־ישראל אָן עין הרע, פאַר זיי איז קיין זאַך נישט שווער, אַבי צו פאַרריבטן דעם געזונט. וואָרום וואָס טויג דאָס אַלץ, אַז מען פילט נישט גוט? איז מען טאַקע אָפטע געסט אין וועראַקרוז און טעאוואַקאַן, און מען דערהאַלט זיך אויף גאַטס אויבערפלאַך, און מען קומט צוריק „פול־שטענדיק געזונטע“ אויף אַ פאָר וואָכן, ביז מען נעמט שלינגען

כּערִיציִנען און זיך היטן מיטן עסן, באשר, עס האָט זיך פארשמעקט א שטיקל הערינג...

אַמאָל דערלאנגט מען זיך א פארטראכט, וואָס פאר א שברה־כלי מען איז עס דאָ געוואָרן; ווו זענען די יאָרן, אָט איצט, דוכט זיך, נעכטן, איז עס געווען, ווען מען האָט געקאָנט עסן אפילו טשוועקעס מיט חלב און נישט וויסן וואָס דאָס הייסט אזוינס פארשאַטן; ווען מען האָט געגעסן דעם שבתדיקן קוגל דינסטאָג און געבראָקט קניי־שעם מיט קעז פון מלך סאבעסקים ציַיטן; ווען פּוטער האָט מען נע־שמירט אויף ברויט קראנקהערהייט און א שטיקעלע עוף האָט מען טועם געווען, ווען מען איז שוין געווען א שווערער חולה, א נוטה למות....

וואָס איז דאָס דאָ געוואָרן, וואָס? אָט ערשט דוכט זיך האָט מען זיך געפילט יונג, פריש און מונטער, געכאַפּט א קוק ווו מען טאָר ניט און זיך געלאָזט א ביסל ווילגיין אפילו איבער דער מאָס. ס׳איז דאָך נישט מער ווי א שטיקל מענטש, נישט פון אייזן אין מען דאָך, פון פלייש און בלוט...

און דאָ איז מען שוין עפּעס ווי אָפּגעלעבט. די קינדער האָבן דער־לאנגט א וואקס אונטער און געוואָרן גאַנצע לייט. איז עס א טאָכ־טערל — ווערט מען באַזאָרגט א ביסל, וואָס אָט, שוין באַלד, דארף מען זען וועגן א באשערטן; איז עס א יאַט, גייט ער שוין אויף פארן טאַטן און ווייס גאָר, זאָגט ער מער פון אים... און אַלץ אזוי פון היינט אויף מאָרגן.

מנא, מסתמא א קלימאַט אַזאַ אין מעקסיקע; דאָס זעט מען דאָך אָן די מאָגנס...

און עס גייט נישט איין דער עסן. מען קוקט אויף די געשמאַקע מאכלים מיט אָפענע אויגן און אַרויסגעשטעקטן צונג און מען האָט מורא צו נעמען א לעפל אין מויל, ווי דאָס וואָלט געווען ריצנאַייל...

ווו נעמט מען די מאָגנס פון אַמאָל? ס׳איז זייער פארדראַסיק, אז ס׳איז דאָ אָן עין־הרע, וואָס צו נעמען אין מויל אַריין, און עס ווילט זיך טאַקע אויך — זאָל גאָר זיין אַזאַ אָנשיקעניש אויף יידישע קעפּ צוליב די נארישע מאָגנס.

ווו מען ליידט פון אַנטיסעמיטיזם, ווו מען ליידט פון גירושים, ווו מען ליידט פון מלחמות — יידן אין מעקסיקע ליידן פון זייערע מאָגנס...

# אין פּאַרק...

די בריוולעך וואָס קומען זענען קורצע, לאַקאַנישע. פון דער מזרח זייט זענען זיי געשריבן אין יידיש; פון דער מערב זייט — אין דייטש.

מערסטנטייל קומען גאָר קאַרטלעך. זייער נוסח דערזעלבער פון אַלע שטעטלעך. און מען דאַרף זיין אַ טרעפער צו פאַרשטיין זייער אמתן מיין און באַדייט. אָדער מען דאַרף גאָר קיין טרעפער ניט זיין...

*   *
*

זיצן אין פּאַרק פר" וועלין און סעניאָראַ טיוק, זיי קומען אַרויס אויף דער פרישער לופט פונקט 11 אַ זייגער. די „קריאַדאָס" קאָכן דעם מיטיק אויף עלעקטרי; ראָמען די מיט מעבל איבערפולטע צימערן און טרייסלען די ווייכע טרעטערס פון פענסטער אַראָפּ אין דער רואיקער גאַס פון דער קאָלאָניע היפּ היפּ אָפּ...

מאַדאַם וועלין איז פון דער זייט, וו מען שרייבט די בריוולעך אויף יידיש; זי באַרימט זיך נאָך זייער אָפּט מיט דער רוסישער גימנאַזיע, וואָס זי האָט געענדיקט מיט אַ מעדאַל אויף סאַמע פּיאַטיאָרקעס...

די סעניאָראַ טיוק איז פון דער זייט וו מען שרייבט די קאַרטלעך אויף דייטש, און זי רעדט אַ פּויליש־יידישן־שפּאַניש דורכגעפלאָכטן ביי יעדער דריט וואָרט מיט „סעניאָראַ" און "סאַווע אוסטעט", אַז ס"איז אַ מחיה...

פירט זיך אַזאַ געשפּרעך:

— אימאַכינעסע, איך האָב היינט געהאַט אַ בריוו פון דער היים. זייער אַ גוטן בריוו. מיין מאַמע שרייבט, אַז זיי לעבן איבער גליקלעכע צייטן. עס פעלט זיי גאָרנישט קיין געלט, אַלע פאַבריקן גייען

אין זעבראַווע און דאָס איינציקע וואָס זיי פאַרלאַנגען איז אַ פּעקל — סעניאָראַ...

— אוי, סאַווע אוסטעט, מיין מאַן האָט מיר אָנגעקלונגען, אַז ער האָט אין דעספּאַטשע געקראָגן אַ קאַרטל פון זיין טאַטן. שרייבט ער, סעניאָראַ, אויף דייטש און עס איז שווער צו לייענען. זיי זע־נען געזונט און לעבן און בעטן אויב מען קען שיקן אַ ביסל געלט. צום סוף שטייט אויף יידיש: דיין טאַטע חייקל בעט הילף. האָט מיין מאַן גלייך געשיקט 50 דאָלאַר, סעניאָראַ...

אין זעבראַווע זענען גאָר קיין פאַבריקן נישטאָ און דער סע־ניאָראָס מאַן האָט געוואָלט שיקן נישט 50, נאָר 10 דאָלאַר; האָט זי אים דורכן טרייבל אַריינגעשריען, אַז ער זאָל זיך נישט דערוועגן קיין איין סענט, ווייל אַלצאיינס וועט עס צו זיי נישט דערגיין, די היטלעריסטן וועלן צונעמען... און אויב שיקן, וועט מען שיקן, ווען עס וועט זיין אַ קאַרטל פון איר מאַמען אויך; גלייך אויף גלייך...

און דער געשפּרעך גייט ווייטער:

— אָיגאַ מע, איר גייט ביי די אָבערזאָנס אויף דער פיעסטע? מען זאָגט, אַז עס וועט זיין אַלגאָ עספּעציאַל. איך האָב שוין גע־זען אין „וואָקס" אַ קלייד פאַר 700 פּעזעס, נאָר מיר געפעלט נישט דער פאַלד פון אונטן. מיין מאַן זאָגט, אַז איך זאָל עס נעמען; אָט דאָ שטייט מיר אַ ביסל אָפּ, נאָר מען קען עס איינגעמען...

— נאָ, יאָ נאָ וואָי, מיר האָבן דערהאַלטן אַ אינוויטאַסיאָן, נאָר זי איז נישט קראַנק געווען די שלעפּערקע מיר איינלאַדן טע־לעפאָניש. מיין מאַן געדיינקט נאָך, ווי ער האָט זיך געשלעפּט מי־טן פּעקל און זי איז געזעסן ביי דער פּוסטע און געריסן מאַר־טשאַנטעס פאַרן ארבל. היינט איז זי גרוים ביי זיך. איך האָב שוין געזאָגט מיין מאַן, אַז איך רוף אויף דעמזעלבן אָוונט מיינע באַ־קאַנטע אויף אַן אָוונט־ברויט; עס איז דוכט זיך מיר געוואָרן זיבן קומפּליאַניאָס פון אונזער חתונה — אוסטעט טאַמביען עסטאָ אינוויטאַדאָ...

— סעניאָראַ, איך האָב שוין צוגעזאָגט, אַי טאָדאָס וואָן עס־טאַר, מיר מוזן גיין און אויסער דעם האָבן מיר מיט סעניאָר אַבער־טאָן ביזנעס, אוסטע קאָמפּרענדע...

— סי, קאָמאָ נאָ! יעדער טוט ווי ער פאַרשטייט. פּעראָ —

איך בין ביי אייער טעכטערלס פיעסטע געקומען, כאַטש מיר האָבן געהאַט אַ „סענאַ“ מיט מיין מאנס ברידער פון דער לאָכיע — אַי טאמביען עסטאַוואַ און כענעראַל...

לאָזט די סעניאָראַ טיוק אַראָפּ אַ ביסל איר שניוק און ווערט פאַררויטלט און פון פאַרלעגנהייט רעדט מען שוין ווייטער וועגן דער היים און וועגן דער לאַגע:

— קע דיסע, וועגן די כונטאַס פון דינעראָ אַלע ווײַלע. מיין מאַן גיט אַלעמען ווער עס קומט, נעכטן האָט ער געגעבן אויף אַ שיפס־קאַרטע דיעז פעסאָס... אי מאַדראָ, פּעראָ וויענען ען לאַ קאַלאָניאַ, דאָס איז שוין צופיל, יאָ נאָ פועדאָ. טאַקע מען זאָגט, אַז אין בלאַט שטייט אַלע טאָג טעריבלע געשיכטעס. מיין ענריקל דאַרף מיר איצט קאָסטן זעכציק פעזעס מענסואַל פידל שפילן; און עס גייט צו אים אַ לערער אויף ענגליש; סעניאָראַ, עס קאָסט און קאָסט...

— סי, דעוועראַס, אָט דאַרף איך אַזוי־ווי לעבן פאָרן אין ראָטשעסטער. עסטאָי ענגאָרדאַנדאָ, סעניאָראַ, און דאָס איז אַ פעלער נאָ קואַלקיער... וואָס קענען מיר העלפן צו אַזויפיל צרות? מי מאַרידאָ דיסע, איך וועל אייך פאַרטרויען אַ סוד סעניאָראַ, קע אַקאַוואַ דע פערדער ען און נעגאָסיאָ אָטשאָ מיל פעסאָס...

איז טאַקע אַ ביטערער רחמנות. פונוואַנען זאָל מען עס נעמען אויף אַלץ?.

אין פאַרק איז שוין דערווייל האַלב טאָגיק, די קאַמיאָנען פון די שולעס הויבן שוין אָן זיך דורכשניידן אין די אַלייען מיט די קינדער און די מענער וועלן באלד אנלויפן מיט די גיינצן איין און פער־ציקער אַהיים אויף מיטיק...

הויבט זיך אויף סעניאָראַ טיוק, הויבט זיך אויף סעניאָראַ וועלין און עס גייט פון ווייטן אויך אַהיים די סעניאָראַ גאַלמאַן.

— קאָמאָ לעס וואַ? איר גייט שוין אַ היים? מיר אויך. קע האַי דע נועוואָ?

— מוטשאַס גראַסיאַס, אַסי, אַסי; מען האָט מיר דערציילט פון דער נעכטיקער חתונה ביי די אָבראַכזאָן מוטשאַס קאָסאַס. עס איז געווען אין רעפאָרמאַ קועאָ, און די כלה איז געווען זייער שיין, שענער ווי אין לעבן. על סע סענטיאַ נישט אַזוי פויגלדיק, דיסען, קע נאָ לאַ קיערע!...

— פועס, קיען סאווע?...

— נאָ, יאָ נאָ דינגאָ... פּעראָ עסטאוואַ פּלעטאָריקאָ. דער עסן איז געווען נישט אזוי געשמאַק און מען זאָגט, אז עס האָט געקאָסט צוועלף פּעזעס פון אַ פּערזאָן.

— האי אַלגאָ מאַס — נאָר לאַסטימאַ, וואָס עס איז שוין שפּעט און איך קען אייך נישט דערציילן...

— פּעראָ סעניאָראַ, קען? קען? דערציילט, עס איז נאָך נישט שפּעט, טאָדאוויאַ נאָ דאַ לאַ אונאַ, האָמברע! דערציילט...

— בוענאַ, לעס וואָי אַ דעסיר אונאַ קאָסאַ. זי האָט געחלשט און מען האָט זי אריינגעפירט גלייך אין אַ זייטיקן צימער, פּאָרא קען נאַדיע סעפּאַ...

— אי פּאָרקע?...

— מען זאָגט, אַז ער, דער שייגעץ, איז אריינגעקומען אין זאַל, קאַן און אַמיגאָ, און ער האָט איר באַגריסט. עיאָ סע פּוסאָ קאָלאָ־ראַדאָ, ווייס ווי קאַלך, איר ווייסט דאָך, אַז זי איז... בוענאָ, אימאַ־בינעסע...

— נאָ לאָ קרעאָ? וואָס רעדט איר צו מיר? וואָס איז זי מיט אים, האָ?.

— סעניאָראַ — אַנדאוואַן טרעס אַנאָס... שאַ, עס גייט די סע־ניאָראַ אַבראַכזאָן דאָרטן, אַבלעמאָס דע אָטראַ קאָסאַ...

— סאָווע, איך האָב געקריגן אַ בריוו פון דערהיים. עסקריבען, אַז אַלע לעבן, נאָר זיי בעטן הילף. פּעראָ אוסטע סאָווע, מען קען נישט שיקן, אַזאַ ביטערע מלחמה.

— אַמי טאַמביען מע עסקריביעראָן לאַ מיסמאַ — זאָגט מיין מאַן, אַז ער האָט געהערט אויף אַ זיצונג קע נאָ סע פּועדע מאַנדאַר. איר ווייסט, זיי שרייבן אויף דייטש, קיעראָ דעסיר, אַז מען לעבט זיך איין מיט די דייטשן. אין יענער מלחמה — האָב איך זיך גאַנץ גוט איינגעלעבט מיט די דייטשן אי נאָ נאָס פּאַלטאַוואַ נאַדאַ...

און דאָ קומט טאַקע אָן די סעניאָראַ אַבראַכזאָן און די דריי

סעניאָראַס, זאָל זיי נאָר גוט זיין און דער אויבערשטער זאָל זיי נישט שטראָפן, באַגעגענען איר מיט א האניק זיסער מינע און באַגריסן איר צו דעם נחת און צו דער שמחה, קֶע עסטאַווא טאַן פּרעסיאָסאָ...

* *
*

די מענער זענען געקומען שוין אַהיים דאָסמאָל פריער ווי די ווייבער און דער טשאד פון טאיער, פון פאַבריק, פון טשעקן, ווערקס־לען און אַרביטראַבעס האָט זיך זיי נאָך געמישט אין קאָפּ.

סעניאָר טיוק האָט געזען אין דער טעלער זיין טאַטן אין א קאָנצענטראַציע לאַגער און דער ביסן איז אים געבליבן שטעקן אין האַלדז. הער וועלין האָט שניידנדיק דעם אינדיק געקלערט אז הל־וואי שניידן דאָרט זיינע „גליקלעכע ברידער" אַזאַ שטיק ברויט — און דער סעניאָר גאלמאן האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט פיינט געהאַט די דייטשן נאָך פון יענער מלחמה, ווען זיין גאלמאַניכע האָט ביי זיי אַלץ געפּועלט...

* *
*

נאָכמיטאָג זיצן אין פּאַרק מער פרויען. מען וויגט וועגעלעך שיין פאַרפוצטע, מען שמריסט און... מען רעדט, מען שמועסט וועגן אַלץ און וועגן אַלעמען —

נאָר נישט צו פאַרזינדיקן...

# סאטשימילקא...

ווו טוט מען זיך אהין זונטיק?

אין פלוג איז עס א נארישע פראגע. זענען דאך דא אזויפיל מענטשן אויף דער וועלט וואס האבן זיך נישט ווו אהינצוטון א גאנצע וואך. אבער אין מעקסיקע איז דאס אויך א פראבלעם. וואס פארשאפט נעבעך א סך קאפ־דרייעניש פון מיטן וואך אן...

מיטוואך קלינגען שוין טעלעפאנען צו פריינט און באקאנטע און מען פרעגט זיך נאך, וואס מען טוט זונטיק, ווו מען גייט און ווו מען פארט, צי מען בלייבט אין שטאט אדער מען וועט זיין „אפוערא", צי מען האט א חתונה אדער תנאים, אדער מען איז איינגעלאדן אויף מיטאג ביי פריינט א. א. וו.

ווייל די גרויסע שטאט איז פאר אונז פון די קליינשטעטלעך זייער קליין געווארן. נישטא ווו צוגיין. אין טשאפולטעפעק גייט מען אין די זונטיקס, ווען מען איז נאך גרינע. אין פארק זיצט מען דאך א גאנצע וואך און אין קואוטלא איז זונטיק צו ענג, עס קר־מען צופיל מענטשן...

איז ווו זשע טוט מען זיך אהין. מאכן א „ווועלטא" אין דער „קאטשע" איז דאך שוין א וואכעדיקע זאך און גרויסן זיך דערמיט קאן מען שוין היינט אויך נישט, ווייל די שכנים און קאנקורענטן האבן שוין היינט אויך „דרינדעס" און דרייען זיך ארום מיט אפע־נע פענסטער אין די „מאשינען" אומעטום, ווי זיי וואלטן וועלן בכיוון, אז מען זאל זיי זען, זאל מען זיי...

איז דער באליבטסטער ארט — סאטשימילקא. אה! דאס איז דאך די מעקסיקאנער ווענעציע. דאס איז דאך דאס ארט ווו מען קאן זיך לאזן ווויל־גיין אויף שיפלעך איבער דעם נישט אזוי ריי־נעם וואסער צווישן די וואלד־בוימלעך און שפאצירן אזוי שלענגלעך

דיק זיך איבער דעם וואסער־פלאך אין שטילע געסלעך און וועגן, וועלכע פארכאפן דיר אזוי שטארק און הייסן פארגעסן פון דער שטאט מיטן געשעפט, מיט דער דינסט און מיט דער שכנה, וואס רעדט איר אפ פון דיר, און פון נאך אזעלכע שווערע דאגות...

* *
*

שוין דער אריינפאר אין סאטשימילקא ברענגט אן אנדער שטימונג. דו דערזעסט פאר זיך א טיפיש מעקסיקאנער קליינשטעטל מיט א סאקאלא און קלויסטער אין מארק. פארמורזעטע מענטשן מיט און אן שיך, אין גאטקעס און פאטשיילעס, אבער אלע מיט ברייטע שטרוי־הוט אויף די קליינע קעפ. עס לויפן דיר אנטקעגן פויערימלעך בארוועסע און לייגן דיר אזוי הכנעדיק־העפלעך פאר, אז דו זאלסט פארן מיט זייער שיפל, אז עס איז דיר שווער זיי אפצוזאגן. אלעמען קאנסטו דאך אבער נישט צוזאגן — גייען זיי דיר נאך ביזן ברעג טייכל, וועלכער איז באדעקט מיט באפוצטע שיפלעך, באצירטע מיט בלומען, פון וועלכע עס איז אויך אויסגעפלאכטן א נאמען פון א מיידל, פון א פרוי, וואס אפשר איז דיר דער נאמען ליב...

די אמעריקאנער טוריסטן פארן אין סאטשימילקא און זיי זעען דארט גאר בייז ווונדער. צו זייער באגייסטערונג פארן שיפל־שפאציר איז נישטא קיין גרענעץ. זיי קויפן אלערליי שאלאמויזן וואס די פויערימלעך לייגן זיי פאר, זיי עסן די געווירצטע מאכלים, וואס מען פירט צו אויף שיפלעך, אויף וועלכע עס איז קונציק איינגעארדנט א גאנצע קיך מיט א שפייז־לאגער — און זיי כאפן פיקטשעס פון אלע נארישע מערקווירדיקייטן, וואס זענען ביי זיי „מעקסיקען קוריאָז" און פאר וועלכע זיי זענען די כפרה...

אונזערע מענטשן זעצן זיך אריין אין די שיפלעך באלד ווי מען קומט אן צום „פארט"; מען צעלייגט א טישטוך אויפן טיש, מען שלעפט ארויס פון די קאשיקעס „טארטעס" מיט פושקעס סארדינען, זאלץ און פאמידארן, אפגעקאכטע עופות און א פלעשל ביר. דערצו דערקויפט מען „פריכאלעס" און ביר ביי איינער פון די שיפלעך־קעבינס און מען זעצט זיך רייבן די סעודה, אזוי פאמעלעך ווי דאס שיפל ציט זיך און וואקלט זיך איבערן וואסער...

און מען עסט און מען עסט נאָך אַלץ... און מען זעט נישט אַזוי גענוי וואָס ארום טוט זיך, ווי ליבלעך עס איז דער הימל איבערן קאָפּ, וואָס פאר א צערטלעכע שטראַלן ער שיקט אַראָפּ; ווי מאַיעס־טעטיש עס שטייען די בוימלעך ארום וואַסער און ווי ער דרייט זיך און שליינגלט זיך אויף אַלערליי אומוועגן אין אַלע זייטן, און ווי מהיהדיק עס איז די לופט. מען עסט, — מען ווערט א ביסל שטייפער, פולער הויבט מען אָן עפּעס אונטערצומורמלען, איינער דערלויבט זיך שוין גאָר צו זאָגן א וויץ, און אָט זינגט מען שוין גאָר...

עס פאָרן פאַרביי צענדליקער שיפלעך, קלענערע און גרעסערע. עס פאָרן גאַנצע פאַמיליעס מעקסיקאַנער, קינד און קייט. אויפן שיפל האָט מען געבראַכט א בלעבענע אויוועלע, מען פרעגלט און מען קאָכט די שאַרפסטע מאכלים און דער רויך און דאָס שמעקעכץ שלאָגט אין נאָז, א מחיה... מען עסט גאַנצע שיסלען „מאָלע" און מען קייט „טאָרטיאַס" ווי זיי וואָלטן געהאַט טעם גן־עדן, און דער עיקר טרינקט מען פולקע פון א גאַנצע פאַס...

די פּנימער זענען רויטלעך, די אויגן פאַרגלייזט, די האַלדז פאַר־ריסן און דער גוף פאַרשיכורט. מען רייסט זיך און מען גאָרגלט זיך, מען זינגט די לעצטע שלאַגערן, מען קושט זיך און מען קנייפּט זיך און מען לאָזט זיך וווילגיין ווי נאָר דאָס פאָלק קאָן. עס פאָרן אָן נאָך שיפלעך, מען באַגריסט זיך און מען שרייט זיך עפּעס נאָך. אַזוי גוטמוטיק וואַרפט מען א קללה־וואָרט און מען קריגט נאָך א ערגערן ענטפער, מען זויפט ווייטער און מען פאָרט ווייטער...

אויף די יידישע לאָדקעס איז עס נאַטירלעך פיל קולטורעלער. מען זינגט דאָ אנדערש און מען איז באַשיידענער אין צעלאָזנקייט — דאָך ווערט מען אָנגעשטעקט מיט דער צעזויפענער און פרייער לופט און מען ווערט אויך לעבעדיקער. דער יינגערער עולם זינגט מעקסיקאַנער לידלעך, ווען נישט ווען עפּעס א יידישע לידל און די ווייבער קוקן נאָך די אַנדערע לאָדקעס, ווער עס זיצט דאָרטן, וואָס „זי" טראָגט און מיט וועמען „זיי" פאָרן. ווען מען באַ־געגנט זיך גאָר נאָענט באַגריסט מען זיך לאַקריץ־זיס און מען וואַרפט ארויס פון די ליפּן א זויערן „קאָמאָ לע וואַ" און „קאָמאָ עסטאַ אוסטע" און ווי נאָר דאָס שיפל גיט זיך א צי־אָפּ, זאָגט מען עפּעס

אזוינס איינע אויף די אַנדערע וואָס דאַרף „יענע“ קליין און נידער־ריקער מאַכן פון „דער“...

עס פאָרן צו קאַפּעליעס מיט מוזיק, זיי שפּילן אייער באַליבטס־טע מעלאָדיע פאַר אייערע פאַר סענט און איר דרייט זיך צווישן די שיפּלעך; איר זעט דאָ אַמעריקאַנער עלעגאַנטע שלאַנקע און הויכע בלאָנדינקעס, אויסגעפּיטשקעטע אין עסיק און האָניק — און דאָ אַ מעקסיקאַנער פּרוי, וואָס פירט אַליין איר לאָדקע און האַלט ביי דער אָפּגעדעקטער שווארצער ברוסט אַ שוואַרץ נפשל, וואָס האָט זיך איינגעגעסן מיט די ציינדלעך אין האָפּל און האָט הנאה פון גאָטס וועלטל און דער מוטערס מילך...

ארום איז די געגנט אַ מחיהדיקע. עס איז יונגער וואַלד און פרישע לופט; עס איז דאָ שטילקייט און וואַסער־גערויש; עס הערט זיך ווייטער געזאַנג און מוזיק־אַקאָרדן — און דאָס שיפל וויגט זיך און שלענגלט זיך, עס וויגט דיך איין וואַכעדיק און דו דער־פילסט זיך ווי אויף אַן אַנדער וועלט. ברייט צעעפענען זיך דיינע אָרעמס, דו נעמסט אַרום די בחורטע, וואָס זיצט לעבן דיר און דו וואָלסט זי זאַפטיק געקושט, ווען נישט אַזויפיל אויגן אַרום דיר אויפן שיפל....

פאָרן טאַקע דערפאַר יונגוואַרג אין סאָטשימילקאָ אויך ביי־נאַכט. די לבנה איז דאָ דאַן ווי אַ אמתע גאָלדערנע טאַץ איבער די קעפּ פון די זיך שיפּלענדיקע און נישט איין שידוך איז געשלאָסן געוואָרן ביים רויש פון סאָטשימילקער וואַסער...

* *
*

ווען איר האָט נישט אַ זונטיק ווו זיך אהינצוטון, ווען איר האָט נישט קיין חתונה אָדער קיין ברית; ווען איר האָט שוין אָפּגעפּטערט אַלע „געבורטס־טאָגע“ ביי אייערע פריינט, ווען איר ווילט נישט אַז געסט זאָלן קומען צו אייך און פארנודזיען אַ גאַנצן טאָג, ווען איר האָט נישט וואָס צו טון, כאָטש נעמען און שפּילן אַ פּאָקערל, — טאָ הויבט אייך אויף מיט אייערע פריינט זונטיק אינדערפרי, פאָרט אַראָפּ אין סאָטשימילקאָ און ווי לאַנגוויילִיק עס וועט אייך דאָרט נישט זיין, וועט דאָס נאָך אַלץ זיין פארוויילנדיקער ווי אַלע אויבנדערמאָנטע פארוויילונגען...

און אויב איר קאָנט טאנצן, און געווים קאָנט איר דאָך מינדעס־טענס זיך דרייען, וועט איר נאָכן שיפּל ארייננגיין אין אַ רעסטאָראַן, ווו מען קריגט פאַרן כשרן גראָשן, פארשטייט זיך, פון כל־טוב, און ווו עס שפּילט מוזיק און ווו איר וועט ביז רעכט פארנאכט פאַר־ברענגען ווי גאָט אין אָדעם...

סאָטשימילקאָ — די ווענעציע פון מעקסיקע, איז דוכט זיך ספּעציעל געמאַכט געוואָרן פאַר די אַלע וועלכע האָבן זיך נישט ווו אַהינצוטון אין די זונטיקס. קיין בעסערן אָרט האָט דער מעקסיקאַ־נער באַשאַפער נישט געקאָנט אויסטראַכטן...



# אניטא

די צענויפלעבונג און פארברידערונג אויפן שיף איז צווישן דער גרופע יידישע עמיגראנטן געקומען זייער גיך. איבערגעשלאפן איין נאכט אין די קאיוטעס, איינגעזאפט דעם איבלדיקן ריח, וואס שלאגט פון אלע ווינקלען און קערט צום ברעכן — איז מען פארטאג ארויס־געקראכן אויפן דעק, באגריסט זיך היימיש און געווארפן ווייטע, טיפע בליקן צום ים און זיינע כוואליעס, ווי מען וואלט געזוכט דארט די היים, וואס מען האט פארלאזט.

דער ים דערנענטערט די מענטשן; עפעס טוליעט מען זיך אויף א שיף און מען איז נאענט איינער דעם אנדערן; אין א פאר טעג פון א ים־רייזע קומט אויף דער וועלט מער פארברידערונג און פריינט שאפט ווי אין לאנגע יארן פון לעבן אויף דער יבשה. עס דוכט זיך יעדן, אז מען פארט מיט די מענטשן איצט און מען וועט שוין אזוי פארן אייביק... עס זעט זיך נישט קיין ברעג און קיין ציל.

די גרופע עמיגראנטן פון יידישע שטעטלעך איז באלד געווארן א משפחה אין א משפחה און זיך באזונדערס צוגעבונדן איינער צום צווייטן. מען האט געעסן צוזאמען, געשמועסט גאנצע טעג און אין די לאנגע אוונטן, געוווסט יעדער ווו ער פארט, צו וועמען, און ווער מען איז פון דער היים.

נאר איין מיידל איז פאר אלעמען געווען א רעטעניש.

א יונג יידיש מיידל, מיט א דינעם קערפערל, גרויסע, פאר־חלומטע אויגן און א קאפ שווארצע לאקן; איר טראט איז געווען א צאפלדיקער, אירע באוועגונגען לייכטע, איר אנטון פשוט און נעט; געערעדט האט זי מיט א ווייכער שטימעלע, ווי אין סאמעט איינגעהילט.

דאס מיידל האט געהייסן אניטא. אזוי האט זי זיך געלאזט רופן

פון אַלעמען — און אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט האָט זי מיט איר פרישקייט און יוגנטלעכקייט צוגעצויגן. אויפפאַלנד איז נאָר געווען, דאָס וואָס אַניטאַ האָט נישט געלאַכט.

איר פּנים, די ראָזע קאָלירן פון אירע באַקן, איר פיין געטאָקטער נעזל, די דין־רונדע ליפּעלעך — און די גרויסע אויגן — האָבן זיך אַזוי געפּאַסט צו ווייזן געלעכטער, אַז עס האָט זיך פּשוט געבענקט, געוואָלט הערן אַ הילכיקן כאַ־כאַ אויסברוך פון אַניטאַן. זי האָט אָבער נישט געלאַכט.

צווישן דער גרופּע עמיגראַנטן איז געפאָרן אַ לוסטיקער יונגער־מאַן; אַניטאַ האָט ביי אים ארויסגערופן באַזונדערן אינטערעס. ווו אַניטאַ איז געגאַנגען, ווו זי איז נישט געשטאַנען — איז ער, מאָזער, אויסגעוואַקסן; עס איז געווען קענטיק, אַז אַניטאַ איז אויך גערן מאָזערס געזעלשאַפט, אָבער קיין גרויסע פריינטלעכקייט האָט זי אים נישט אַרויסגעוויזן. די פּאַסאַזשירן אויפן שיף האָבן חושד גע־ווען, אַז צווישן דעם פּאָרל אַנטוויקלט זיך אַ ראָמאַן.

אַ ראָמאַן אויף אַ שיף אין מיטן אָקעאַן, צווישן וואַסער און הימל, ווו הערצער עפענען זיך ברייטער און טיפער, אמתדיקער — איז דאָך אַזוי שיין.

מאָזער האָט טאַקע דערפילט, אַז זיין האַרץ האָט זיך צעעפנט אַז האַסטיקער שטראָמט זיין בלוט, אַז עס רופט אים און ציט אים אין יעדן ווינקל ווו אַניטאַ געפינט זיך.

דאָס מיידל האָט אָבער זיך געהאַלטן מיט רעזערוו. זי האָט קיי־נעם נישט געקוקט אין פּנים — און אויך מאָזערן האָט זיך דעם פאַר־געניגן נישט אָנגעטון. ווען זיי פלעגן שטיין אין אַ ליכטיקן טאָג אָנ־געשפּאַרט אָן פּאַרענטש פון שיף, און מאָזער פלעגט מיט גיריקע בליקן קוקן אויף אַניטאַן, רעדן צו איר און שלינגען מיט די אויגן איר שיינענדיקן, אַנטקעגן זון און וואַסער, געזיכט — פלעגט אַניטאַ, איינגראָבן אירע טיפע אויגן אין טיפן וואַסער — און שווייגן, שווייגן.

אַזוי זענען געגאַנגען טעג און נעכט אויפן שיף. ווען מאָזער פלעגט אין שפּעטער נאַכט נישט אַראָפּ אַ אומרואיקער פון זיין גע־לעגער — פלעגט עס אים אומגערן אַוועקטראָגן אין יענעם טייל פון שיף ווו עס איז געווען אַניטאַס קאַבינע. ער האָט דאָס מיידל ליב

באַקומען, מוראַדיק ליב; דאָס וואָס זי האָט נישט געערדט כמעט, וואָס יעדער וואָרט אירער איז געווען מיט גאָלד צוגלייך, האָט אים נאָך מער רייצנדיק געדופן און געשטויסן. ער האָט געוואָלט וויסן וואָס מיט איר איז, ווו זי פאָרט, צו וועמען? אַלעמען אויפן שיף האָט ער שוין געקענט אויסרעכענען דאָס לאַנד ווו זיי פאָרן, און ווער עס נעמט זיי אָפּ — נאָר וועגן אַניטאַ האָט ער עס זאָגן נישט געקענט.

* *
*

אין אַ טיף פינסטערער נאַכט, ווען דער ים און הימל מישן זיך אויס אין איין שוואַרצן חלל, ווען די טאַזשעדיקע וואָלקנס קוילערן זיך ווי די ים־כוואַליעס און עס פילט זיך אַ אויפשוידערנדיקע אומ־היימלעכקייט — איז אויפן שיף פאַרגעקומען אַ באַל.

אין גרויסן זאַל זענען געווען פאַרזאַמלט כמעט אַלע פּאַסאַזשירן, מענטשן פון אַלערליי פעלקער און לענדער; די מוזיק האָט געשפּילט; די טישן זענען געווען סערווירט מיט רויט וויין; ליכטיק איז גע־ווען אַרום און עס האָט אויסגעזען ווי אַ קליין אינזעלע באַוועגט זיך צווישן הימל און ערד — און די מענטשן פון אינזל טאַנצן אין מיטן פון אייביקן חושך.

מאָזער איז געווען ביים זייט פון אַניטאַן. זי האָט געשיינט אין דער באַל־קלייד און זיך אויסגעטיילט מיט איר יוגנטלעכקייט און געמאָסטענער צאַפּלדיקייט. אַ לייכטער שמייכל האָט זיך ווען ניט ווען באַוויזן ביי די ברעגן פון אירע ליפּן און אַרום די טיף־רונדע אויגן, באַזונדערס ווען די הויכע שיף־באַאַמטע אין גאַלאַנטע ווייסע קאָסטיומען, האָבן זי מיט אויפמערקזאַמקייט און אָפּשיי באַגריסט.

די יידישע עמיגראַנטן האָבן זיך געהאַלטן שטאָלץ מיט אַניטאַן און הנאה געהאַט פון איר דערפאָלג. יעדעס מאָל ווען עמיצער פון די שלאַנקע, גלאַט ראַזירטע, און פאַרפּוצטע מענער האָט אַניטאַן אַוועקגענומען צום טאַנצן האָט מאָזער זיך דערנענטערט צו די טיש לעך ווו עס זענען געזעסן דער יידישער עולם; ער האָט צוגלייך מיט אַלעמען נאָכגעקוקט איר יעדע באַוועגונג, אָבער זיין בליק איז גע־ווען אַ אומרואיקער און אין הארצן האָט אים גענאָגט.

עמיצער האָט מאָזערן געפרעגט וועגן אַניטאַן; צו וועמען זי

פּאָרט און צי ער ווייסט ווער זי איז. האָט מאַזער נישט צונעמענדיק די אויגן פון יענעם ווינקל וווּ אַניטאַ האָט געטאַנצט מיטן שיפס־קאַפּיטאַן, געענטפערט אויף גיך, אַז יאָ, ער ווייסט, זי איז אַ וואַר־שעווערין, און זי פאָרט צו אירן אַ פעטער אין מעקסיקע...

דער עולם האָט עס אנגענומען פאַר גוט געלט; מען האָט דערין געזען, אַז צווישן דעם פּאָרל איז דאָ אַ נאָענטקייט, אַז עס פּיקט זיך עפּעס... אָט ווייסט ער דאָך שוין ווער זי איז און צו וועמען זי פאָרט.

מאַזערן איז דער באַל נישט איינגעגאַנגען; עס האָט זיך אים גע־וואָלט, אַז די מוזיק־קלאַפּעריי און דער געררויש זאָלן זיך שוין ענדי־קען; אויפן האַרצן איז אים געווען אַזוי־ווי ארום דער שיף, פינסטער און פּוסט. איז ער צוגעגאַנגען צו אַ טישל, אַ נעם געטון אַ פלאַש זויערן וויין, וואָס געוויינלעך האָט עס אים נישט געשמעקט, און אַנגיסנדיק איין גלאָז נאָך דער צווייטער, האָט ער דעם וויין אריינגע־גאָסן אין האַלדז...

אין דעם מאָמענט איז אַניטאַ צוגעקומען צו אים, באַגלייט פון שיפס־קאַפּיטאַן, און עלעגאַנטן פראַנצויז. דער לעצטער האָט זיך העפלעך פאַרנויגט פאַרן קאַוואַליר, און זיך אַנטשולדיקט, וואָס ער האָט אים צוגענומען אויף אַ ווײַלע זיין מאַדמאַוזעל...

מאַזערן איז דאָס זייער געפעלן געווען. ער האָט דערפילט, ווי עס וואָלט אים אַ צופ געטון ביים האַרץ. הייסט עס, אַז אַלע, אַלע האַלטן אים פאַר אַניטאַס קאַוואַליר, אַפילו דער שיפס־קאַפּיטאַן. האָט ער לייכט אנגענומען אַניטאַס אָרים, זיך באַגעגנט מיט איר אומעטיקן בליק, וואָס האָט זיך אים אין דעם מאָמענט אויסגעוויזן מילדער אַביסל — און זיי זענען אַרויף אויפן דעק פון שיף.

אַ ווײַלע זענען זיי געשטאַנען ביידע אָן ווערטער. אַרום איז געווען שטאָק־פינסטער, נאָר אַ לייכטער אָפּשיין פון אַן עלעקטריש לעמפּל האָט געוואָרפן קליינע ליכט־פּאַסן אויפן דעק; עס האָבן זיך געהערט די כוואַליע־געיעגן אַרום דער שיף.

— קומט, לאָמיר אַראָפּגיין, — האָט אַניטאַ געזאָגט צו מאַזערן. עס איז זייער ווינטיק דאָ און פינסטער. — אָ, עס מאַכט נישט אויס — האָט ער געענטפערט און איז איר אין דעם מאָמענט געווען דאַנק־באַר, וואָס זי האָט אָנגעהויבן די ערשטע צו רעדן.

— איר ווייסט אַניטאַ, איך וויל עפּעס רעדן מיט אייך, און איצט איז די צייט דערצו, דערלויבט עס מיר צו טון.

—מיר רעדן זייער אָפט — האָט זי קאַקעטיש געענטפערט — איך דאַרף אייך נישט געבן קיין דערלויבעניש.

איז מאַזער צוגעפאַלן צו איר, ארומגעלייגט זיין האַנט איבער איר טאַליע און דערפילט דעם הייסן צאַפּלען פון אַניטאַס קערפּער. זי האָט זיך נישט געוועהרט, זיך צוגעטוליעט צו אים, ווי וועלנדיק באַהאַלטן זיך פון ווינט, וואָס האָט רעשדיק געטריבן פון ים ארויף — און מאַזער האָט פון צופרידנקייט נישט געוווסט ווי אַנצוהויבן רעדן וועגן דעם, וואָס ער האָט געוואָלט.

— אַניטאַ, איך בין גליקלעך איצט און ווייס נישט צו איך וועל קענען אייך זאָגן וואָס איך פיל...

— איך ווייס, איך ווייס, אַז איר וועט קענען — האָט זי אים געענטפערט, און איז געבליבן שטיין ביים ווינקל פון א באַריער, אראָפּגענומען זיין האַנט פון איר טאַליע און געבליבן מיט זיינע הענט אין אירע.

אַניטאַ, איך האָב אייך ליב, איך... — אָ, יאָ דאָס ווייס איך אויך, איך זע עס אויף אייך מאַזער, זייט ניט אזוי, איך בעט אייך, קינדיש, איר זייט דאָך א דערוואקסענער יונגער־מאַן, און מיר טרעפן זיך צוזאַמען אויף א קורצער רייזע, נישט מער...

מאַזער האָט דערפילט ווי מען וואָלט אים אָפּגעגאָסן מיטן גאַנצן ים וואַסער, וואָס אַרום דער שיף. ער האָט אַרויסגעצויגן זיינע הענט פון אַניטאַס, אָפּגעקערט די אויגן פון אירע — און ווי ער וואָלט געוואָרן אויסגעניכטערט מיט איין מאָל פון א שווערער שיקרעס האָט ער זיך מיט אַן ערנסטן טאָן אָנגערופן:

— אַנטשולדיקט, איך האָב אַליין נישט געהערט וואָס איך רעד... איר זענט זייער אַ סובטעל מיידל, איר אינטערעסירט מיר און דאָס אַליץ.... געוויס איז דאָס נישט קיין ליבע... צו ווייניק קענען מיר זיך.

אַניטאַ האָט אויף די רעד נישט געענטפערט. זי האָט באַמערקט די ענדערונג אין מאַזערן, וואָס זי האָט ארויסגערופן מיט איר אָפּ־קילנדער באַמערקונג, און עס האָט איר אביסעלע פאַרדראָסן. זי האָט גענומען לייכט שפּאַצירן אויפן דעק פון שיף. געוואָלט, אַז מאַזער זאָל זי נעמען אונטערן אָרעם, און ער איז געגאַנגען ביי איר זייט אומדרייסט און אומעטיק.

— אניטאַ, צו ווען פֿאָרט איר אין מעקסיקע, אויב מען מעג וויסן, — האָט מאָזער איבערגעריסן די שטילקייט.

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן און זיך אָנגערופֿן:

— ווי נײַגעריק מענטשן זענען. אַלע פֿרעגן מיר פֿונם ערשטן טאָג אָן די זעלבע פֿראַגע, און איך קען נישט ענטפֿערן. עס איז שווער צו ענטפֿערן ווען מען ווייס נישט אַליין אײַנגעטלעך צו ווען און צו וואָס מען פֿאָרט.

דער ענטפֿער האָט מאָזערן גוואַלטיק פֿאַראינטריגירט. ער האָט דערפֿילט, אַז אַניטאַ גאַרט איצט צו רעדן, אַראָפּרעדן זיך פֿון האַרצן, און ער איז צוגעשטאַנען צו איר מיט פֿראַגן וועגן איר לעבן, וועגן אירע עלטערן, פֿאַרוואָס זי איז אַוועקגעפֿאָרן פֿון דער היים און צו וועמען זי פֿאָרט.

זיי האָבן זיך געזעצט אויף אַ וויג־שטול אויפֿן דעק פֿון שיף. האַל־בע נאַכט און גאַנצע פֿינסטערניש אַרום זיי; ים הוזשעריי און ווינט־רויש האָט דורכגעשניטן די שאַרפֿע לופֿט; אַניטאַס שײַנענדיקער פּנים און ווײַסע הענט האָבן זיך אויסגעטײַלט פֿון דער טונקלקייט. אירע פֿינקלענדיקע אויגן האָבן געקוקט ווײַט, טיף. זי האָט זיך אײַנגענורעט אין מאָזערס זײַט, אײַנגעוויקלט אין זײַנע הענט, און דערציילט, דערציילט... אײנמאָל פֿאַר דער גאַנצער צײַט.

— ... דער פֿאָטער איז געשטאָרבן... מען האָט זי אָפּגענומען פֿון גימנאַזיע און צו אַן אַרבעט געגעבן: די ברידער זענען אַוועק פֿון דער היים; חתונה געהאַט, צעפֿאָרן זיך... זי איז געבליבן מיט דער מוטער... אַ קראַנקע פֿרוי... אַ שוואַכע... זי האָט געאַרבעט אין אַ געשעפֿט בײַטאָג, געלערנט זיך די אָוונטן... און צופֿרידן געווען... פֿאַרערער געהאַט... חברים, גוט פֿאַרבראַכט, ביז, ביז ער איז געקו־מען... אַ פֿעטער פֿון אַמעריקע... פֿון מעקסיקע...

...ער האָט דער מוטער געלט געגעבן, געזעסן אין שטוב און געמישאַטעוועט אויף איר — — —

— ... און האָט פֿאָרט זי צו אים... אַלעמען איבערגעלאָזט, די פֿרײַנט, דער מוטער, וואָס האָט אַזוי געוואָלט... און פֿירט מיט זיך בלויז אירע צוואַנציק יאָר, איר יוגנט, וואָס האָט אַזוי ווייניק פֿרייד געהאַט...

מאָזער האָט מיט האַרץ־קלאַפּעניש אויסגעהערט אַניטאַס גע־

שיכטע. ער האָט געציטערט פון אויפרעגונג הערנדיק, אַז ביים אַראָפּ־גיין פון שיף דאַרף זי חתונה האָבן מיטן פעטער, וואָס איז אינגאַנצן מיט אַ פּאָר יאָר יינגער פון איר פאַרשטאָרבענעם פאָטער; ער האָט איצט געפילט דאָס צאַפּלען פון אַניטאַס האַרץ; אַ ליבלעכע וואַרימ־קייט האָט זיך געטראָגן פון איר צו אים און קוקנדיק ווייט אין דער אָקעאַנישער פינסטערניש פון דער נאַכט האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז אַניטאַ וויינט, דערשטיקנדיק אין האַלדז אירע טרערן...

ער האָט זיך אַנגעבויגן צו איר שטערן און לייכט אַ לעק געטון אים מיט זיינע הייסע ליפּן; ער האָט געפילט ווי אַרומצונעמען דאָס מיידל און צודריקן פעסט צו זיך — אָבער איר אויפשטעלן זיך האָט אים ניכטער געמאַכט; מאָזער האָט זיך אויפגעהויבן גלייך מיט אַני־טאַן און זי באַגלייט צו איר קאַבינע; זיי האָבן נישט געוווסט צי די וואַקלענדיקע טריט וואָס זיי שטעלן קומען פון דער שיפס גאַנג, צי פון דעם, וואָס זיי האָבן אַליין פאַרלאָרן דאָס גלייכגעוויכט; אַני־טאַ האָט זיך שנעל אַריינגעכאַפּט אין איר צימער, נישט אויפהויבנ־דיק די אויגן אַפילו ביים זאָגן אַ גוטע נאַכט...

מאָזער איז געלעגן אויף זיין בעטל אַ טיף צערודערטער. די גע־שיכטע מיט אַניטאַן און איר פעטער האָט אים צעמישט; ער האָט געטראַפן, אַז זי פאַרט צו אַ פעטער, אָבער אַז דאָס זאָל אויך זיין דער חתן אירער, דאָס וואָלט אים קיינמאָל נישט איינגעפאַלן. ער איז איינגעשלאָפן ווען עס איז שוין געווען טאָג־ליכט איבערן ים און געחלומט האָט זיך אים, אַז ער האָט אַניטאַן צוגענומען פון איר אַלטן פעטער און איז אַנטלאָפן מיט איר ערגיץ אין אַן אומבאַקאַנט לאַנד...

* *
*

פון יענער נאַכט אָן — האָט אַניטאַ נאָך מער זיך איינגעשלאָסן אין אירע געדאַנקען; האָט זעלטן געערדט צו עמיצן אויפן שיף און זי פלעגט נאָר זיצן אין דעם וויג־שטול מיט אַ ביכל אין האַנט, האַל־טענדיק איינגעגראָבן אין די בלעטלעך אירע פאַרטרויערטע אויגן. אָדער זי פלעגט זיך פאַרקוקן טיף ווייט אין די וואַסער־כוואַליעס, אויפ־הויבן דעם שטערן פאַרנאַנדערייסנדיק אירע אַזוי אויך גרויסע אוי־גען — און קוקן, קוקן און גאַפן...

מיט מאַזערן האָט זי גערעדט געצייילטע ווערטער. זי האָט אויס־געמיטן צו בלייבן מיט אים אַליין, און האָט נישט געקענט אים קוקן אין פּנים, כאָטש עס האָט איר געצויגן אים צו זען.

די טעג און נעכט האָבן זיך לאַנג געצויגן אויפן שיף; עס האָט זיך צייטנווייז אויסגערוכט, אַז אייביק וועט אַזוי דויערן דאָס קרעכצן און הוזשען פון דער שיף, דאָס שטורמישע רוישן פון ים, דאָס אויסמישן זיך אויפן האָריזאָנט פון הימל מיט וואַסער — אַז עס וועט קיינמאָל קיין סוף נישט נעמען דערצו.

אַניטאַ האָט אָפטמאָל זיך געווונטשן, אַז דאָס פאָרן אויפן שיף זאָל זיך קיינמאָל נישט אויפהערן; זי האָט געציטערט פאַרן טאָג פון אָנקומען אין פּאָרט, ווי אַ פאַראורטיילטער צום טויט האָט מורא פאַרן אָנקום פון די וועכטער צו דער טיר פון זיין צעליע. און מאַזער איז אויך מיט יעדן טאָג געוואָרן אומרואיקער, דענערווירטער, קלערנדיק וועגן דעם, וואָס עס וועט פּאַסירן מיט אַניטאַן ביים אַראָפּשטייגן פון שיף.

אַניטאַ האָט פאַרשטאַנען וואָס עס פילט מאַזער און זי האָט געהאַט אַ באַגער נאָכאַמאָל צו האָבן מיט אים אַ געשפּרעך. וויפל מאָל זי האָט געוואָלט אָנהויבן צו אים צו רעדן, זאָגן אים עפּעס — האָבן זיך איר די ווערטער געשטעלט אין דער קעל... און זי האָט נית גערעדט. זי האָט אָבער באַשלאָסן, אַז זי מוז אים זאָגן איר דאַנק פאַר זיין אויפמערקזאַמקייט און געבן צו פאַרשטיין, אַז צווי־שען זיי איז נישט מער ווי אַ שיף־באַקאַנטשאַפט.

אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך אַניטאַן געמאַכט ערשט איין טאָג פאַרן אָנקומען אין פּאָרט.

עס איז געווען נאָך האַלבער נאַכט ווען די שיף האָט זיך גע־פונען אין מיטן פון מעקסיקאַנער גאָלף; די שיף האָט זיך לייכט געוואַקלט אינם שטורמישן וואַסער; מאַזער איז מיטן שפּראַצן פון טאָג אַרויס אויפן דעק.

* *
*

אין חשכות פון דער נאַכט האָט זיך די שיף געצויגן ווי אַ גיגאַנטישער ליכט־מעטעאָר איבערן אָקעאַן.

טיף נאָך האַלבער נאַכט איז פאַרשוווּנדן פונם הימל יעדע שפּור

פון העלקייט; שווארץ דער הימל, שווארץ דער ים, קאָלירלאָז איז דער רוים.

די נאַכט איז געווען פון די ווינציקע אין וועלכע די פּאַסאַזשירן אין די קאַבינעס זענען געשלאָפן געשמאַק, חלומנדיק זייערע חלומות פון פארלאָזטער און נייער היים.

מאָזער איז געווען איינער אַליין אויפן דעק פון שיף. די פינסטער־ניש פון דער גאַנצער וועלט האָט אנגעפילט דעם ארום; שטיל האָ־בען איצט געראַשט די וואסער־כוואַליעס; אומעט האָט געוויזט צו־זאַמען מיט אַ שאַרף ווינטל; אַנגעלענט אָן וויג־שטול האָט מאָזער איינגעזאַפּט אין זיך מיטן פולן אָטעם די שאַרפע, נאַכטיקע ים־לופט און זיך דערפילט קרעפטיקער.

וועלנדיק פארטרייבן דעם אומעט האָט ער צו זיך אַליין גערעדט אויפן קול וועגן דער מעכטיקייט פון דער ים־סטיכיע, וועגן אָקעאַן, דעם טיפן, ברייטן און רעשדיקן וואַסער־גוס, וואָס פליסט און פליייצט אַזוי יאָגנדיק און שטורעמדיק איבער אַ וועלט...

* *
*

אַניטאַ איז געלעגן אויף איר בעטל אין קאַבינע מיט אָפענע אויגן, זי האָט געפילט, אַז דאָס האַרץ קלאַפּט ביי איר האַסטיקער, עפּעס האָט זי מורא באַקומען פארן פעטער אַליין נענטער, וואָס די שיף האָט זי געטראָגן צו אים... עס איז איר געוואָרן זייער אומעטיק, שלאָפן האָט זי נישט געקענט און דורכן פענסטער פון איר קאַבינע האָט זי געזען ווי דער הימל האָט געעפנט זיין טראַכט. האָט זי האַסטיק אַ שפּרייז געטון פון בעטל, ארויפגעצויגן אויף זיך אַ קליידל און סוועטער, און פריש, לעבעדיק, ארוים אויפן דעק.

מאָזער האָט דערשפּירט אַניטאַן נאָך איידער ער האָט זי דער־זען. אַ טאַנצנדיקער איז ער איר אַנטקעגן געגאַנגען אויסזינגענדיק:

— אָ, אַניטאַ! מיר וועלן באַלד זען עפּעס אַזוינס, וואָס מען קען זעלטן זען!...

— עס וועט זיין אַ פּראַכטפולער זון־אויפגאַנג...

זיי האָבן זיך ביידע אוועקגעשטעלט אָנגעלענט אָן אן אייזער־נעם סלופּ אויפן דעק. מאָזער האָט געגלעט אַניטאַס האַנט און זיי

האָבן זיך פאַרקוקט אויף דעם האָריזאָנט, וואָס איז געווען אַזוי נאָענט און קלאָר.

פון דער פריערדיקער, נאַכטיקער פינסטערניש האָט זיך אין הימל אויסגעשפּאָלטן אַ לאַנגער, העלער פּאַס ליכט, און האָט יעדע ווײַלע פאַרכאַפּט אַלץ אַ גרעסערן הימל־שטח.

אָט איז שוין דער גאַנצער האָריזאָנט געווען באַהעלט און באַשפּריצט מיט אַן אומגעווײנלעכער גין־גאָלדיקייט, ווי דאָס גאַנצע גאָלד פון דער וועלט, וואָלט דאָ געבראַכט געוואָרן צו באַפּוצן דעם הימל.

וואָס אַמאָל העלער און העלער, מיט אַ פײַער גלאַנץ האָט דער באַגילדעטער הימל געשײַנט און געבליצט.

טיף פון האָריזאָנט האָט זיך פּאַמעלעך אַרויסגערוקט אַ רויטער פלאַם, ווי אַ שאַרף פון אַ מעסער; וואָס אַ סעקונדע העכער, וואָס אַ רגע קײַלעכדיקער און בלענדנדיקער, וואָס אַ ווײַלע גרעסער און לויכטנדיקער — אַ בריליאַנטענע קויל.

דער זון־אויפגאַנג אויפן ים, ביים מעקסיקאַנער גאָלף איז געווען באמת פּרעכטיק און שיין.

אַניטאַ מיט מאָזערן זענען געשטאַנען פאַרגאַפּטע אויפן דעק. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַניטאַ האָט זיך צעשײַנט צוזאַמען מיטן הימל, אַז זי האָט זיך צעגלאַנצט מיטן גלאַנץ פון דער זון. און — מיט אַ צוגעשמידטן בליק איז אַניטאַ געשטאַנען אַ באַגײַסטערטע און גליקלעכע, אַ פאַרליבטע אין דער פאַרבנרײַכער הימל פּאַנאָראַמע.

ווי שיין, ווי וווּנדערבאַר עס איז הײַנטיקער זון־אויפגאַנג — האָט אַניטאַ זיך אָנגערופן.

— יאָ, שיין — האָט מאָזער שטיל געענטפערט — נאָר מיר איז זייער אומעטיק.

דער ים האָט זיך געשפּיגלט אין דער פרישער פרימאָרגן־זון; די לײַכטע כוואַליעס האָבן באַקומען טויזנטער גלאַנצן; דער הימל איז געוואָרן בלוי און ריין; די זון, אַ ווײַסע און קײַלעכדיקע, האָט זיך אַ גליטש געטון העכער, זיך געלאָזט שפּאַצירן איבערן רחבות־דיקן הימל־רוים, וואָרפנדיק גליענדיקע, מחיהדיקע שטראַלן אין אַלע ווינקלען.

— מאַזער — האָט אַניטאַ — זיך אַ קער געטון צו אים און שטיל געזאָגט: הערט מיך אויס, איך וויל אייך וואָס זאָגן...

עס האָט זיך ביי אים אָפּגעשטעלט דער פּולס אין דעם מאָמענט. ער האָט זיך דערפילט אזוי הילפסלאָז און פארלוירן, אַז ער האָט נישט געוווסט וואָס צו טון...

— מאָרגן קומט אונזער שיף צום פּאָרט — האָט אַניטאַ ווייטער געזאָגט מיט אַ בעטנדיקן טאָן. — איך ווייס נישט צי מיר וועלן זיך נאָכדעם אמאָל נאָך זען... נעמט זשע צו מיין בעסטן דאַנק פאַר אייער פריינדלעכקייט צו מיר...

און זעענדיק, אַז מאָזערס פּנים האָט זיך פארצויגן מיט אַ ביטערער גרימאַסע האָט זי ווייטער געזאָגט: — איר זענט געווען מיין איינציקער פריינט אויפן שיף; איך וועל אייך געדיינקען; אָבער מיר מוזן זיך צעשיידן איצט, איר ווייסט, איך פאָר צו אַ פעטער... איך האָב נישט קיין וועג צוריק און האָב באַשטימט אויף דעם וועג צוגיין... פארפאַלן...

זי האָט ארויסגעצויגן איר הענטל פון מאזערס האנט, אַ לויף געטון איבערן דעק, ווו עס האָבן זיך שוין גענומען באַווייזן פּאַסאַזשירן, און פון ווייטן אים צוגעוואָרפן: — איך גיי מיך איבערטון, מיר וועלן זיך טרעפן ביים פרישטיק...

מאָזער איז געבליבן שטיין אַ פארלוירענער. ער האָט געפילט, אַז אין הארצן האָט זיך אים עפּעס אָפּגעריסן, און געדוכט האָט זיך אים, אַז עס איז פּלוצלונג צוריק פינסטער געוואָרן, די זון איז אַנטלאָפן פון הימל און אַ מאוימדיקער ווינט בלאָזט...

נישט מיט זיינע כחות איז מאָזער אראָפּ צו זיך אין קאַבינע; ער איז אַ פאַל געטון אויפן בעטל ווי אַ שטיין, איינגענורעט דעם קאָפּ אין קישן... און זיך ביטער צעוויינט...

עס האָט זיך אים אין דער נעפּלדיקייט פון דער קישנס ווייכקייט געדוכט, אַז ער זעט אַניטאַס אויגן, און ער האָט גערעדט צו איר: מאַלאַכל מיינער, ווען דו ווייסט, ווי ליב איך האָב דיך... זיס מיידל דו, געשמאַקע...

און אזוי איז ער איינגעשלאָפן שווער סאָפּענדיק...

* *

*

אניטאַן איז געווען זייער אויפפּאַלנד וואָס מאָזער איז צו פריש־טיק נישט אַראָפּ אין עס־צימער. זי איז געזעסן לייִנגער ביים פריש־טיק און איז אַוועק פון טיש ערשט ווען די באַדינער האָבן שוין אַראָפּגעצויגן די טישטוכער. אַ גאַנצן פרימאָרגן איז מאָזער נישט געווען און פרעגן אויף אים האָט זי נישט געוואָלט און אויך נישט געהאַט ביי וועמען.

מאָזער איז אויפגעשטאַנען פון זיין האַסטיקן שלאָף — און האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, ווי זוכנדיק זיך צו דערמאָ־נען ווו ער איז דאָ... ער האָט זיך אויסגעצויגן, פלייסיק גענומען וואַשן דעם פּנים, ראַזירט זיך און קוקנדיק אין שפּיגל גערעדט צו זיך אַליין.

— נאַר דו, ווי קומט עס צו דיר... אַניטאַ איז גערעכט... זי פּאַרט צו אַ פעטער... צו אַ חתן... כאַ־כאַ צו אַ... חתן.

ער האָט באַשלאָסן זיך האַלטן ווירדיק. סייווי מוז ער אַניטאַן פאַרגעסן, כאָטש זי האָט דערוועקט אין אים אַזעלכע טיפע פאַר־לאַנגען, זיסע געפילן, אַ שטאַרקן ליבע־דראַנג.

מאָזער איז אַריין אין עס־צימער מיטאָג־צייט. ער האָט זיך פריינדלעך באַגריסט מיט אַלעמען, העפלעך זיך פאַרנייגט פאַר אַניטאַן, און ליבלעך אַ שמייכל געטון צו איר; ער האָט זיך געזעצט ביי איר זייט, ווו זיי פלעגן לעצטנס עסן צוזאַמען און געזאָגט:

— מיר וועלן היינט עסן דעם לעצטן מיטאָג צוזאַמען, אַניטאַ...

— יאָ, אַבער, די שיף קען זיך נאָך פאַרשפּעטיקן... און מאָרגן וועלן מיר נאָך דאָ אויך דאַרפן עסן — האָט זי אים געענטפערט.

זיי האָבן איצט גערעדט ווי פריינט, ווי פרעמדע, איינגעהאַלטן, געמאָסטן די ווערטער. ווען זיי האָבן זיך אויפגעהויבן פון טיש האָט מאָזער אויסגעצויגן זיין האַנט צו איר און געזאָגט:

— אַלזאָ, זעגענען מיר זיך. עס וועט בעסער זיין איצטער, ווי ביים אַנקומען אין פּאָרט; מיך וועלן קומען אָפּנעמען אייניקע פּער־זאָן... עס קען זיין, אַז אויך מיינע אַ קוזינקע וועט קומען, זייער אַ שיין מיידל....

— יאָ, לאָמיר זיך געזעגענען — האָט אַניטאַ געענטפערט. — איך ווינטש אייך גליק...

— און איך אייך אויך, אַניטאַ... אייך און אייער פעטער... אייער חתן....

אניטא האט ביטער א שמייכל געטון; זי האט דערפילט דעם פעסטן האנט־דרוק פון מאזערן, פארקרימט א קוק געטון אויף אים און באמערקט א איראנישן שמייכל אויף זיין געזיכט. עס האט איר וויי געטון, וואס מאזער באהאנדלט איר אזוי, וואס ער נעמט זיך דאס רעכט איר צו מאכן אזא שטעכיקע באמערקונג. זי האט אבער ארויפגעצויגן א שמייכל אויף איר פנימל און געזאגט:

— א דאנק, א דאנק אייך .אפשר וועלן מיר זיך אמאל באגעגענען...

* *
*

עס איז געשטאנען א הערלעכער פרימארגן, ווען די שיף איז אריין אין פארט. דער הימל בלוי, דער ים בלוי, די זון העל און מהיהדיק־ווארים — די מענטשן אויפן שיף האבן זיך געפילט יום־טובדיק און לוסטיק.

אניטא האט זיך צום ערשטן מאל באוויזן אין א היטעלע, מיט א העל קליידל אויף איר נעטן קערפערל. זי איז געשטאנען פאר־אומערט און געקוקט מיט רעזיגנירטע בליקן אין דער ריכטונג פון פארט, וו עס איז צווישן פיל מענטשן געשטאנען איר פעטער, איר חתן, דער מענטש, וואס דארף באלד ווערן איר מאן...

מאזער האט זיך געשטעלט פון וויטן, ביי דער צווייטער זייט פון פארענטש און האט אבסערווירט אניטאן. זי האט אים נישט געזען, אבער געפילט האט זי, אז פון ערגיץ קוקט ער ארויס אויף איר; האט דער באדן געברענט אונטער אירע פיס.

א ווײלע שפעטער האט מאזער געזען ארויפגיין מיט הארטע טריט א מאן מיט א שפיציק בייכל און פליישיקן פנים. געטראגן האט ער א וויסן קאסטיום און געלע שיך, א שטרויענע הוט, און אין האנט האט ער געהאלטן א שווארצן שטעקל, אויסגעזעצט מיט זילבערנע מאנאגראמען. אויף די פינגער פוןביידע הענט איז ביי דעם מאן געהאנגען, ווי אנגעקלעפט רינגען, וואס האבן בריליאנט־נדיק געוווּנקען. מאזער האט פארשטאנען, אז דאס איז ער, דער פעטער...

אניטא האט זיך מיט אים קאלט באגריסט און אפגעבנדיק אים אירע שיף־פאפירן, וואס זי האט ארויסגעצויגן פון בייטעלע, איז זי מיט אים מיטגעגאנגען, ארונטערצוגיין פון שיף.

מאַזער האָט איינגעגראָבן זיינע אויגן אין דער אויסטערלישער פּאָרל. דאָס האַרץ האָט אים האַמערדיק געקלאַפּט און ער האָט ניט געוווסט ווו זיך אהינצוטון, בעת זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען נאָענט פון אים.

אַניטאַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ; זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט די בליקן... אַ ים־מעווע איז אַריבערגעפלויגן איבער זייערע קעפּ... עס האָט זיך געהערט אַ פייפעריי פון פּאַרט און געשרייען פון די מאַטראָסן... זיי זענען פאַרשוווּנדן...

* *
*

אַ קאַלטער שוויים איז ביי מאַזערן אַרוים אויפן שטערן. ער האָט אַ ריב געטון מיטן האַנט דעם קאָפּ — און זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ טיפן שלאָף. ערשט ווען ער האָט זיך געפונען אַרומגערינ־געלט פון זיינע קרובים, איז ער געקומען צו זיך פון דער גאַנצער געשעעניש און האָט עס ביסלעכווייז געזוכט פאַרגעסן. דאָך האָט אים אַ לייַנגערע צייט געמאַטערט דער געדאַנק וועגן אַניטאַן און איר פעטער. ער האָט פונדעסטוועגן באַשלאָסן, אַז ער וועט זיך ביי זיינע פריינט נישט נאָכפרעגן וועגן דעם מאַן, כדי פאַר קיי־נעם נישט צו פאַרראַטן דעם סוד, וועגן זיין געפיל צו אַניטאַן.

ער האָט געקלערט, אַז ער וועט מעגלעך אַמאָל זיי באַגעגענען קומענדיק אין יידישער געזעלשאַפט. עס איז אָבער אַוועק אַ לאַנגע צייט און ער האָט אַניטאַן ערגיץ נישט געטראָפן — האָט ער פאַר־געסן אָן דער גאַנצער פּאַסירונג.

נאָכדעם ווי מאַזער איז שוין געווען אַ פּאָר יאָר אין מעקסיקע — איז ער געוואָרן אַ חתן. זיינע פריינט, די יונגעלייט, וואָס ער האָט באַקענט ביי די קרובים אין הויז, און די וועלכע ער האָט דער־וואָרבן אין דער צייט אין קלוב און אין געזעלשאַפט, האָבן אים איינ־געאָרדנט אַ „געזעגענונגס" צערעמאָניע, אייניקע טעג פאַר זיין חתונה.

אַ חברה יונגוואַרג זענען געזעסן לוסטיקע אין אַ קאָמפאָרט־רעסטאָראַן; מען האָט זיך געגאָסן מיט שאַמפּאַניער צו געזעגענען מאַזערס בחורשאַפט, געזונגען און גוט פאַרבראַכט.

נאָך האַלבער נאַכט זענען די גרופּע פריינט ארוים אויפגעלייג־טע און הייטערע פון רעסטאָראַן. איינער האָט פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל גיין אין אַ קאַבאַרעט. זאָל מאַזער דאָס „לעצטע מאָל" טאַנצן מיט אַ פרעמד מיידל, אין אַ פּאָר טעג ארום וועט ער שוין נישט טאָרן...

עמיצער האָט זיך אָנגערופן, אַז מאַזער האָט טאַקע כשר פאַר־דינט שוין חתונה צו האָבן, ווייל ער איז ריין פון זינד. האָבן חברה פאַרקערעוועט די קאָטש און זיך געלאָזט פאָרן דורך דער געגנט, ווו עס לעבן און הוליען די נאַכט־פויגל, ווו מען קויפט ליבע פאַר אַ פּעזע — אויף קוואָוטעמאָטזין...

מאַזער האָט פּראָטעסטירט, וואָס מען פאָרט אַהין. ער האָט גע־האַט אַ שלעכטן פאַרגעפיל עפּעס. די חברה האָט אים נישט געהערט. מען וועט נאָר דורכפאָרן, נשקשה, ער מעג זען, ווי עס שטייען אין שמאָלע טירן־פענסטער מיידלעך פון אַלע סאָרטן, און רופן אין שטייג אַריין זייערע שטאַם־געסט. איז מען געפאָרן.

די נאַכט איז געווען אַ העלע און ליכטיקע. די שטערן זענען פינקלענדיק געהאַנגען איבערן מעקסיקאַנער הימל און געוווּנקען, ווי זיי וואָלטן גערופן, גערופן צו עמיצן...

די קאָטש מיט מאַזערס גרופּע פריינט האָט זיך געפונען אין האַרץ פון דער גרויס־שטאָטישער פּסולת, צווישן אַלטע הייזער, ווו עס זענען אַ טיר איבער אַ טיר געווען קנייפּעס, זויף־בייד־לעך פון וועלכע עס האָט געשלאָגן מיט שאַרפע, געווירצטע שפּייזן; מענטשן האָבן זיך ארומגעדרייט האַלב שיקערע; עס האָבן זיך גע־הערט גרעבסנדיקע כאָרכלערייען, אַ גיטאַרע האָט געסקריפּעט און הייזעריקע שטימען האָבן צוגעזונגען עפּעס אַ באַנאַל לידל...

— זעסט, מאַזער, האָט איינער פון דער חברה אָנגעוויזן, זעסט, אין די פענסטערלעך, ווי זיי שטייען דאָרט, זענען פאַראַן צווישן זיי שיינע מיידלעך, און אַפילו עטלעכע יידישע אויך...

עס האָט זיך דערהערט אַ קוויטשעריי און אַ בראַזגעריי פון שויבן. מען האָט גענומען לויפן פון אַלע זייטן, שרייען און גוואַל־דעווען...

עטלעכע פרויען און מענער זענען נאָכגעלאָפן אַ שיקערן גאַסט. ער האָט געפּאַטשט מיט אַ פאַרבלוטיקטן מעסער און זיך געמאַכט אַ וועג, פאַרשווינדנדיק אין די טונקעלע געסלעך פון ארום.

ביי איינער פון די הייזקעס איז געשטאנען א גרוים געזעמל. די חברה האָבן אָפּגעשטעלט די קאָטש און אַרוים אַ קוק טון, וואָס עס האָט פּאַסירט. מאָזער האָט געהערט, ווי אַ פרוי מיט אַ מענ־לעכע שטים דערציילט, אַז אַ שיקערער גאַסט האָט דערשטאָכן די „פּאָליאַקאַ". מאָזער מיט די חברים זענען געווען נייגעריק זיך צו דערוויסן ווער דאָס איז.

עס איז אָנגעקומען פּאָליציי. מאָזער איז נאָך זיי אריין אין דעם שמאָלן שטיבל. פינסטער איז דאָרט געווען. קרעכצן האָבן זיך גע־טראָגן פון אַ ווינקל, וווּ עס איז געשטאַנען אַ בעטל.

מען האָט אָנגעצונדן אַ ליכט און דערזען ליגן אַן איינגעקאָרט־שעטע יונגע פרוי ביים ראַנד פון בעט. אירע קליידער זענען געווען צעריסן, די האָר צעלאָזן. זי איז געווען אַ באָרוועסע, מיט איין זאָק אויף אַ פוס; די הענט האָט זי געהאַלטן צוגעדריקט צו איר האַרץ און אַ רויטע ריטשקע בלוט האָט געשטראָמט, געפלאָסן...

מען האָט זי אויפגעהויבן כדי אַנידערצולייגן אויפן בעטל. זי האָט געקרעכצט אַלץ שווערער און געאָטעמט טיף, ווי די לופט וואָלט געווען בלויז אין אירע לונגען.

מאָזער האָט עפּעס דערפילט אַ שרעקלעכן שטאָך אין מח. דער פּנים פונם מיידל האָט זיך אים אויסגעוויזן ווי באַקאַנט. ער האָט האַסטיק זיך אַ צי געטון צום בעטל, אַ ריס געטון מיט ביידע הענט די אויגן־הייטלעך ביי דער דערשטאָכענער פרוי — און... די בלוט איז אים אַנטלאָפן פון אַלע אברים... ער איז געבליבן שטיין אַ פאַר־גליווערטער... — דאָס זענען געווען אניטאַס טיפע, אומעטיקע, גרויסע, פאַרטראַכטע אויגן...

ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן און נישט געקענט... עס האָט אים געשלאָגן אין די שלייפן ווי מיט האַמערס... דאָס האַרץ האָט אים פאַרקלעמט, אַז ער האָט געמיינט ער פאַלט באַלד אין אַנמאַכט... ער האָט בלויז אַ טיפן קרעכץ געטון — אוי...

... די חברים האָבן אים אַרויסגעשלעפּט פון דעם צימערל און זיך געבייזערט אויף אים, וואָס ער איז געקראָכן אַהין.

— וואָס איז דאָס דיין עסק צו מישן זיך צווישן אַזעלכע. אַ נאָווינע דאָרט, אַז מען זאָל דערשטעכן אַ נקבה...

מאָזער איז געזעסן אין קאָטש אַ האַלב פאַרחלשטער. ער האָט נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט. זיינע אויגן האָבן פאַרגלייזט

געקוקט צום בלויען הימל; ער האָט זיך דערמאנט יענע נאכט אויפן שיף, אניטאס רייד, און האָט דערפילט אַ נאָגנדע דריקונג, אַ ביי־טערן געפיל, פאַר זיין האנדלונג; פאַר זיין נישט פארשטיין ווער עס איז געווען דער פעטער אירער, און צו וואָס ער האָט זי אַריבער־גענומען פון יענער זייט ים.

* *
*

אויף מאָרגן אינדערפרי האָט מאָזער ווי אַ דורשטיקער זיך צו־געכאַפּט צו די צייטונגען, וואָס מען האָט געבראַכט אַהיים. ער האָט צום ערשטן מאָל זינט ער איז אין מעקסיקע זיך געכאפט גלייך לייע־נען צווישן דער קרימינעלער כראָניק — און ער האָט קיין טעות נישט געמאַכט.

אַניטאס בילד איז געווען געדרוקט לעם אַ באשרייבונג, וויאַזוי אַ שיקערער גאַסט, וואָס איז פארשוואונדן, האָט דערמאָרדעט אַ מיידל פון לייכטער אויפפירונג אין איר צימערל אויף קוואוטעמאַט־זין...

זי איז געווען באַקאַנט, האָט דער רעפּאָרטער געשריבן, צווישן די אונטערוועלט־מענטשן אַלס „די פּאָליאַקאַ"... און מען זאָל זי האָבן דערמאָרדעט אַלס נקמה קעגן איר „פּראָטעקטאָר", דעם..

— דאָס איז געווען דער „פעטער"... מאָזער האָט אים דער־קענט לויט זיין פאָטאָגראַפיע אין צייטונג...

ער האָט אַ שליידער געטון דאָס שטיק פּאַפּיר פון זיך אין גרויס פוריע... מער לייענען האָט ער שוין נישט געקענט. ער איז אַרויס אין גאַס. געפילט האָט ער, אַז טויזנט פודיקע שטיינער דריקן אים זיין האַרץ. עס האָט זיך אים געוואָלט וויינען, שרייען, רייסן פון זיך שטיקער...

מאָזער האָט גענומען שטעלן גיכע טריט. די פרימאָרגן לופט איז געווען אַ שאַרפע. די זון איז נאָך אַקאָרשט אַרויס אַ קוק טון אויף דער וועלט, דורכגעריסן אירע ערשטע שטראַלן צווישן די הויכע מויערן. די גריל־צעריי פון די אנפּאַרנדיקע טראַמוואַיען האָט אים דענערווירט, ער האָט נישט געזען ווו ער גייט און ווער עס גייט נאָך אויפן גאַס. איז ער אריין אין אַ קאַנטינע. געהייסן זיך געבן אַ גלאָז טעקילאַ, אריינגעגאָסן עס אין האַלדז אָן אַ קרים צו טון זיך...

ער איז געזעסן ביים טישל א טויט־שיקערער, מאַזער; געטרונקען איין גלעזל נאָכן צווייטן, גערעדט צו זיך אַליין, געוואָרטשעט, געזען אניטאַס אומעטיקע אויגן און גלעזל זיך קוילערן, און...

... און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרנאַכט א מידער און צעבראָכענער ווי פון א שווערער קרייַנק. ער האָט דורכגעוואָרפן אין זיינע געדאַנקען אַלע איינצלהייטן פון דער פּאַסירונג אויפן שיף, ביז אַניטאַס לעצטן קוק פאַרן טויט — און געזאָגט צו זיך אַליין:

— פאַרגעסן, דאָס מוז אַלץ פאַרגעסן ווערן!...



# דער פּאַלאַץ

דער פּאַלאַץ פון דער רעגירונג, וואָס שטייט אויפן סאָקאַלאָ, ווי א וועכטער פון דער הויפּט שטאָט און פון גאַנצן לאַנד — איז אַן אַלטערטימלעכע געביידע און אויסערלעך מאַכט זי נישט קיין באַזונדערן איינדרוק. מען פאָרט פאַרביי דעם פּאַלאַץ צען מאָל, הונדערט מאָל און עס ליגט גאָרנישט אין זינען זיך אומקוקן אויף אים. טרעפט אָבער אַמאָל, אַז מען שטעלט זיך אָפּ און מען כאַפּט אַ בליק אויף דער לאַנגער, טונקעלער געביידע, וואָס פאַרנעמט די גאַנצע לייַנג פון מעקסיקעס צענטראַלן פּלאַץ און מען דערמאַנט זיך, וואָס פאַר אַ געשיכטע עס איז מיט אָט דער געביידע פאַרבונדן און וואָס פאַר אַ גורלות עס זענען אין אירע ווענט באַשטימט געוואָרן פאַרן מעקסיקאַנער פאָלק.

יעדעס ווינקל אין פּאַלאַץ איז געשיכטע און אינטערעסאַנטע געשיכטע. דאָס ווייס מען, ווען מ'איז געווען אין אַלע זיינע לאַבירינטן, געזען די מערקווירדיקע היסטאָרישע אָביעקטן אין דעם נאַציאָנאַלן מוזעאום און באַטראַכט די וואונדערבאַרע, געניאַלע מאַלעריי, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך די געשיכטע פון מעקסיקע און אירע הויפּט מענער, געצייכנט אויף דער גרויסער וואַנט פון פראַנט אריינגאַנג פון מעקסיקעס נאַציאָנאַלן קינסטלער דיעגאָ ריווערא.

באַשרייבן בלויז אָט דאָס מאַלערישע קונסט ווערק דאַרף מען ספּעציעלן טאַלאַנט. קוקט איין מאָל און צען מאָל אויף די דורותדיקע צייכענונגען, אויף די פּנימער פון די פאַראייביקטע פאָלקס מענטשן און פאָלקס פירער און פּרעזידענטן, ווי לעבעדיקע פאַר אייערע אויגן; איר זעט דעם גאַנג און דעם זיגזאַגעדיקן ריטם פון דעם צויבער־לאַנד, וואָס שקלאַפט, הויבט זיך צום לעבן, בויגט זיך ווידער אונטער קנוטן — און די אויג קען גאָרנישט זאַט ווערן אָנצוקוקן זיך מיט אָט דער

קינסטלערישער קראַפט, וואָס שלאָגט אַראָפּ אויף אייך פון דער וואַנט־מאַלעריי.

---

דער אַלטער, טויבער קאָמענדאַנט פון פּאַלאַץ לאַדט אונז איין אַריינצוגיין אין סאַמע „קדשי קדשים", ווייזן אַלע פּלעצער ווו עס ווערט אין נאָמען פון פּאָלק רעגירט — און דערווייל וועט ער כאַפּן א מטבעה, וואָס קען דאָך יעדנפאַלס צונוץ קומען...

די טירן, וואָס ער עפנט אויף און פאַרשליסט אונטער אייך זענען שווערע, האַמעטנע. באַלד פון ערשטן זאַל, וואָס איז לאַנג און שמאָל, באַשטעלט מיט ווייך און רייך מעבל, און רופט זיך „דער קאָנסטיטוציע זאַל", — טוט עס אַ בלאָז מיט קעלט און פינסטערער שטילקייט. מיר באַטאַפּן דאָס מעבל, טרעטן אויף ווייכע טעפּיכער, קוקן אָן די היסטאָרישע מאַלערייען און בילדער פון פּאָליטישע פּערזענלעכקייטן פון פאַרגאַנגענע צייטן.

אין אַזוי גערופענעם „גרינעם זאַל" ווו עס קומען פאַר די אָפיציעלע אויפנאַמעס פאַר רעגירונגס־לייט און דיפּלאָמאַטן איז אַלץ גרין. די ווייכע מעבל, דער אָרנאַמענטן־פּולער באַלקן, די ראַמען פון די בילדער; די ווענט זענען באַצויגן מיט גרין־זיידענע טאַפּעטן און ווען מען צינדט אָן די ליכט ווערט עס נאָך גרינער אין זאַל, פון די אַבאַזשורן און קאַנדעליאַבערס פונם זעלבן קאָליר.

אָט איז דער „אַמבאַסאַדאָרן זאַל". מ'קומט דאָרט אַריין דורכן קליינעם "גרינעם זאַל", וואָס דינט פאַר קלענערע אויפנאַמעס. דער זאַל איז גרויס און רחבורותדיק. די ווענט זענען באַהאַנגען מיט בילדער פון היסטאָרישע פּאַסירונגען און פּערזענלעכקייטן; דער טעפּיך אויפן פּאָדלאָגע איז פון געשטיקטן שטאָף און עס גייט זיך אויף אים אַליין. דאָ קומען דאָך די פאָרשטייער פון אַנדערע מלוכות און מען דאַרף זיך פאַר זיי מיט עפּעס באַווייזן. שטייען אין די ווינקלען רעגיאָנאַלע אויסאַרבעטונגען פון אַמתער פּאָלקס־קונסט. דערנעבן איז דער טאַנץ זאַל, ווו עס ווערן געגעבן אָפיציעלע פייערונגען פאַר הויכגעשטעלטע לייט; ער איז אינגאַנצן ליידיק, נאָר די ווענט־באַפּוצונגען, די באַלקן באַצירונגען שאַפן אַן אַמביענט פון זאַרגלאָזיקייט. און אַזוי פילן זיך דאָרט מסתמא די אויבערשטע פון שטויסל, ווען זיי באַוועגן

זיך אונטער מוזיק אקאמפאניאמענט אויף דער גלאנציקער פארלאגע, וווּ עס דאַרף זיך טאנצן באזונדערס לייכט...

---

נאָך אַ צימער און נאָך — און מיר ווערן אריינגעפירט אין זאַל פון די זיצונגען, דאָרט ווו עס רעזידירט דער פּרעזידענט און ווו די רעגירונג נעמט אָן אירע באַשלוסן. דער צימער איז געטונקט אין בלוי; אין מיטן שטייט אַ ברייטער לאַנגער טיש, באַצויגן מיט אַ גרינעם פּראנעל. עס ליגן אויפן טיש די טעקעס פון די מיניסטאָרן, באַצייכנט מיט זילבערנע בוכשטאַבן; אויבן אָן איז דער שטול פון פּרעזידענט און זיין אַרבעטס־טעקע, איבער איר הייגנט אַ קליין עלעקטריש לעמפּל; די ווענט זענען לײדיק, פון גאַס קומט אריין דורך די... פאַרקראַטעווע־טע פענסטער אַ טונקל ליכט און עס הערשט אַזאַ פוסטע שטילקייט, אַז מען הערט דעם עכאָ פון אונזערע טריט.

ביים וואַנט, אונטערן שטול פון פּרעזידענט שטייט אויף שטאָל־צעס אַ גרויסע, מיטן האַנט געצייכנטע מאַפּע פון דער מדינה. זי ווערט אוואַדי גענוצט ווען מען רעדט וועגן דעם אָדער יענעם געגנט, צו כאַפּן אַ קוק אויף דער „פּאָזיציע“.

פאַרן ארויסגיין פירט דער אַלטער נאָך ארויף די באַזוכער אויפן הויפּט באַלקאָן פון פּאַלאַץ, דאָרט ווו דער פּרעזידענט שטייט ביי אַלע פּאַראַדן, און פון וואַנען ער פירט דורך יעדן 16 סעפּטעמבער ביינאַכט די צערעמאָניע פונם „גריטאָ“. דער אַספּעקט פון סאָקאַלאָ איז פון באַלקאָן אַראָפּ אָן אויג־פאַרכאַפּנדיקער. קוקן מיר אין אַלע זייטן, רעכטס און לינקס זעען זיך די בערג, וואָס קייטלען ארום די שטאָט. דער פּראָנט איז שוין פאַרשטעלט מיט די הויכע שטאַטישע מויערן.

ביים ארויסגאַנג שטרעקט דער אַלטער קאַמערדינער אויס זיין ווייך הענטל און שמייכלט זיס דערפילנדיק די זילבער מטבעות, וואָס מיר רוקן אים אריין.

---

דער פּאַלאַץ פון די שפּאַנישע וויצע־קעניגן, פון די אומצייד־ליקע מעקסיקאַנער פּרעזידענטן און הערשער שטייט שטום; אין צענטער ביים ארויסגאַנג איז אויף אַ וואַנט אנגעקלאַפּט אַ מעטאַלע־נער אויפשריפט, אַז דאָרט איז אין 1857 געזעסן אַרעסטירט בעניטאָ

כוארעז. ווען ער האָט זיך אַלס וויצע־פּרעזידענט און אינערן־מינים מער קעננעשטעלט אַ געפּלאַנטער מלוכה־איבערקערעניש פון דאַ־ כאַלמריקע פּאָליטיקער.

ווען מען וואָלט אַלע ענלעכע פּאַסירונגען געוואָלט דאָ מיט אויפשריפטן באַצייכענען, וואָלטן די גרויסע ווענט קליין געווען פאַר דעם... אָבער די מאָלעריי פון דיעגאָ ריווערא, וואָס הויבט זיך אָן פון זיין זייט מיט די ליידן פון די אינדיאַנישע שבטים און ציט אַדורך די מעקסיקאַנער געשיכטע ביז היינט ממש, ביז קאַיעסן און זיין גיין אויף דער ווענדקע פון די קאָנסערוואַטיוון און מיליטער לייט, און נאָך ווייטער, ביז די לוחות אין האַנט פון... קאַרל מאַרקס, פירנדיק צו גליק און פרייהייט דאָס אַרבעטנדיקע פאָלק — האָט די מאָ־ לעריי פונם גרויסן פאָלקס־קינסטלער פאַרצייכנט אמבעסטן, די גע־ שיכטע פון מעקסיקע — דאָס אומפארשטענדלעכע לאַנד.

* *
*



# אינהאלט:





די צייכנונגען פון מעקסיקאנער
פאלקסטיפן זענען געמאכט
דורכן קונסט־ליבהאבער
פראפעסאר
אטא רילע.

